# ירושלימער

# אַלמאַנאַך

15

1984

ייִדישע שרײַבער-גרופּע אין ירושלים
פֿאַרלאַג "אײגנס"

JERUSHALAIMER ALMANACH

YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: יוסף קערלער
מיטרעדאַקטאָרן: מאיר חרץ, אפרים שעדלעצקי

ערשטער מיטרעדאַקטאָר: דוד ספּאַרד ז״ל

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון הסוכנות היהודית בא״י
און דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.





נדפס בישראל 1984

בדפוס ״צור־אות״, ירושלים

# אינהאַלט:

## 70 — עד מאה ועשרים!



## קיום



## יידישע קאַפּאָס ביי די סאָוועטישע שונאי ישראל

**אויף דער וואַך פון זכרון**



**שרייבער און ווערק**



**אויפן שרייבטיש...**

אַבֿרהם סוצקעווער

## יום-כּיפּור

פֿון זינט מײַן פֿרומע מאַמע האָט געגעסן ערד יום-כּיפּור,
געגעסן אום יום-כּיפּור שוואַרצע ערד געמישט מיט פֿײַער,
אַ לעבעדיקער, מוז איך עסן שוואַרצע ערד יום-כּיפּור,
און בין אַליין אַ יאָרצײַטליכט געצונדן פֿון איר פֿײַער.

ס'פֿאַרזינקען אומדערבאַרעמדיק פֿון זונפֿאַרגאַנג די מאַסטן,
אַ שטערן צו אַ צווייטן שטערן פֿויגליש טוט אַ היפּער,
נאָר זינט מײַן מאַמע עסט יום-כּיפּור ערד אַנשטאָט צו פֿאַסטן,
פֿון יעמאָלט מוז איך עסן ערד יום-כּיפּור נאָך יום-יום-כּיפּור.

אַ היישעריק האָט ניט געלאָזן מער אויף מײַנע ליפּן,
ווי זאַנגענע צוויי זילבן פֿון אַ וואָרט אַן איינציקס : מאַמע.
באַזונדער פֿון מײַן לײַב-און-לעבן שווימען זיי, די ליפּן,
צום קיניגרײַך ווו ס'האָט געפֿאַסט אַ מאָל מײַן פֿרומע מאַמע.

די שטילקייט צווישן אונדז ווערט שטילער. ביז צום דנאָ אַ שטילע.
און די וואָס עסט יום-כּיפּור ערד פֿאַרנעמט איר זונס געדאַנקען
און תּפֿילה טוט זי, אַז אים זאָל באַשירעמען איר תּפֿילה
בשעת די יאָרצײַטליכט וועט נעמען צאַנקען.

.1983

## דב סדן

# וועגן צוויי יובל־ביכער

### א

ימי שנותינו בהם שבעים שנה ואם גבורות שמונים שנה, טייטש: די טעג פון אונדזערע יאָרן אין זיי — זיבעציק יאָר, און אויב אין שטאַרקייטן — אַכציק יאָר. עס איז, כידוע, אַ בפירושער פסוק אין אַ קאַפּיטל תהילים (צ׳, י׳) וואָס רופט זיך: תפילה למשה, און איז אַריין אין שחרית־דאַווענען פון שבת און יום־טוב. ביי אַזאַ אויטאָריטעט און אַזאַ פּאָפּולאַריטעט, איז נישט קיין חידוש, אַז די דאַטע פון זיבעציק יאָר, לא־כל־שכן פון אַכציק יאָר, איז זוכה צו אַ באַזונדער חשיבות אין לעבן פון אַ יחיד, מה־דאַך פון אַ מאַרקאַנטן יחיד, און זי ווערט באַטראַכט און באַהאַנדלט ווי אַ באַזונדערער שעת־כושר — סיי בתורת־סיבה, סיי בתורת אַנשפּאַר — פאַרן אַפּשאַץ און איינשאַץ פון דעם פאַרשוין, זיין מהות און תוך, זיין רצון און יכולת, זיינע כוונות און מעשים, זיינע אויפטועון און זיין סך־הכל. אמת, אין דער תורה מיינט שנת־היובל נישט זיבעציק, לא כל שכן אַכציק יאָר, נאָר אַ מיט צוואַנציק יאָר יינגער אין צאָל, קומט דאָך דער שנת־היובל נאָך זיבן שמיטות, משמע עס איז גאָר דאָס פופציקטע יאָר. אָבער אַזוי האָט זיך שוין איינגעשטעלט דער מנהג, אַז דער באַצייכן יובל איז חל אויך אַ יעדן אָפּשלוס פון אַ צענדליק יאָר נאָך דעם פופציקסטן יאָר, און מסתמא האָט דער שידוך צווישן וואָרט יובל און צווישן וואָרט יובילעאום — (צוויי באַזונדערע שרשים) — אויך אַ האַנט דערביי.

### ב

ווי ווייט דער כלל איז אַקטועל — באַווייזט דער קאָנקרעטער פאַל, צוליב וועלכן מיר האָבן אים איצט דערמאָנט: דער יובל פון אברהם סוצקעווער, וואָס ווערט איצט, אין כלערליי אופנים, געפּראַוועט, און איך דערלויב מיר אויסצובולטן אַ ספּעציאַלן אופן — דאָס דערשיינען פון יובל־בוך ״ייחוס פון יידיש, לכבוד אברהם סוצקעווער״, וואָס איז איצט דערשינען (תשמ״ד), און פאַרדינט אַ באַזונדערן אויפמערק, נישט בלויז צוליב זיך, נאָר אויך צוליבן עלטערן חבר זיינעם, דער ספר ״יובל־בוך צום פופציקסטן געבוירן־טאָג פון אברהם סוצקעווער״, וואָס איז דערשינען מיט צוואַנציק יאָר צוריק (תשכ״ד).

אוודאי בעט זיך אַ מער פּרעציזירטער און סקרופּולאָטער פאַרגלייך צווישן ביידע יובל־ביכער, און ער וועט מסתמא, פריער אָדער שפּעטער, צושטאַנד קומען, אָבער אויך אַ כללדיקער, רעסומירנדיקער דורכקוק ווייזט אָן, אַז דער פאַרלויף פון

די לעצטע צוויי יאָרצענדליקער האָט געעפנט נישט בלויז אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם דיכטער אין ליכט פון זיין שאַפערישן המשך און חידוש, אין דעם צייט־אָפשניט צווישן יובל און יובל, נאָר האָט אויך באַשטאַרקט די נויטווענדיקייט פון אַ געאַנדערשטער, און אפשר טאַקע אַנדערער, רעטראָספּעקציע לגבי זיין גאַנצן געשאַפענעם יש. בפרט אַז מיר האָבן אין ייִנגערן יובל־בוך לרוב צו טאָן מיט אַ נייערן, ייִנגערן דור, וואָס מיינט אַ נייערע ייִנגערע ביאָגראַפיע, מענטאַליטעט און פּערספּעקטיוו.

## ג

דאַכט זיך, אַז שוין אַ קליינער סטאַטיסטישער פאַרשוינדלעכער דורכקוק באַשטעטיקט עס: דער עלטערער ספר־יובל לכבוד דעם דעמאָלט ייִנגערן בעל־יובל איז באַשטאַנען פון ניין־און־צוואַנציק אַנטיילנעמער, פון וועלכע דריי־און־צוואַנציק זענען נישט מער מיט אונדז, און זיי האָבן געהערט צום סאַמע פּני פון ייִדיש־וואָרט. קודם כל די ווילנער: מאַקס ווײַנרײַך, חיים גראַדע און אלחנן וואָגלער (ראַזשאַנסקי) און מיט זיי ה. לייוויק און אפרים אויערבאַך; מלך ראַוויטש (חנא זכריה בערגנער) און אברהם משה פוקס; אהרן לעיעלעס (גלאַנץ) און יעקב גלאַטשטיין; זלמן שזר (רובאַשאָוו) און יעקב זרובבל (וויטקין); אהרן צייטלין און איציק מאַנגער; רחל קאָרן (הערינג) און יעקב פרידמאַן; שלמה ביקל און אהרן שטיינבערג; יחיאל האָפער און אריה שמרי (ריבא); אברהם רעגעלסאָן, ישעיה ראַבינאָוויטש און ישראל עמיאָט (יאַנאָווסקי־גאָלדוואַסער).

פון די אַנדערע, זיי זאָלן אָפּגעשיידט זיין צו לענגערע יאָר — דער ווילנער מיכאל אסטור (טשערניכאָוו); צוויי היגע: ש. שלום (שלום יוסף שפּירא), דער פאַרהעברעישער פון דער פּאָעמע "סיביר"; (דאַנומלט איז אַרויס אַ צווייטער פאַרמעסט מעשה בנימין הרושאָווסקי); י. גילה (עזרא פליישער), דער פאַר־העברעישער פון דער פּאָעמע "געהיימשטאָט"; און דריי וואָס נעמען אַנטייל איןביידע ספרי־יובל — ישעיהו שפּיגל; אני הקטן, און אחרון־אחרון חשוב: דער נעסטאָר פון אונדזערע קינסטלערס און דיכטערס — מאַרק שאַגאַל.

## ד

אַנדערש שטייט עס מיטן ייִנגערן ספר־יובל לכבוד דעם איצט עלטערן בעל־יובל, מעגלעך, אַז מחמת איך בין דער איינציקער וואָס פיגורירט אין דער רעדאַקציע פון ביידע יובל־ביכער, אין ערשטן מיט זלמן שזר און משה גראָס־צימערמאַן עליהם השלום, אין אַנדערן מיט ישעיהו אברך, חוה טורניאַנסקי, חנא שמערוק, אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט, זיי זאָלן מאריך ימים זיין, שפּיר איך אפשר דעם חילוק אָם שאַרפסטן. אָבער עס איז טאַקע אָביעקטיוו אַ געזעמל, וואָס איז, אין אַן אַנטשיידנ־דיקער מאָס, אַנדערש, ווי עס איז באַשטימט דער אָפּשטאַנד צווישן צוויי ביכער, וועלכע באַגעגענען זיך אין באַשטאַנדיקן פּאַלוס פון זייער בשותפותדיקער ליב־שאַפט — דער ליד פון דעם איצט זיבעציק־יאָריקן מאַן.

ווי ווייט עס שטייט טאָקע אַנדערש מיטן יינגערן ספר יובל, וואָס איז איצט אַרויס פון אונטער דער פרעס — לאָזט זיך אויך אָפּלערנען פון אַ סטאַטיסטיש־פאַרשווינטלעכן איבערקוק — די צאָל פון די אָנטיילנעמער איז ווי די צאָל פון אונדזערע כ״ב אותיות — צו אונדזער טיפסטן לייד האָט זיך איינער דערווייל געפעלט: משה יונגמאַן זכרונו לברכה (״הימען צו די פעלדפן״). און ווידער לאָזט זיך אָנהויבן מיט די ווילנער, און צוערשט גייט וואָס האָט אַ שייכות צו אַלט־ווילנע, כדי מקיים צו זיין דעם מפני שיבה תקום והדרת פני זקן, טייטש: פאַר אַ גרייז־גראָען עלטער זאָלסטו זיך אויפשטעלן און זאָלסט באַשיינען דאָס אָנצליט פון אַ זקן, אַ זקן מיינט אי אַן אַלטן, אי אַ זיידן. עפּנט טאָקע דעם איצטיקן ספר־יובל אַ ייד אַן עילוי, ר׳ שרגא אַבראַמסאָן מיט אַ מחקר וועגן אברהם סוצקעווערס זיידן, הרב ר׳ שבתי פיינבערג, דער מחבר פון ״אפיקי מגינים״ (באַקאַנט ווי דער רב פון מיכאַלישאָק, וואו עס זענען געבוירן אד״ם הכהן, דניאל כוואָלסאָן, און די זין פון דאָרטיקן רב — די ברידער וואָלף און אבאַ גאָרדין). אַ פּירגעשמאַק צו דעם גרונטיקן מחקר (״ענף עץ אבות״), וואָס גייט בראש דעם יינגערן ספר־יובל האָבן מיר געהאַט בראש פון דער עלטערן ספר־יובל — האָט ער זיך דאָך אָנגעהויבן מיט אַ מעמואַר פון ר׳ זלמן שזר (״דער עלטער פעטער און זיין פלימעניק״) — וואו עס רעדט זיך סיי וועגן אונדזער פּאָעטס זיידן, הרב ר׳ שבתי פיינבערג, סיי וועגן זיין עלטער־פעטער, דעם שטויבצער רב, ר׳ שמואל מרדכי ברודני, מחבר פון ״אהלי שם״. אָבער אויב אין פריערדיקן מאמר האָבן מיר געהערט, ווער עס איז געווען דער יענער מיכאַלישקער רב, לערנען מיר דאָ, וואָס ער האָט בעצם געטאָן און אויפגעטאָן אין זיין ״אפיקי מגינים״.

ה

און פון אַלט־ווילנע און איר ירושה צו יונג־ווילנע, און קודם כל צום באַגרינדער פון דער גרופּע ״יונג ווילנע״ — שלמה בעלים, וואָס זיין מאמר ״לידער פון ים המות״ פירט אונדז אויך צוריק צום פריערן יובל־בוך — צו די זכרונות פון מיכאל אַסטור, און דעם קווענקל פון דער גרופּע לגבי סוצקעווערן און אַ פאַרגלייך צווישן דיביידע אַרטיקלען איז אויך אַ שיעור פון תחילה מאי קסבר און לסוף מאי קסבר, משמע, וואָס האָט מען פריער געקלערט און וואָס קלערט מען לבסוף. נאָך יאַני פּיין, אַ חבר פון יענער גרופּע (״אין די פוסטריט פון פּאָעט״), קומען נאָך צוויי ווילנער, ביידע אַקאַדעמיקער. איינער אַן עלטערער און איינער אַ יינגערער, ביידע זענען עולה געווען פאַרן חורבן פון ירושלים־דליטא. דער עלטערער, שמואל ווערסעס, וואָס האָט איינע פון זיינע ערשטע פאַרש־אַרבעטן (וועגן ר׳ יעקב שמואל ביק) פאַרעפנטלעכט אין די פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוואָ און איז אַ באַקאַנטער מומחה אין אונדזער צוויי־שפּראַכיקער ליטעראַטור און האָט זיך אויך פאַרנומען מיט דער עדיציע פון די יידישע כתבים, אָנגעהויבן מיט יוסף פּערל און, לעת עתה, פאַרענדיקט מיט מיכה יוסף בערדיטשעווסקי. יאָרנלאַנג האָט ער באַצירט אין ירושלימער אוניווערסיטעט, און האָט זיין שייכות צו זיין היימשטאָט פּיקסירט

אויך אין זיין פסעוודאָנים (ש. ווילנאי), און אין אונדזער בוך ווייזט ער די היימ־שטאָט פון פאַרן חורבן און אין סאַמע חורבן אין ספּעקטרום פון סוצקעווערס ליד ("די היימשטאָט און געהיימשטאָט"). דער ייִנגערער, שלום לוריא, איז אַ זון פון ר' זעליג־הירש קלמנאָוויטש, דעם גרויסן ערודיט פון די באַגרינדערס און דער־האַלטערס פון ייִוואָ, דאַצירט אויפן אוניווערסיטעט אין חיפה און האָט צווישן זיינע אַרבעטן וואַגיקע ייִדיש־טעמעס (מענדעלע, שלום־עליכם, יעקב שטיינבערג און דאָ, אין זיין פאַרשונג, "נשמת היער", טייטש: דער אָטעם פון וואַלד, באַהאַנדלט ער דעם פּאָעטס פייזאַזש־באַנעם ("וואַלדיקס"). יאָ, צו די ווילנער לאָזט זיך צוגעזעלן טשעסלאַוו מילאָש, דער נאָבעל־פּרייז־געווינער, שוין מחמת זיין השערה וועגן עפּעס אַן אַפיניטעט צו זיין אייגענעם ווילנער ליטוויש־פּויִלישן קאָמפּלעקס. ס'איז אָבער בילעכער זיין ליד ("גליקן אין ווינטערצייט") אַזוי ווי דאָס ליד פון אַדריאַן וואַן דער סטיי ("ראַנדבאַמערקונגען פאַר אברהם"), צו באַטראַכטן ווי אַ פאַרנויג פאַר דער ייִדיש־מוזע.

און נאָך ווילנע, פאַרבעט זיך דאָך ממילא איר שכנה — קאָוונע, און אירע צוויי באַקאַנטע שלוחים: מרדכי ליטווין, און זיין עסיי ("דער דריטער פּעריאָד אין סוצקעווערס פּאָעזיע") און דוד וואַלפע און זיין עסיי ("דורך וואַלדיקס צו דער פידלרויז").

ז

אָבער צוריק צום אַקאַדעמישן צוגאַנג און באַהאַנדל, ווי עס רעפערעזענטירן זיי דאָ פאַרשער, וואָס זענען אַקטיוו אין ייִדיש־קרייז אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט: קודם כל דער איצטיקער אַנפירער — חנא שמערוק, דער מחבר פון אַ שפע פאַרשונגען. פון אַנהויב ייִדיש ליטעראַטור עד היום, וואָס באַהאַנדלט דאָ די שוין דערמאָנטע אַפיניטעט אין אַ בולטן אַספּעקט ("אברהם סוצקעווער און פּוילישע פּאָעזיע: יוליוש סלאָוואַצקי אין דער פּאָעמע: צו פּוילן); און דערנאָך די תלמידים, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן העכער ייִדיש־וויסן און געהערן צום אַקאַדעמישן שטאָב פונעם ייִדיש־קרייז — חוה טורניאַנסקי, געבוירן און דערצויגן אין מעקסיקע, געלערנט אין ירושלימער אוניווערסיטעט, וואו זי האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַלט־ייִדיש און באַהאַנדלט אין איר אַרבעט ("סוצקעווער און אַלט־ייִדיש") זיינע פּרוּוון אין דעם תחום (בעיקר לגבי ר' אליה בחור און זיין "בבא דאַנטונאַ"); יחיאל שיינטוך און אברהם נאָווערשטערן, ביידע געבוירן און דערצויגן אין אַרגענטינע און אַקאַ־דעמיש אויסגעבילדעט אין ירושלים — דער ערשטער, וואָס אַ באַזונדערער מומחה אין דער חורבן־ליטעראַטור (יצחק קאַצענעלסאָן, ישעיהו שפּיגל) און האָט זיך ספּעציאַליזירט אין דעם גרונטיקן דורכפאָרש פון שאַפערישע געשטאַלטן (בעיקר אהרן צייטלין), און האָט אויך, אַ לעת־עתה נישט אַרויסגעגעבענע פולע מאָנאָ־גראַפיע וועגן סוצקעווערס חורבן־פּאָעזיע, ברענגט דאָ אַ ספּעציעלן מחקר ("די ביאָגראַפיע פון ליד: דער צירק"); דער אַנדערער, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין כמה תחומים, דאָרונטער אין דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור, איז דער

מחבר פון דער סוצקעווער־ביבליאָגראַפיע (תשל״ו) און פונעם פּראַכט־אַלבום פון רייכן אַרכיוו, וואָס סוצקעווער האָט איבערגעגעבן אין רשות פון דער ירושלימער נאַציאָנאַל־אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק, און ברענגט פאַר אונדז דאָ אַ מחקר (״דער נאַרציס און דער רעגן״). צום אַקאַדעמישן צירקל געהערט אויך דוד הירש ראָסקעס, וואָס דאָצירט אין ניו־יאָרקער שעכטער־סעמינאַר און האָט דאָ זיינס אַ פאָרשונג (״דער ציקל פון אויפקום אין סוצקעווערס אַ געטאָ־ליד״). דער צד השווה אין די אויסגערעכנטע מחברים איז זייער אַקאַדעמישער סטאַטוס אין באַצי — אַ בולטער סימפּטאָם פאַרן יונגן דור, וואָס צייטיקט נישט אויס קיין ליטעראַטור־שאַפערס (אין די פיר גרונט־געביטן: פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע, עסיי) און מאָנאָפּאָליזירט זיך אין פאָרשערישן תחום, צושטעלנדיק אַ קאַדער פון בלויז וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער. דער צד השונה פון דעם ירושלימער קאָנוועגטיקל, זענען סיי בעל־פה סיי בכתב, מקיים די היימישע צוויי־שפּראַכיקייט, אין לעבן און אַ כמעט אונטערגעגאַנגענעם נעכטן, און רעגן אַן אַ האָפענונג פון אַ זיך אויפפרישנדיקן מאָרגן, אפשר אויך — אין פּראָדוקטיוון, און נישט בלויז אין רעפּראָדוקטיוון שפּראַך־תחום. מי יתן!

ז

און פון ייִנגערן צום עלטערן רייסטער — צוויי וואָס טרעטן אויף אין ביידע ספרי־יובל: ישעיהו שפּיגל און זיין עסיי (״דער נס אברהם סוצקעווער״), און מייַן ווייניקייט אין מייַן מאמר (״צווישן ממש־פּאָעזיע און כביכול־פּאָעזיע״), וואָס איז אויך פאַראַן אין העברעיש־נוסח (״מאזנים״ תשרי תשמ״ד). די עיקר טעמע האָט אויספירלעך באַהאַנדלט יצחק יאַנאַסאָוויטש, אין זיין מאָנאָגראַפיע ״אברהם סוצקעווער זיין ליד און זיין פּראָזע״ (1981), און דאָ ברענגט ער אַן עסיי וועגן דיכטערס בוך ״פון אַלטע און נייע כתב־ידן״.

און מיר ווילן פאַרענדיקן מיט דריי — צוויי באַסאַראַבער: אליהו ליפּינער, דער היסטאָריקער פון אונדזער אלף בית, זיינע גלגולים און אַנטפּלעקן אין נגלה און נסתר, האָט דאָ אַ חקירה וועגן דער טעמע אין דעם בעל־יובלס שאַפונג (״אַן אלף בית פון צוויי און צוואַנציק פליגל״); בנימין יצחק מיכלי (דוכאָווני), אַ וואָגיקער און פרעציזער קריטיקער לאָזט אין זיין עסיי (״מעיר סתרים לאדמה״, טייטש: געהיימשטאָט און גייסטיקע ערד) און בלויז דער טיטל, מה־דאַך דער אַנאַליז, קאָנפראָנטירט דאָ דאָס בוך פון אומקום און דאָס רוב פון אויפקום. און אחרון, גאָר לסוף — דער בוקאָווינער אלכסנדר שפּיגלבלאַט מיט זיין שעדעווערל (״צען לידער״), סלה.

אַ וואָרט דיים וועגן ערן בירגער
פון תּל־אָבֿיבֿ, דעם 18טן
דעצעמבער 1983

ווען דער ראָש־העיר שלמה להט איז צוזאַמען מיט די פאָרשטייערס פון שטאָטראַט געקומען צו מיר אַהיים און געבעטן די הסכּמה מײַנע אָנצונעמען דעם געהויבענעם טיטל: ערן־בירגער פון תּל־אָבֿיבֿ—יפו, האָב איך נאָכן אָפּגעבן און געבן אי דאַנקשאַפט אי הסכּמה, פון דעסטוועגן זיך דערלויבט אים צו פרעגן אַ שאלה:

— פאַר וואָס קומט עס מיר?

— אויב דיר קומט עס ניט, קומט עס אונדז — איז געווען זײַן באַלדיקער ענטפער.

און אויסטערליש איז דער כּוח פון אַ פּיצל וואָרט: זײַן דיר, ס׳הייסט מײַן איך איז באַפליגלט געוואָרן מיט אַ גרויסן אונדז. אָן אונדז וואָס קאָן באַטייטן: אויב ניט דיר, קומט דער ייִדיש־כּבֿוד אונדז, דער עיריה, אונדז, די ייִדן פון תּל־אָבֿיבֿ און אפשר אויך פון דער מדינה. אָבער ס׳קאָן אויך מיינען: דער ייִדיש־כּבֿוד קומט גאָר אונדז, די ייִדישע שרײַבערס אויף דער וועלט און יענער. און דער אַ לעצטער אונדז איז פאַר מיר איצטער דער הויפּטזיניגן און די באַזונדערקייט פון דער היינטיקער באַלאָרבערונג.

*

איך רייד איצטער אין דער לעבעדיקסטער שטאָט אויף דער וועלט, אויף דער לעבעדיקסטער שפּראַך אין דער וועלט: אויף דער שפּראַך פון די טויטע.

אַזאַ אונדזער גורל: ווער ס׳איז ניט אַרײַנגעוואָרצלט אינעם ייִדישן טויט, איז ניט אַרײַנגעוואָרצלט אינעם ייִדישן לעבן. אין דער לעבעדיקסטער שטאָט אויף דער וועלט קום איך איצטער ווי אַ שליח פון יענער־וועלט אָפּצונעמען ערן־בירגערשאַפט פאַר מײַנע חבֿרים־שרײַבערס פון ירושלים־דליטא און די אַנדערע ירושלימס־דגלות, וואָס האָבן געטרונקען דעם גיהנום־ווײַן פון זייער דור און האָבן דורכגעאַקערט ערד און הימל מיט זייערע שניידנדיקע ייִדישע אותיות.

זייער געזאַנג און מן־המצרדיקע תּפֿילה איז געווען אַזוי גרויס ווי זייער פּײַן. און דער הימל איבער זיי האָט ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל שטערן, וויפל גליִענדיקע פונקען עס האָבן שפּעטער אויסגעצאַנקט אין זייער אַש.

אין דער לעבעדיקסטער שטאָט אויף דער וועלט קום איך אָפּנעמען ערן־בירגערשאַפט פאַרן אומבאַקאַנטן ייִדישן פּאָעט, וואָס האָט געשריבן זײַן גרויל־

מגילה אין אַ באַהעלטעניש פאַרן בליאַסק פון זײַנע טרערן; און פאַר מײַן בלינדן געטאָ־שכן, וואָס האָט אויף יידיש־לשון פאַרקריצט אויף אַ וואַנט זײַן צוואה; און פאַרן מקונן וואָס אין מאַסן־קבר פון פאָנאַר האָב איך געפונען זײַנס אַ ליד וואָס ענדיקט זיך אַזוי:

נאָך מײַן טויט כ׳וואָלט געקענט
צום האַרצן צודריקן מײַן קינד,
וואָלט איך געווען דער גליקלעכסטער
פון אַלע טויטע
וואָס זענען ווען ניט איז געשטאָרבן אויף דער ערד.

און פאַרן דיכטער וואָס האָט געסילעט ווערטער־פּערל אַ באַהאַלטענער אין אַ קוימען; און פאַר דעם, וואָס האָט אָנגעשריבן זײַנע געזעגן־שורות אויפן פּאַפּירענעם לײַב פון זײַן אויסגעגוססטן חבר; און פאַרן פליט פון דער וועלט, וואָס האָט געשריבן זײַנע זכרונות אין די קאַנאַליזאַציע־רערן און די מײַז האָבן זיך מער דערבאַרעמט איבער אים, ווי די מענטשנקינדער אויבן.

און איך קום אויך אַפּנעמען ערן־בירגערשאַפט פאַר מײַנע חברים־פּאָעטן דאָ אין לאַנד און אין אַנדערע לענדער, וואָס לעבעדיקערהייט זענען זיי אויפגעשטאַנען תחית־המתים און זענען ווערדיקע יורשים פון די ניטאָיִקע. און זיי, די ניטאָיִקע, באַגלייטן שטענדיק דאָס יידיש־געזאַנג פון די לעבעדיקע, ווי טויטע וואָלטן שפּילן פידל.

*

״תפילה צום נס״ — איז דער נאָמען פון מײַנס אַ ליד, וואָס כ׳האָב דעם 23סטן נאָוועמבער 1942 אָנגעשריבן אין ווילנער געטאָ. און דאָס ליד איז אין געטאָ פּאָפּולער געוואָרן ביי די לעצטע, וואָס נאָך אַנאַנד זענען זיי געוואָרן **לעצטערע**, דערעיקרשט מחמת די לעצטע צוויי שורות:

פאַרלויף דעם וועג! אויב ניט וועט דיר פאַרדריסן,
ווײַל אויך אַ נ ס מוז האָבן אַ געוויסן.

מײַן תפילה צום נס, אין געטאָ, איז מסתמא פאַרנומען געוואָרן. זײַן געוויסן האָט אַ ציטער געטאָן... און אפשר איז דעם נס געפעלן געוואָרן מײַן תפילה צו אים און ער איז דעריבער געוואָרן מײַן היטער און באַשיצער?

— אַדורכגעניסימט איז מײַן לעבן און דער נס דער גרעסטער
וואָס אויך אין גיהנום האָסטו מיר געשאָנקען חלום, שוועסטער.

די אָ צוויי שורות האָב איך שוין געשריבן אין תל־אביב אין פערציק יאָר אַרום. און צו חלום איז מיר געקומען דער חלום, וואָס דער נס האָט מיר געשאָנקען: אויב נאָר, האָב איך יעמאָלט, אינעם אָרון פון געטאָ, צו אים געשעפּטשעט, וועסט מיך אויסלייזן, וועל איך דיר זינגען יידיש־לידער אויף אייגענער ערד, אויף אַרץ־ישראל־ערד... אַז דו זאָלסט פון זיי הנאה האָבן און דיין געוויסן זאָל תמיד וואַך זיין.

און אָט איז מיין שהחיינו, ווען אין סעפּטעמבער 1947 בין איך זוכה געווען צו קומען און לעבן אויף אייגענער ערד אין תל־אביב:

ווען כ׳וואָלט ניט זיין מיט דיר בייַנאַנד,
ניט אָטעמען דאָס גליק און ווי דאָ, —
ווען כ׳וואָלט ניט ברענען מיטן לאַנד,
וווּלקאַניש לאַנד אין חבלי־לידה;
ווען כ׳וואָלט אַצינד, נאָך מייַן עקדה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל איז מייַן זיידע —
געזעטיקט וואָלט מיך ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מייַן גומען.
ביז אויסגעגאַנגען כ׳וואָלט פאַרגוי׳ט
און בלויז מיין בענקשאַפט וואָלט געקומען.

אַבְרָהם סוצקעווער



# פייערונגען...

## ערן-בירגערשאַפֿט פֿון תל-אביב

די תל־אביבער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג האָט צוגעטיילט דעם גרויסן ייִדישן דיכטער **אברהם סוצקעווער** דעם בכבודיקן טיטל **״ערן־בירגער פֿון תל־אביב״.**

## אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער ייִדיש-קאָנפֿערענץ אין אָקספֿאָרד

אין יולי 1983 איז אין אָקספֿאָרד, אין משך פֿון 5 טעג, אָפּגעהאַלטן געוואָרן די אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנפֿערענץ פֿאַר דער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטע־ראַטור. הונדערט געלערנטע פֿון ייִדיש האָבן אָנטיילגענומען אין דער קאָנפֿערענץ און אַן ערך זיבעציק פֿון זיי האָבן געהאַלטן לעקציעס איבער דער געשיכטע פֿון דער שפּראַך און ליטעראַטור, דער אַנטוויקלונג פֿון דער מאָדערנער און הײַנט־צײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור, דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר און אַנדערע שכנותדיקע געביטן.

אַ הויכפּונקט פֿון דער קאָנפֿערענץ איז געווען דאָס אָפּגעבן כבוד דעם גרויסן ייִדישן דיכטער **אברהם סוצקעווער** צו זיין ווערן אַ בן־שבעים. ביי אַ פֿייערלעכן אָוונט האָבן גערעדט איבער סוצקעווערס שאַפֿונג פּראָפֿ. שמערוק און ד״ר **רות וויס** (מעקיל־אוניווערסיטעט). אברהם סוצקעווער, וועלכער איז ספּעציעל פֿאַרבעטן געוואָרן צו דער קאָנפֿערענץ, האָט פֿאָרגעלייענט פֿאַרן באַגייסטערטן עולם פֿון זיין דיכטונג.

## אין ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט

דעם 10טן נאָוועמבער 1983, האָט דער פּרעזידענט פֿון העברעישן אוניווערסיטעט און דער דירעקטאָר פֿון דער נאַציאָנאַל־און אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אויפֿ־געעפֿנט אַן אײַנדרוקספֿולע אויסשטעלונג לכבוד אברהם סוצקעווער — צו זײַן ווערן אַ בן־שבעים.

די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק האָט אַרויסגעגעבן אַ נײַע אויפֿלאַגע פֿון אברהם סוצקעווערס זעלטענער זאַמלונג ״וואַלדיקס״ און אַן אַרומנעמיקן קאַטאַלאָג וועגן זיין לעבן און שאַפֿן. דעם קאַטאַלאָג האָט צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט דער יונגער ייִדיש־פֿאָרשער ד״ר **אברהם נאָווערשטערן.** אַלגעמיינע רעדאַקציע — ד״ר מרדכי נדב.

מיט אַן אַריינפֿיר־וואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער נשיא פֿון אוניווערסיטעט

פראָפ׳ דן פּאַטענקין. די פּראָפעסאָרן דב סדן און חנא שמערוק האָבן געהאַלטן באַ־לערעוודיקע רעפעראַטן וועגן די שאַפונגען פון דיכטער.

דער בערמאַן־זאַל פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק איז געווען איבער־פולט מיט געסט, צווישן וועלכע סע זענען געווען אַ סך יידישע און העברעישע שרייבער, וויסנשאַפטלער, קולטור־טוער און סטודענטן.

מיט גרויס אינטערעס האָט דער גרויסער עולם זיך איינגעהערט, ווען אברהם סוצקעווער האָט געלייענט זיינע לידער פון פאַרשידענע צייטן.

## אַברהם סוצקעווער — אין שפּאַניש

דער דיכטער אליהו שאַקער האָט איבערגעזעצט אין שפּאַניש אַ בוך לידער פון אברהם סוצקעווער. צו דער געלעגנהייט פון סוצקעווערס ווערן אַ בן־שבעים איז דאָס בוך דערשינען אין אַ שפּאַנישן פאַרלאַג און מיט גרויס לויב אויפגענומען געוואָרן מצד די אָרטיקע ליטעראַרישע קריטיקער.



מאָסקווע — 1946. פון רעכטס אויף לינקס: חיים גראַדע, דוד בערגעלסאָן און אברהם סוצקעווער

# קינס

אהרן אַפּלפעלד

## אין מיט וועג

(קאַפּיטל פון אַ ראָמאַן)

ער האָט געוואָגלט פון אָרט צו אָרט, נישט געוווּסט צי אויף צפון אָדער אויף דרום. די וואַקזאַלן זענען ענלעך געווען איינער צו דער אַנדערער. די זעלבע אויפזעער. די זעלבע זשאַנדאַרן. די זעלבע הורן וואָס האָבן פאַרקויפט אומפאַרשעמט זייערע קערפּערס. ער האָט אויסגעלערנט עטלעכע רוטענישע ווערטער, ווי סע לערנען זיך אַרעסטאַנטן אין דער תפיסה. די מאַמע זיינע האָט ער נישט געפונען. איר פּנים איז אים פאַרלוירן געגאַנגען. בלויז אין די נעכט האָט זי זיך צו אים דערנענטערט ווי אַ דאַרשטיקער פויגל צום וואַסער.

נישט איין מאָל האָט ער זיך אַנגעשיכורט, באַקומען קלעפּ און צוריקגעשלאָגן. דעם זינען האָט ער אָבער נישט פאַרלוירן. ער האָט באַדינט די פערד ווי ער וואָלט זיי שולדיק געווען אַ חוב. אויף דער מאַמען זיינער האָט ער אויפגעהערט נאָכ־צופרעגן זיך, זיינע טענות צו איר האָבן אָבער נישט אויפגעהערט אויך ווען ער האָט געבענקט נאָך איר. שטענדיק האָט זי פאַרשפּעטיקט, תמיד זענען צעשטערט געוואָרן אירע פּלענער. מיט דער צייט איז זי געוואָרן נאָכגיביקער, זיינע טענות האָבן אָבער נישט אויפגעהערט. אין אים אַליין איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. אין אופן פון זיין עסן און ווי ער האָט געפּאַשעט די פערד, אין אופן פון דערמאָנען זיך. שעהן איז ער געזעסן בייַ דער קאַרעטע, געקוקט אַרום. אַ מאָדנע געפיל האָט אים געעקבערט. געמיינט האָט ער אָבער אַז דאָס געפיל וועט פאַרבייַ. די פויערן האָבן אים געהאַלטן ווי אַן אייגענעם, האָבן אים קיין מאָל נישט חושד געווען אַז ער איז אַ פרעמדער. בייַ די ראַגאַטקעס האָט מען דורכגעלאָזט, נישט קאָנטראָלירט זיינע דאָקומענטן. די מלחמה איז שוין געווען אין סאַמע מיט. דאָ האָט מען דאָס אַזוי בולט נישט געזען. ווען נישט די וואַקזאַלן וואָס האָבן יעדן טאָג אויפגענומען אַזוי פיל פאַרטריבענע, וואָלט דער רויִקער האַרבסט געהערשט מיטן שלל פון זייַנע פאַרבן.

יעדעס מאָל האָט זיך פאַר אים פאַרבייגעשלייכט אַ פרוי, ענלעך צו זיין מאַמען. דאָס זענען געווען יידישקעס וואָס זענען אַנטלאָפן פון די באַן־סטאַציעס. אָפּגעצערטע און דערשראָקענע זענען זיי געווען. זענען אַריבער די סטעזשקעס, געקלעטערט איבער די פּאַרקאַנעס און פאַרשווונדן אינעם טונקעלן גרינס.

„וואָס וויל מען פון זיי ?" — האָט ער אַ פרעג געטאָן איינעם פון די זשאַנדאַרן אין אַ לייכטן דייטש, יענער זאָל פאַרשטיין.

„יידן זענען זיי" — האָט געענטפערט דער זשאַנדאַר, און צו טאָן אַ פינטל מיטן אויג.

„וווהין פירט מען זיי ?"

„צו זייער גורל".

„וואָס הייסט ?"

„איך ווייס נישט. מסתמא וויל אַזוי גאָט".

„מ׳טאָר נישט פייניקן קיין מענטשן !" — האָט רודי נישט אויפגעהערט.

„ריכטיק", האָט דער זשאַנדאַר געענטפערט זיך אויפשטעלנדיק פון זיין אָרט.

דער געדאַנק אַז די וואָס זיצן דאָ און פרעסן פעטע שניטקעס זענען די וואָס פייניקן אין די נעכט די מענטשן, האָט פּלוצים אַרויסגערופן אין אים אַן אויפברויז. ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, באַצאָלט דעם חשבון.

אָט אין אַזאַ אָוונט האָט ער ביי איינעם אַ בוים באַמערקט אַ מיידל. יענע איז געווען אַזוי דערשראָקן, אַז זי האָט אפילו נישט געפּרוּווט אַנטלויפן פאַר אים. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין אַ שטיק האָלץ, ווי עמעצער וואָס טרינקט זיך. „מיין נאָמען איז רודי", האָט ער אַ זאָג געטאָן. דאָס האָט אפנים איר נאָך מער דערשראָקן. זי איז צו אים צוגעפאַלן, געבעטן זיך ביי אים: „הרגע מיך נישט".

„וואָס פעלט דיר עפּעס אײַן ?", האָט ער געזאָגט און זיך איינגעבויגן צו איר.

„איך האָב מורא", האָט זי נאָך באַוויזן אויסצושעפּטשען, און זי איז פאַרחלשט געוואָרן.

ווייזט אויס אַז דאָס איז געווען פון מידקייט. ער האָט זיך צוגערוקט צו איר אויף די קני. זי האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. „לאָז אָפּ אַ וויילע", האָט ער זיך געטראַכט. און איז באַלד אָוועק צו זיינע פערד זיי געבן אַ טרונק. די דאָרשטיקע בעלי־חי האָבן אויסגעזשלאָקעט דאָס גאַנצע וואַסער פון די עמערס.

אַ ביסל שפּעטער, אַז זי האָט זיך נישט אויפגעוועקט, האָט ער אַרויסגענומען דער מאַמעס ווינטערדיקן מאַנטל מיט די פּאַסן און אײַנגעדעקט דערמיט דאָס מיידל. וואָס האָט מיט דעם מיידל פּאַסירט, ווי אַזוי איז זי אַנגעקומען אַהער ? אַלץ וואָס מיט אים איז געשען די לעצטע טעג, האָט אויסגעזען ווי אַ חלום. אויך דאָס זוכן די מאַמע איז ביי אים געווען ווי דאָס טאַפּן פון בלינדע. איצט האָט אים אויס־געדאַכט אַז דאָס מיידל ברענגט אים עפּעס אַ פאַרטרוילעכע בשורה. ער האָט אָנגעצונדן דאָס פייער, פאַרבריט דעם טשייניק. דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן צוליב געוווינטשאַפט. מעכאַניש, האָט אַרויסגעבראַכט דער מאַמעס געזיכט אין אַ שטאַרק ליכט. פון דער נאָענט האָט ער זי געזען: דאָס פּנים ווי תּמיד, דער קאָפּ באַדעקט מיט אַ הוט פון ברייטע שלעפעס. אַ לײַכטע פרייד איז געווען אויסגעגאָסן אויף אירע ליפּן.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. ער האָט זיך אײַנגעהילט אין דער דעק. די שוואַרצע קאַווע האָט אים געמאַכט וואַכעדיק. געזען האָט ער פאַר זיך דעם וועג וואָס ער

האָט דורכגעמאַכט מיט זיין מאַמען: דאָס אויסגעליידיקטע גאַסטהויז אין ראַזמאַרין, דאָס מוראדיקע הויז. דער פּחד די מאַמע זאָל אים נישט פאַרלוירן גיין אין אָט דער גרינער וויסטעניש, האָט אים געשטעלט אויף די פיס. ער איז צו צו די פערד. די נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט טונקל און פייכט.

אַ גאַנצע נאַכט איז ער אַרומגעגאַנגען. עטלעכע מאָל האָט ער זיך איינגעבויגן איבערן מיידל, צו זען ווי זי רעאַגירט. זי איז געווען גאַנץ יונג, אָפּגעמאַגערט. מיטן ערשטן טאָגליכט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז זי האַלט כּלל נישט ביים אויפוועקן זיך. ווען די זון האָט אָבער אויפגעשיינט, האָט זי מיט אַ מאָל דער־וואַכט, געבליבן שטייען אויף אירע פיס. רודי איז געווען איבערראַשט, זיין שטוינונג האָט ער באַהערשט און געזאָגט שטיל: גוטמאָרגן. דערהערנדיק רודיס קול האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן קאָפּ, אַ קליין קעפּל אויף שמאָלע אַקסלען.

"איך האָב פאַר דיר אַ וואַרעם גלאָז קאַווע", האָט ער געזאָגט.

"צוואָס?", האָט זי געענטפערט. באַלד זיך צעשמייכלט, ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט אַז נישט אַזוי ענטפערט מען.

רודי האָט איר געמאַכט אַ קאַווע. זי האָט גענומען דאָס גלאָז אַן אַ וואָרט, עס דערנענטערט צו אירע ליפּן.

"הייס", האָט זי געזאָגט, "אָבער גוט".

"פון וואַנען ביסטו?"

"פון דער באַן־סטאַציע. לאַנג געוואַרט דאָרט. קיינער איז אָבער אונדז נישט געקומען נעמען. כ'בין געווען דאָרשטיק, בין איך אַוועק זוכן אַ טרונק".

"טרינק", האָט ער איבערגעריסן אירע רייד. זי האָט אויסגעזען אַ דרייצניעריק מיידל. ביים הויכן בוים איז זי אָבער געווען נאָך קלענער, ייִנגער. איר פּנים איז געווען פאַרחידושט.

"ביסט אַנטלאָפן?"

"ניין. מיין מאַמע האָט מיר געהייסן גיין צום ברונעם, בין איך געגאַנגען. ווען כ'בין אָבער צוריקגעקומען זענען זיי שוין נישט געווען".

"און זינט דאַן וואַגלסטו אַרום?"

"יאָ. פון וואַנען ווייסטו דאָס"?, האָבן אירע אויגן אויסגעדריקט נאָך מער שטוינונג.

"כ'האָב זיך פאַרגעשטעלט", האָט געענטפערט רודי און עפּעס פון איר פאַר־ווונדערונג האָט אויך אים אָנגעשטעקט.

דער פּחד האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. איר אויס־געמאַגערט, ברויין פּנים האָט אָנגענומען אַ טעמפּע סתמקייט.

"ווי רופט מען דיך?"

"מיין נאָמען איז ערנאַ, אַלע רופן מיך ערנאַ".

די מאָרגן־ליכט איז איצט געווען טונקל און פייכט. נידעריקע וואָלקנס האָבן געשוועבט איבער די ביימער־שפּיצן. געווען קאַלט און רודי האָט איר געגעבן די

װאָלענע גרינע קורטקע פֿון זײַן מאַמען. זי האָט עס אָנגעטאָן. דער מלבוש איז איר דערגאַנגען ביז איבער די פּיס.

״שלעכט וואָס איך צעטרענצל דער מאַמעס מלבושים״, איז אים אַדורך אַ בייזע מחשבה אינעם מוח. ער האָט אָבער באַלד געפֿונען אַ פאַרענטפערונג: ״די מאַמע וועט נישט בייז זיין אויף מיר. זי האָט שטענדיק ליב געהאַט צו העלפֿן מענטשן״.

״און דו, פֿון וואַנען ביסטו?״ האָט זי אים פּלוצים אַ פֿרעג־געטאָן.

״פֿון דער ווייט״.

״דו ביסט אַ ייד?״

״יאָ״.

אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים: ״דו ביסט נישט ענלעך אויף אַ ייד״.

״פֿאַרוואָס?״

״איך ווייס נישט״.

רודי האָט אַרויפֿגעצויגן אַן עמער וואַסער פֿונעם ברונעם, האָט געוואַשן די פֿערד און זיי געגעבן שעטזקע. די האָפֿענונג דאָס מיידל זאָל אים ברענגען אַ פֿריילעכע ידיעה איז אויסגערינען. ער איז געוואָרן פֿאַרטראַכט אין זיך, אין זיין הונגער און אין דער צוגרייטונג פֿונעם קרויט־סאַלאַט. נאָכן ענדיקן האָט ער זיך אָנגערופֿן סתם אַזוי, ווי נישט צו איר וואָלט ער גערעדט: ״וועסט עפּעס עסן?״

״יאָ, כ׳בין הונגעריק״.

ער האָט איר דערלאַנגט ברויט, אַ ביסל פֿונעם קרויט־סאַלאַט און געראויכערט פֿלייש. ״דו ביסט אַ יידיש קינד?״, האָט ער גערעדט נישט קוקנדיק דערביי אויף איר.

״איך? אוודאי. זיי האָבן מיך געיאָגט ביז אַהער. וואָס ווילן זיי פֿון מיר?״.

״אַ נישט־דערבאַקענע״, האָט רודי געטראַכט. לסוף האָט דאָס מיידל אויפֿגעגעסן ביזן סוף. אַ שפּאַטישער שמייכל פֿון צופֿרידנקייט האָט אויף אַ רגע גע־קנייטשט אירע ליפּן.

״און וואָס האָסטו בדעה צו טאָן?״

״איך ווייס נישט. מיינע עלטערן וועלן מיך מסתמא אָפּגעפֿונען. זיי וועלן מיך נישט לאָזן אויף הפקר. זיי האָבן מיך ליב״.

״און ברידער האָסטו?״

״יאָ, צוויי קליינע ברידערלעך. זיי האָבן די גאַנצע צייט געקוויטשעט און דערצאַרנט מיין מאַמען. אויף דער באַן־סטאַציע זענען געווען אַ סך מענטשן. דער טאַטע האָט זיי געשלאָגן און זיי האָבן נאָך מער זיך צעשריגן״.

״און דו האָסט זיי ליב?״

״יאָ, אָבער די מאַמען האָב איך מער ליב ווי זיי״.

רודי האָט איר געקענט זאָגן, זי זאָל גיין איר וועג, מסתמא וועט מען זי געפֿינען; אָדער פּשוט איינשפּאַנען די פֿערד און זי איבערלאָזן דאָ. זי וואָלט קיין

רחמנות ניִשט געבעטן. אַזוי האָט ער אָבער נישט געטאָן. נישט ווייל דאָס האַרץ האָט דאָס אים נישט געלאָזט, נאָר ווייל מ׳פאַרטרייבט נישט קיין הונט וואָס טשעפּעט זיך צו.

״גיי אַרויף״, האָט ער געזאָגט. זי איז אַרויף אויפן וואָגן.

ער האָט פאַרקערעוועט אויף צפון און באַלד געענדערט די ריכטונג. ביי דער נאָענטסטער באַן־סטאַציע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. געפרעגט צי יידן זענען פון דאָרט געטריבן געוואָרן. דער ענטפער פונעם בופעטשיק איז געווען קלאָר: ״מיט עטלעכע טעג צוריק, נישט פיל. מיט אַ לאָסט־באַן״. ער האָט געפרעגט, כאָטש זיין האַרץ האָט נישט געוואָלט גלייבן אַז זיין שיינע מאַמע וועט האָבן דעם זעלבן גורל ווי די אומגליקלעכע וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן.

צוריקגעקומען פון דער באַן־סטאַציע, האָט ער געפרעגט ערנאָן: ״ווי פילסטו זיך ?״.

״גוט״, האָט זי געזאָגט, ״איך האָב איינגעדרימלט״.

״איך האָב דיר געבראַכט אַ קיכל״.

״אָ, אַ שיין קיכל איז דאָס״, האָט זי געזאָגט און גענומען עס פון זיין האַנט.

ער איז ווידער אַרויס אינעם וועג אַריין. דער האַרבסט האָט געגעבן קלאָרע צייכנס: נעפּל, דריבנער רעגן. ער האָט אויסגעשפּרייט דעם ברעזענט איבער דעם וואָגן. דאָס האָט אים אַ ביסל אָפּגעשוואַכט. די בענקשאַפט נאָך דער מאַמען וואָס האָט די גאַנצע צייַט טיף אין אים געגנאָגט, האָט אים אָנגעפּולט מיט אַ שאַרפן ווייטיק. ״מאַמע, וווּ ביסטו. גיב פון זיך אַ סימן און איך קום. אָן אַ סימן וועל איך דיך נישט דערגרייכן״. און אַז קיין שום צייכן איז נישט געקומען, איז ער אַרויס אין וועג — גיכער פון אַלץ כדי נישט צו שטיין אויף איין אָרט.

״און וואָס טוען יידן אום שבת ?״

״ווייסט טאָקע נישט ? מען צינדט ליכט. די מאַמע היט דאָס שטאַרק אָפּ. דער טאַטע אָבער גייט נישט אין שיל אַריין. אַפילו ראש השנה גייט ער נישט״.

״און דו גלייבסט אין גאָט ?״

״יאָ. פאַרוואָס פרעגסטו ?״, האָט זי אויפגעציטערט.

דאָס פאַרן האָט איר איינגעשלעפערט. עטלעכע מאָל האָט רודי פאַרהאַלטן דעם וואָגן, זיך איינגעקוקט אין איר: אַ שמאָל פּנים, אַ פאַריסן נעזל מיט אַ לייכטן אָפּנייג אויף רעכטס, לאַנגע אויערן, טונקל־ברוינע האָר. נישט ספּעציעל קיין שיינע. זי איז אָבער געווען רויִק און נישט געשטערט. ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען: די מאַמע האָט געגנוג די צוויי קליינע ברידערלעך וואָס דערגייען איר די יאָרן מיט זייערע קוויטשערייען. זי אַלנפאַלס וועט קיינעם נישט באַלעסטיקן.

רודי איז געפאָרן און געחלומט אויף דער וואָר. יעדעס מאָל האָט ער געמוזט אָנקומען צו אַ פלעשל משקה. ער האָט זיך אָבער נישט אָנגעשיכורט. דער געדאַנק איז געבליבן קלאָר אַזוי ווייט, אַז ער האָט כסדר ווי געהערט די שטילע שעפּטשערייען פון דער מאַמען. יענע זענען אַנדערש, באַשטימט זענען זיי אַנדערש. ער האָט ווי געהערט דער מאַמעס קול. די שעפּטשערייען האָבן געהאַט אַ מעלה.

ער האָט אָבער פֿאַרגעסן אַז ער האָט אויך נישט ווייניק טענות געהאַט צו דער מאַמען זײַנער מכוח דעם לעבנסשטייגער פֿון די יידן. דאָס אַלץ איז געווען איצט פֿאַרבײַ. איצט האָט ער בײַ ערנאַ געלערנט אַנדערע סודות. דעם אַכטן טאָג פֿון לעבן איז מען זיי מל. ער האָט דאָס פֿריער נישט געוווסט. ערשט זי האָט אים דאָס דערציילט.

אומבאַמערקט איז דער רעגן געוואָרן אַ האַגל. טייל מאָל זענען זיי געשלאָפֿן אין די צערויבטע און אויסגעליידיקטע יידישע הייזער. ספֿרים האָבן אין די הייזער נישט געפֿעלט. אין איינעם פֿון די הייזער האָט ער געפֿונען אַלע שיינע בענדער פֿון גרעצס יידישער געשיכטע. ער האָט זיי מיטגענומען מיט זיך.

ערנאַ האָט גיך אויסגעלערנט אַלע מלאכות, זי איז אים נישט געווען צולאַסט, זי האָט געקענט געבן עסן די פֿערד, זיי אָנפּאָיען, מאַכן קאַווע, אפֿילו באַקן ברויט. יעדע וואָך האָט ער פֿאַרקויפֿט עפּעס אַ מלבוש פֿון דער מאַמען, און פֿאַרן געלט אײַנגעקויפֿט פּראָדוקטן. דאָס זעקעלע צירונג האָט ער נישט גערירט. ר׳האָט עס אָנגעבונדן אויפֿן האַלדז און באַשלאָסן: ביז איך וועל זי נישט געפֿינען, נעם איך דאָס פֿון האַלדז נישט אַראָפּ. זיין מוח איז פֿול געווען מיט באַגערן, חלומות, אַבערגלויבנס.

וואָס עס וועט זיין, און וואָס וועט ער טאָן ווינטער, אין דער קעלט, וועגן דעם האָט ער נישט געטראַכט. דאָ און דאָרט האָבן זיי אָנגעטראָפֿן אַ יידישע פֿרוי, אָדער אַ יידיש קינד. יענע זענען פֿאַרביי ווי די שאָטנס פֿונעם וואַלד. דער געדאַנק אַז די שאָטנס וואָס לויפֿן פֿאַרביי ווי אַן אימה, ווייסן דעם סוד, האָט נישט געלאָזט צו רו. ביי איינע פֿון די קרייצונגען איז פֿאַרביי אַ פֿרוי און ער האָט באַשלאָסן זי צו דעריאָגן. אַ היבשע צייט איז ער איר נאָכגעלאָפֿן. יענע איז אָבער געווען פֿלינקער, געשיקטער, — זי איז פֿאַרשוווּנדן. צוריקגעקומען איז ער אַ דענערוויר־טער. ערנאַ האָט זיך צוגעוווינט און געזעסן אײַנגעשרומפּן אינעם הינטערשטן קאַסטן, זי האָט זיך אָנגערופֿן בלויז ווען מ׳האָט איר עפּעס געפֿרעגט. אויך דאַן האָט זי דאָס געטאָן אין געציילטע ווערטער. ביי איינע פֿון די סטאַציעס איז אים איינגעפֿאַלן זי צו פֿרעגן צי די פּויערן האָבן זי געשלאָגן. ווי אַן ענטפֿער האָט זי אויסגעצויגן דעם לינקען פֿוס, אים געוויזן אַ גרויסע ברייטע וווּנד פֿול מיט אייטער.

”פֿאַרוואָס האָסטו דאָס מיר נישט פֿריער געזאָגט?”

”שאַדט נישט. איצט טוט דאָס שוין ווייניקער וויי”.

די קעלט האָט זיך געשטאַרקט יעדן טאָג. די שייטערן האָבן נישט דערוואַרעמט. נאָך ערגער איז געווען — די פֿרעמדקייט. ערנאַ איז געווען דאָס איינציקע וועזן מיט וועלכן ער האָט געקענט אויסבייטן אַ וואָרט. דאָס רעדן איז אָבער שווער געווען, ריכטיקער: זי האָט נישט געקענט רעדן. פֿאַרוואָס טרייבט מען דאָס אַרויס די יידן, וווּהין טרייבט מען זיי? — דאָס איז געווען אַ פּלאָנטער, נישט אַרויסצו־קריכן פֿון אים. אינעם דאַזיקן נעפּל זענען אירע געדאַנקען ווי דערשטיקט געוואָרן. אויך לגבי זיין מאַמען איז די אומקלאָרקייט געווען גרויס. ער האָט געדענקט דאָס פּאַקן זיך אין איילעניש, די לויפּנדיקע באַן און ווי אירע פֿיס האָבן אָנגערירט די

ערד פון איר היימלאַנד. עפּעס רעליגיעזעס איז געווען אינעם דאָזיקן אַהיימקום. דערנאָך די יידישע אַכסניהס, ערטער ווו זי האָט געטראָפן מענטשן און געווען דערפון טיף גערירט.

אין מיטן דערין איז ער קראַנק געוואָרן. עטלעכע טעג האָט ער נישט געלאָזט די קראַנקייט זאָל אים באַהערשן. ער האָט געטראַטעוועט איבער פלאַכלאַנד, געגלייבט דערביי, אַז די קאַלטע לופט וועט אים אויסהיילן. די מחלה איז אָבער געוואָרן שטאַרקער, ביז לסוף האָט אים אָנגעהויבן ברעכן די פיס. אַ קעלט האָט אים געשווידערט. ר׳האָט מער אויף די פיס נישט געקענט שטיין. ערנאַ האָט זיך דערשראָקן, אָבער ווי דער שטייגער ביי אַ מיידל פון אַן אָרעמער שטוב מיט אַ סך קינדער, איז זי גיך געקומען צו זיך. זי האָט צעצינדן אַ שייטער און אים געמאַכט הייסע טיי.

די נאַכט איז צוגעפאַלן ווען זיי זענען שוין געווען נאָענט צו אַ פאַרלאָזט יידיש הויז. דאָס איז געווען אַ גרויס הויז, אָבער אָן פענצטער, אָן טירן. עטלעכע ספר־תורהס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. ערנאַ האָט אים אוועקגעלייגט אין אַ ווינקל, אים צוגעדעקט מיט צוויי קאָלדערס. די פענצטער־עפענונגען האָט זי פאַרשטופּט מיט זעק.

וואָס געבן דיר, האָט זי כסדר געפרעגט. ער האָט געמורמלט אָפּגעריסענע האַלבע ווערטער, וועלכע זי האָט נישט פאַרשטאַנען זייער באַטייט. לסוף האָט זי אים צום קאָפּ צוגעלייגט אַ נאַסע שמאַטע וואָס האָט אים געקילט דעם צעהיצטן שטערן. ער האָט אויפגעהערט רעדן.

אויף צומאָרגנס האָט רודי די אויגן נישט געעפנט. ערנאַ איז געזעסן ביי אים, נישט אַראָפּגענומען פון אים דאָס אויג. זי האָט געוואַרט צו הערן פון אים אַ וואָרט, אים געפּרווט אַריינגעבן טראָפּנס טיי אין מויל. ער איז געלעגן מיט אַ בלאַס פּנים, זייער קראַנק. די זאָרג האָט געעקבערט איר מוח. אין דער גאַנצער בהלה האָט ערנאַ אָבער נישט פאַרגעסן די פערד, זי האָט זיך רויק מיט זיי פאַרנומען, צו זייער צופרידנקייט. די פּראַקטישקייט וואָס זי האָט, ווייזט אויס, דערוואָרבן ביי איר מוטער איז געווען אין אירע הענט. זי האָט אים אויף אַ רגע נישט פאַרלאָזט, אויך ווען עס איז געוואָרן שטאָק פינצטער. אַ סך מחשבות זענען ארומגעלאָפן אין איר קאָפּ. זי האָט געטראַכט וועגן דער מוטער און פאָטער, וועגן אירע צוויי קליינע ברידערלעך, אָבער מער ווי אַלץ האָט זי געזאָרגט פאַר דער מאַמען. דעם פאָטער האָט זי ווי תמיד געזען אַ בייזן, אַן אויפגערעגטן.

״מאַמע, מאַמע״ — האָט רודי ווי געפּליסטערט פון היץ. ער איז זייער שוואַך, האָט ערנאַ געטראַכט און אים אָנגעריבן אַן עפּל. זי האָט געגלייבט, אַז דאָס וועט אים געזונט־מאַכן, אפשר דערפאַר ווייל אַ מאָל, ווען זי איז געווען זייער קראַנק, האָט די מאַמע איבער איר זיך אַראָפּגעבויגן און איר אַריינגעשעפּטשעט שטיל אין אויער: פאַרזוך דאָס. דאָס איז טאַקע געווען דעמאָלט אַ צעריבענער עפּל.

דאָס אייז אין דרויסן האָט מען אָבער נישט געקענט באַהערשן, פון טאָג צו טאָג האָבן זיך געשטאַרקט די צפונדיקע ווינטן וואָס האָבן לסוף געבראַכט דעם

שניי־שטורעם. ערנאַ איז נישט געזעסן ליידיק. די טירן האָט זי פאַרשטאָפּט מיט זעק און שמאַטעס. די פערד האָט זי אַריינגענומען אינעווייניק. אַן אָפּן הויז איז דאָך בעסער ווי גאָרנישט.

״איך וויל שטאַרבן״, האָט זי געהערט רודיס קול.

״מען טאָר נישט״, האָט זי אים געזידלט, אויפן קול, כדי ער זאָל זי דערהערן. אין האַרצן האָט זי זיך געטראַכט: איך וועל אים נישט לאָזן שטאַרבן. אַזאַ עקשנות האָט זי געירשנט פון איר מאַמען וואָס האָט זיך פון קינדער־בעטל נישט גערירט ווען אַ קינד איז קראַנק געוואָרן. ערנאַ האָט אָנגעגאָסן אַ קאַכעדיקע פלאַש וואַסער און אים צוגעלייגט צו זיינע פיס. שעהן איז זי ביי אים דערביי געזעסן. די מחשבות האָבן נישט אויפגעהערט אַרומלויפן. איר אויג האָט זי פון זיין געזיכט נישט אַראָפּגענומען. אַז ער וועט געזונט ווערן, ער וועט קומען צו זיך, האָט זי געפּליסטערט. אין איינעם אַן אָוונט האָבן פּסוקים פון קריאת שמע זיך אַרויסגעריסן ביי איר.

אַ וואָך צייט האָט רודי זיך געראַנגלט מיטן מלאך־המות. ערנאַ האָט אים געהאָלפן מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. זי האָט אים די ברוסט איינגעהילט אין וואַרעמע סוועדערס און פּאַלטנס. דעם ווינט האָט זי אָבער נישט געקענט פאַר־טרײַבן. ער האָט זיך אַרײַנבאַקומען דורך יעדער שפּאַרע.

נאָך אַ וואָך קראַנק זיין האָט רודי געעפנט די אויגן, געפרעגט: ״ווו בין איך ?״

״דאָ״, האָט ערנאַ געענטפערט.

איר איז לייכטער געוואָרן. פון מידקייט האָט זי זיך צעוויינט. זי איז איינ־געשלאָפן, און אַז זי האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען גוט פינצטער. די פערד האָבן שטיל געאָטעמט. אין שלאָף האָט זי זיך געהאַט געטוליעט צו דער מאַמען, זיך דערמאָנט אין דער מאַמעס עצות. זי האָט אָבער פאַרגעסן וואָס. אויך רודי האָט זיך איר געחלומט, געזונט און גאַנץ, ווי ער זיצט ביי דעם שייטער און בראָט קאַרטאָפל. ס׳פּנים קלאָר, אַן אַ פלעק.

ווען דער טאָג האָט זיך צעלויכטן, האָט זי געזען: די חורבה איז פאַרזונקען אין שניי, די טירן פאַרשטאָפּט, און בלויז ביי דער פינצטערער הינטער־טיר געפינט זיך אַן אַרויסגאַנג. אַ מאָמענט האָט זי געוואָלט רעדן מיט אים, מיט רודין, אָבער באַלד געזען דעם טעות. ער דאַרף שלאָפן. ״גוט וואָס מיר זענען דאָ, אין הויז״, האָט זי אַרויסגערעדט, נישט וויסנדיק וואָס. דאָס שפּײַז האָט זיך אויסגעלאָזט. זי אַליין האָט קנאַפּ געגעסן. בלויז איין מאָל אין טאָג צוויי געבראָטענע קאַרטאָפל מיט אַ גלאָז טיי. די עפּל האָט זי געהיט פאַר רודין. אין דעם מאַיאַטשען פון הונגער, האָט זי שוין געזען ווי ער שטייט אויף פון דער קראַנקייט, שפּאַנט איין די פערד און לאָזט זיך אַרויס אין וועג. מאָדנע, זי געדענקט איצט זיין גיין בעסער ווי זיין פּנים. דער גאַנג זיינער איז נישט ווי פון אַ ייד; אַזאַ ברייטער גאַנג, אַ זיכערער.

נאָך טעג פון כסדרדיקן שלאָפן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, געפרעגט: ״ווו בין איך ?״

"דאָ", האָט געזאָגט ערנאַ און באַלד באַמערקט אַז דער נעפּל פון זײַנע אויגן האָט זיך אָפּגעטאָן. נישט אין גאַנצן אמת, אָבער אין אַזאַ מאָס וואָס האָט מעגלעך געמאַכט צו זען זײַנע שוואַרצאַפּלען. אָפּגעמאָגערט איז ער געוואָרן, דער שטערן איז ווײַס געוואָרן און אויף דער רעכטער שלייף האָט געבליצט אַ געלער פלעק.

"כ׳בין געשלאָפן", האָט ער געזאָגט.

"גוט געשלאָפן", האָט זי געענטפערט.

"ווו זענען די פערד ?", האָט ער זיך דערמאָנט.

"דאָ", האָט ערנאַ געזאָגט אַנווייזנדיק אויף זיי, "איז דיר נישט קאַלט" ?.

"ניין", האָט ער געזאָגט און געשלאָסן די אויגן.

פון מאָל צו מאָל האָט ער זיי ווידער געעפנט. ערנאַ איז געזעסן ביי אים, געוואַרט ער זאָל די אויגן עפענען. דער שניי־שטורעם האָט זיך איינגעשטילט. די זון האָט זיך אַריינגעריסן און פאַרפלייצט די חורבה מיט ליכט. דאָס איז געווען אַ הויז פון דריי צימערן. עטלעכע פּאַליצעס האָבן נאָך געהאָנגען אין קיך.

וויפל טעג זענען פאַרביי זינט זייער קומען אַהער ? זיי אַליין האָבן שוין פאַרלוירן דעם חשבון. איצט זענען געבליבן בלויז צוויי קליינע עפּעלעך, אָבער קיין איין בינט קאַרטאָפל נישט. דער הונגער וואָס האָט איר געמאַטערט די לעצטע טעג, איז איר אָבער מער נישט אָנגעגאַנגען. דער קאָפּ איז איר שווער געווען. זי איז געזעסן אויף איר אָרט, געטרונקען קאַלטע טיי און פאַנטאַזירט.

אַ ביסל ווייטער, אויף דער הויפּט־באַן־ליניע איז טייל מאָל פאַרביי אַ שליטן, צעשפּרייטנדיק אין שטילן חלל קלאַנגען פון גלעקעלעך. דאָס האָט מער ווי אַלץ אויפגעבראַכט פאַר אירע אויגן דעם פאָטער, מוטער און אירע צוויי קליינע ברידערלעך. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זיצן נאָך ביי זייערע פּעקלעך אין יענעם פינצטערן וואַקזאַל.

רודי האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזאָגט : "כ׳בין הונגעריק".

"כ׳האָב נישט וואָס דיר צו געבן, אַלץ איז אויסגעגאַנגען", איז זי געשטאַנען ביי אים אויף די קני.

צומאָרגנס האָט ער זיך געפּרוווט שטעלן אויף די פיס. זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט. דאָס ווייסע ליכט פון דרויסן האָט נאָך מער בלאָס געמאַכט זיין געזיכט. ער האָט פאַרביסן די ליפּן צוליבן גרויסן אָנשטרענג. ביי נאַכט האָט ווידער געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט און צעקרישלט בלאָקן שניי. פון מאָל צו מאָל איז אַ שניי־באַלעם אַראָפּגעפאַלן אינעם טייך, געמאַכט אויפציטערן די ווענט.

באַין ברירה זענען זיי אַרויס אין וועג. ער איז געווען גלאַטיק, דער וועג, פול מיט בלאָטע, קרום. די שוואַכע פערד האָבן געמאַכט באַמיִונגען אָבער נישט פאַרויסגערוקט זיך. אַרום האָבן זיך נישט געזען קיין הייזער נאָרביימער, פלעקן שניי און פולע שטראָמיקע טייכלעך.

"דער פרילינג קומט, האָב איך אַ טעות ?", האָט ערנאַ זיך געטראַכט. רודי איז געווען אָפּגעשוואַכט. די קאַלטע לופט האָט אים נאָך שלאַבעריקער געמאַכט.

דער געדאַנק אַז זי דאַרף ברענגען רודין באַצייטנס צום פריערדיקן צושטאַנד, האָבן געפּלייסט אירע הענט. די פערד זענען אָבער געווען מיד, נישט געשלעפּט דעם עול.

די קרעטשמע צו וועלכער זיי זענען אָנגעקומען ביי נאַכט איז געווען פול ביזן לעצטן אָרט. ביים אָנבליק פון די אַריינגעקומענע געסט האָט זיך ביי די פּויערן אַרויסגעריסן אַ קוויטש פונעם האַלדז, ווי זיי זענען געוווינט באַגעגענען בהמות אין שטאַל.

"ווער זענט איר?", האָט געפרעגט דער באַלעבאָס. רודי האָט אים געוויזן זיינע דאָקומענטן. יענער האָט זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, ווי ער וואָלט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט. די פּויערן האָבן אַנדערש רעאַגירט. דאָס מאָדנע פּאָרל איז זיי נישט געפעלן, און זיי זענען אַרויס מיט געשפּאָט.

רודי האָט זיך אויפגערעגט. ער האָט אָבער קיין האַנט נישט געקענט אויפ־הייבן. ער איז געווען געפּענטעט דורך זיין שוואַכקייט. געקענט בלויז פאַרבייסן די ליפּן.

ערנאַ איז געווען פּראַקטיש. זי האָט געקויפט ברויט, קעז און גערויכערטן וווּרשט. דער קערפּער מיינער, צום טייוול מיין גוף, האָט רודי געשאָלטן, און זיי זענען אַרויס.

דער שנײ איז צעגאַנגען און פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמע פייכטקייט. אין רודיס זכרון האָט זיך געעפנט אַ פענצטערל. ער האָט מיט קלאָרקייט געזען זיין מוטער, אָנגעטאָן אין אַ ווינטער־מאַנטל, ווי זי גייט נעבן אים. אָט דאָס קלאָרע בילד האָט אים אַ מאָמענט אַרויסגענומען פון זיין שוואַכקייט. לאַנגע שעהן זענען זיי געפאָרן, נישט אַרויסצורעדן קיין וואָרט. רודי איז געווען באַהערשט דורך זיינע פאַנטאַזיעס, וואָס האָבן געטאָן מיט אים וואָס זיי האָבן געוואָלט. לסוף האָט דער הונגער אָנטשידן. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם וואָגן.

ערנאַ האָט זיך געפרייט, זי קען אים געבן פּויעריש ברויט מיט ווייסן קעז. רודי האָט געגעסן, און יעדער ביס האָט געשטילט דעם הונגער, באַלד דערנאָך איז ער איינגעשלאָפן געוואָרן. ערנאַ האָט אים איינגעהילט אין צוויי קאָלדרעס און ער האָט זיך נישט גערירט ביז אין דער פרי.

צווישן איין קעלט־כוואַליע און דער צווייטער איז די זון אַראָפּ און אָנגע־וואַרעמט די ערד. די ערד איז געווען געמיטלעך, אַרויסגעלאָזט פון זיך אַ פּאַרע.

"אַ דאַנק, ערנאַ", האָט ער געזאָגט.

"פאַרוואָס דאַנקסטו מיר?"

"פאַר דעם וואָס דו האָסט מיך אויסגעהיילט".

"איך האָב נישט געטאָן קיין שום באַזונדערע זאַך", האָט זי געזאָגט נישט רירנדיק מיט קיין האַנט.

ער איז געזעסן, זיך איינגעקוקט: קליין, מאָגער און מיטן קלייד וואָס איז געוואָרן אָפּגעטראָגן האָט זי אויסגעזען ווי אַ דינסטמיידל, אָדער ריכטיקער אַ טעכטערל פון אַ דינסט: אָרנטלעכקייט און שטויננג צוזאַמען.

אין זיין פאַנטאַזיע האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ערנאַס היים ווי אַן אָרעם הויז.

אַ ריין הויז, ווו גלויבן הערשט אין יעדן ווינקל. דיווירקלעכקייט איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אין גאַנצן אַנדערש. איר פֿאָטער איז נישט געווען רעליגיעז. פֿאַר יעדן פֿרומען וואָרט האָט ער געמאַכט אַ סקאַנדאַל. מען האָט נישט געטאָרט זאָגן דאַנקען גאָט אָדער געלויבט צו גאָט. די מאַמע האָט איר גלויבן אָפּגעהיטן אין געהיים, און אין געהיים האָט זי ערנאַן געלערנט קריאת שמע.

דערווייל איז דאָס עסן אויסגעגאַנגען. קיין געלט האָבן זיי נישט געהאַט און האָבן געמוזט פֿאַרקויפֿן מלבושים. עס האָט אים געצופּט ביים האַרץ ווען ער האָט דערזען דער מאַמעס אַ מלבוש. פֿאַר אים זענען דאָס געווען נישט בלויז חפֿצים נאָר בילדער מיט וואָרצלען אין די צייטן, צימערן און באַלקאָנען. די מאַמע מיטן ברוינעם וואָלענעם קלייד, אין גרינעם זיידענעם קלייד, זיצט אין פֿאָטעל אָדער איז אָנגעשפּאַרט אין וואַנט. די פֿויערטעס האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט לייענען די באַרימטע וואָל־פֿירמעס. נאָך אַ קורצן דינגען זיך האָבן זיי דאָס קלייד אַריינגעשטופּט אין זאַק, ווי אַן אַלט ליילעך אָדער אָפּגענוצטע קאָלדרע.

אין יענעם פֿריען פֿרילינג האָט ער פֿיל געטראַכט וועגן דער שוואַכקייט פֿון זיין גוף, וועגן זיין מוטער, איר יידישקייט און גורל אין אָט דער גרינער וויסטעניש. מער ווי אַלץ האָט אים אָבער איבערראַשט ערנאַ. יעדן טאָג האָט ער ביי איר באַמערקט אַ נייע מידה. אין איינעם אַן אָוונט האָט ער איר אַנטפּלעקט:

״דער טאַטע מיינער איז נישט געווען קיין ייד״. ערנאַ איז איבערראַשט געוואָרן, אָבער נישט אין אַזאַ פֿאָרם ווי ער האָט דערוואָרט אַז זי וועט איבערראַשט ווערן.

״אָבער דיין מאַמע איז אַ יידישקע, און דאָס איז וויכטיק״.

״פֿון וואַנען ווייסטו ?״

״דאָס איז אַזוי. האָסטו דערפֿון זאָרג ?״

״יאָ, אויב צו זאָגן דעם אמת״.

״דו ביסט אַ ייד לויט אַלע געזעצן״, האָט זי געזאָגט מיט זיכערקייט.

״פֿאַרוואָס זאָגסטו, לויט אַלע״ ?

״אַזוי זאָגט מיין מאַמע. איז דאָס מאָדנע ?״

איצט איז אים קלאָר געווען. איר קליינער קערפּער טראָגט אין זיך פֿיל סודות, פֿאַרבאָרגענע געהיימענישן. עד דאַרף ביי איר לערנען, כל־זמן ער לעבט. ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פֿון פֿאָרן איז ער געזעסן אַקעגנאיבער און געפֿרעגט. זי האָט זיך נישט צעמישט. ערנאַ האָט נישט קיין מורא פֿאַרן טויט, האָט ער זיך געזאָגט, און באַלד האָט ער באַשלאָסן אַז פֿון איצט אָן וועט ער זיך פֿירן ווי זי, אָן פּחד.

דער שנײ איז צעגאַנגען. יעדעס מאָל איז געפֿאַלן אויף דעם וואָגן אַ שטיין אָדער אַ שטיק אייזן. ער האָט זיי נישט געקענט נאָכיאָגן, די וואָרפֿערס, האָט ער פֿאַרביסן די ליפּן פֿאַר כעס. ערנאַ האָט דערויף אַנדערש רעאַגירט: גויים בלייבן שטענדיק גויים.

״ווי אַזוי ?״, האָט ער געפּרוּווט פֿאַרשטיין.

״ערלים״, האָט זי געפּליסטערט. דער טאַטע האָט זיך נישט באַנוצט מיט אַזאַ

וואַרט. ער האָט עס אונדז פאַרבאָטן. אַ מאָל געדענק איך, איז ער געוועזן זייער אין כעס און מיט בייזקייט אַ זאָג געטאָן: שווייג.

„מיין טאַטן האָב איך געזען בלויז איין מאָל און נישט מער".

„ער איז געוועזן אַ שווערער מענטש", האָט זי נישט געפונען קיין אַנדערע ווערטער.

„כ'וואָלט אַפילו געזאָגט אַ גראָבער".

ערנאַ האָט געשמייכלט, הערנדיק די ווערטער מיט וועלכע מען באַנוצט זיך נישט.

„און דו וואָלסט אים געוואָלט זען?"

„ניין, בשום אופן נישט".

„ריכטיק, האָט ערנאַ געזאָגט נישט מיט איר קול, זיי זענען אַנדערש ווי מיר".

זיי זענען אַריבער פון איין בערגל צום אַנדערן. רודי האָט זיך אָנגעהויבן פילן בעסער און בעסער, האָט שוין געקענט שטיין אויף די פיס. איז ער געזעסן און צוגעגרייט דער שייַטער, געזאָרגט דאָס פייַער זאָל זייַן בלוי און גוט. פאַר די שיינע קליידער פון זיין מאַמען האָבן זיי באַקומען פראָדוקטן, נישט פיל און נישט אַזעלכע פרישע. אָבער נישט געווען קיין ברירה. ער האָט דאָס געוווסט, זיך נישט געקלאָגט.

„וואָס טוט איצט די מאַמע?"

„זי וואַרט אויף דיר, מסתמא".

וועגן זיך האָט ערנאַ נישט גערעדט סיידן ער האָט זי געפרעגט. זי איז אין גאַנצן געווען אַריינגעטאָן אין זיין געזונטווערן. יעדע בעסערונג האָט זי דער־פרייט. די פויערן האָבן אָבער נישט געקוקט גוט אויף זייער וואָגלען אויף די וועגן. זיי האָבן זיך אויף זיי איזדעקעוועט ביי יעדן שיידוועג און ביי יעדן ברונעם, ווי אויף חיות איידער זיי דערשמעקן אַ שוואַכקייט. זיי האָבן געכאַפּט וואָס עס האָט זיך געלאָזט, אַ קאָלדרע, אַ קלייד אָדער כלי. רודי האָט געוווסט: קיין שום געשרייען וועלן נישט העלפן, ער איז צו שוואַך כדי אַרויס אין קאַמף.

„אַזוי זענען די גוים. לאָמיר זוכן יידן. בעסער צו זיין מיט יידן".

יעדעס מאָל פלעגן פאַר זיי פאַרביי, דערשראָקן ווי אַ ווינט־צוג, דער שאָטן פון אַ פרוי אָדער דער שאָטן פון אַ קינד. ערנאַ האָט געוווסט אַז דאָס זענען אַלץ יידן. זיי זענען געווען אַזוי מאָגער און נישט געוואָגט אָפּצושטעלן זיך. אויך רודי איז געקומען צום אויספיר, אַז בלויז די יידן וועלן באַשיצן ערנאָן. זי איז קליין ווי אַ פייגעלע, און גוט איז באַצייטנס צו זוכן אַן אַזיל ביי איר. זיין אייגענער קיום האָט אים מער נישט באַזאָרגט. אָבער ווו זענען זיי די יידן? וווהין זענען זיי פאַרשוווּנדן? די קליינע וואָקזאַלן זענען איצט געווען געשלאָסן און ליידיק. יעדעס מאָל איז זיי פאַרבייגעפאָרן אַ שנעל־צוג און אַרויסגעלאָזט אַ מוראַדיקן פייף.

ערנאַ איז אָבער געווען אַנטשלאָסן, אַז ער מוז עסן עפּעס מילכיקס. זי האָט געגלייבט אַז די קעזן וועלן אים געזונט־מאַכן. אויף דעם האָט זי נישט מותר־

געוועז. ער, ווי אַן אויסגעצוידלט קינד, האָט געגעסן אַלץ וואָס זי האָט אים דערלאַנגט.

"דו גלייבסט אין גאָט ?" האָט זי אים איבערראַשט.

"איך ווייס נישט".

דו דאַרפסט גלייבן. אַ ייד דאַרף גלייבן אין גאָט".

"דו ביסט גערעכט".

מיט יעדן טאָג איז געשטיגן זיין אַנטציקונג מיט איר, אין איר קול האָט ער געוואָלט הערן אַ בשורה פון די פאַרהוילענע וועלטן וועגן וועלכע ער פלעגט פאַנטאַזירן אין זיין קינדהייט ווען ער פלעגט הערן מוזיק. די לעצטע יאָרן האָט ער קיין מוזיק נישט געהערט. די קאַליריקע זעונגען זענען ווי פון זיך פאַרשווונדן.

זיי האָבן געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, געזוכט יידן. זיי האָבן געזוכט אין יעדער חורבה, אין יעדן גרוב. ביי נאַכט האָט ערנאַ צוגעלייגט דאָס אויער צו דער ערד — אפשר וועט זי הערן אַ באַקאַנט קול. די פאַרביילויפנדיקע שאָטנס האָבן זיך נישט פאַרהאַלטן, קיינער נישט, און די וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו זיי, זענען געווען די פויערן. זיי פלעגן צוגיין צום קאַסטן, רויבן וואָס עס האָט זיך געלאָזט ווי כיענעס.

זיי זענען געפאָרן אויף צפון. די פערד זענען מאָגער געוואָרן. אויך אַ לייכטע משא האָט זיי באַשווערט. ווי יונג און שלאַנק זענען זיי געווען ווען מען האָט זיי געקויפט. די לעצטע חדשים זענען זיי אָבער אַלט געוואָרן. אַן אומעט פון מענטשן האָט באַדעקט זייערע לאַנגע פנימער. ווען נישט די פויערן וואָלטן זיי זיך באַהאַלטן אין איינע פון די ראַוועס און געוואַרט. ערנאַס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז בלויז אויף די באַן־סטאַציעס וועלן זיי טרעפן יידן.

"פון וואַנען ווייסטו דאָס ?", האָט ער זיך געוווּנדערט.

"איך דערשמעק דאָרט יידישע מלבושים".

"און דאָ איז נישטאָ ?"

"נישטאָ. פאַראַן דאָ בלויז אַ ריח פון קי און פון פערד".

ווי ווייט ער האָט זיך פאַרענדערט, האָט ער אַליין נישט געוווּסט. ער איז אין גאַנצן געפאַנגען געוואָרן דורך ערנאַס צויבער. יעדעס וואָרט, יעדע גרימאַסע האָט אים געבראַכט צו שטוינונג, גערירטקייט.

"און דאָרט וועלן מיר זיי אַלע געפינען ?", האָט ער געפרעגט זי אויסצו־פרווון.

"אָן שום ספק", האָט ערנאַ געזאָגט מיט זיכערקייט.

און יענע טעג, די לעצטע אין דעם פייזאַזש, האָבן אים געבראַכט פאַרשידענע גענוסן וועלכע ער האָט נישט געקענט: דאָס ברויט, דער קעז, דאָס ליכט און עפּעס אַ גערירטקייט ווי ערב אַ לאַנגער נסיעה. זיין פריערדיק ווען איז פאַרלוירן גע־גאַנגען. שטוינונג האָט אים כולו אויסגעפּולט.

ערנאַ האָט זיך באַרויִקט. זי האָט די פיל אַרבעטן געמאַכט געלאָזן, אָן שום

איבעריקע העוויות. זי האָט אפילו געוואָשן אַ העמד ביי נאַכט. דער פרילינג האָט מיט זיי גוטס געטאָן. רודי האָט זיך געשטאַרקט.

"נאָך אַ ביסל און מיר וועלן אָפּגעפּינען".

"פון וואַנען וויסטו ?"

"די נאַכט האָב איך געזען מיין מוטער און זי איז זייער צופרידן. דו חלומסט ?"

"ניין".

"אַ שאָד. און דו האָסט נישט קיין שום קשר מיט דיין מאַמען ?"

"ניין. זינט זי איז פאַרלוירן געגאַנגען האָב איך איר קיין מאָל נישט געזען, חוץ אויף דער וואָר".

"דאָס איז גוט. היט דאָס אָפּ".

בעת איינעם פון די אָפּרוען האָט ערנאַ געבאַקן אַן עפּל־קוכן. דער קוכן האָט, אמת, צוגעברענט אין די עקן, אָבער איז געווען זייער געשמאַק. רודי האָט נישט אויפגעהערט לויבן איר אַרבעט.

דער פרילינג האָט אַרויסגעשלעפּט די פויערן פון זייערע הייזקעס אין די פעלדער אַריַין. דאָס זענען געווען אַכזריותדיקע פויערן, וואָס האָבן זיי באַוואָרפן מיט שטיינער און שטיקער אייזן און געשריען אויף זיי מיט קולי קולות: אַ טויט די יידן, אַ טויט די סוחרים! בלויז ביי נאַכט, און בלויז אין די טאָלן, האָבן זיי אָפּגעשטעלט דעם וואָגן כדי צו באַנדאַזשירן די צעבלוטיקטע פיס פון די פערד.

"אַזוי איז דאָס", האָט ערנאַ געזאָגט, "ערב דעם סוף וועג איז שטענדיק שווערער".

"ערב וואָס פאַראַ וועג ?", האָט ער געפּרוווט פאַרשטיין.

"ביז מען קומט אָן, טאָר מען נישט פאַרצווייפלען. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז מען טאָר זיך נישט מייאש זיין. אַ זינד איז צו פאַרצווייפלען".

"וואָס הייסט ?"

"גאָט איז גרויס".

אַ מאָמענט האָט ער זיך געוווּנדערט צוליבן וואָרט "גרויס" אָבער ער האָט מער נישט געפרעגט, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען אַז מען פרעגט קיין קשיות נישט וועגן אַ סוד. פאַר טאָג האָט רודי אַרויסגענומען פונעם זעקל דעם גאָלדענעם מע־דאַליאָניק און אים דערלאַנגט ערנאַן.

"וואָס איז דאָס ?", האָט ערנאַ געפרעגט און די הענט האָבן ביַי איר געציטערט.

"דאָס איז מיין מאַמעס מעדאַליאָניק, טו אים אָן אויף דיין האַלדז".

"איך טראָג נישט קיין שום צירונג, מיין מאַמע האָט אויך נישט געטראָגן קיין שמוק".

"דאָס וועט דיר פּאַסן, וועסט זען".

ערנאַ האָט דאָס אָנגעטאָן אויפן האַלדז. זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט דעס ווערט דערפון און רודי האָט זיך נישט געמיט איר דאָס מסביר־זיין. אין האַרץ איז ער צופרידן געווען וואָס אַ חפץ פון זיין מאַמע הענגט אויף איר האַלדז. פון

איצט אָן האָבן זיי וועגן דעם נישט גערעדט. די שרעקן זענען געווען אַ סך, און זיי האָבן פון זיך פאַרטריבן יעדעס געפיל.

נישט פאַרביי קיין צוויי טעג און זיי זענען אָנגעקומען צום וואָקזאַל. דאָס איז געווען אַ קליינע באַן־סטאַציע אײַנגעהילט אין שווערע דעמבעס. נישט געווען קיין שום סימן אָדער אויפשריפט וואָס זאָל עדות זאָגן אַז דאָס איז אַ וואָקזאַל. ערנאַ האָט אָבער געטראָפן, אַז דאָס איז אַ באַן־סטאַציע. זי האָט געצויגן אַהער. לאָמיר עפּעס טרינקען, האָט געזאָגט רודי, וועלכער איז געווען דאָרשטיק. די פלינקע אויגן ערנאָס האָבן באַלד באַמערקט: אַ קופּע מענטשן, צענויפגעקורטשעט ביי אַ סקעלעט פון אַ הויז, אויך מיט עטלעכע קינדער.

"דאָס זענען זיי", האָט ערנאַ אויסגערופן אויפן קול.

"טאַקע, האָט רודי באַשטעטיקט, ווי אַזוי האָב איך זיי נישט באַמערקט?"

נאָענט צו זיי איז געזעסן אויף אַ בענקל אַן אַלטער זשאַנדאַר און געראויכערט אַ ליולקע.

דאָס איז געווען אַ דאָרפישע באַן־סטאַציע פון עלטסטן נוסח ווו מען פאַרלאָדנט און מען לאָדנט אויס געהילץ. דער עקספּרעס פאָרט פאַרביי און שטעלט זיך נישט אָפּ, אָבער דער געוויינלעכער צוג, בלויז איין מאָל אין טאָג. דער קיאָסק איז שמוציק. טרערן פון טיפער דערשיטערונג האָבן זיך געגאָסן פון ערנאָס אויגן.

"וואָס וועלן מיר מאַכן מיט די פערד?", האָט געפרעגט רודי.

"מען וועט זיי דאָ איבערלאָזן. קיינער וועט זיי נישט נעמען".

"ריכטיק", האָט רודי געזאָגט און באַלד באַדויערט וואָס ער האָט באַרירט אַ נישט וויכטיקע זאַך אין אַ מאָמענט פון טיפער עמאָציע.

קיינער איז זיי נישט אַנטקעגנגעגאַנגען. די מענטשן זענען געליגן צונויפגעדריקט מיט זייערע פּעקלעך. אַ מאָדנע קעלט, וואָס איז געבליבן פון ווינטער, איז דאָרט געשטאַנען גרוי. ווײַזט זיך אַרויס, אַז מיט צוויי טעג צוריק האָט מען זיי געפּרוווט אַריינשטופּן אינעם וואַגאָן, אָבער דער וואַגאָן איז געווען איבער־געפּאַקט און זיי אַרויסגעוואָרפן פון זיך. זינט דעמאָלט זענען זיי דאָ, צעשיידט פון זייערע טייערע, פאַרגעסן און וואַרטן אויף דער באַן וואָס וועט זיי קומען נעמען אָבער זי, די באַן, פאַרשפּעטיקט צו קומען.

"און איר?", האָט איינע פון די פרויען געפרעגט ערנאַן.

"מיר האָבן אייך געזוכט", האָט זי געוואָלט זאָגן, אָבער זי האָט געזאָגט: "מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, זענען מיר געקומען אַהער".

"זיצט, קינדער, זיצט". האָט געזאָגט די פרוי היימיש "פון וואַנען קומט איר?".

"איך בין פון דאַנען", זאָגט ערנאַ, "איך האָב פאַרלוירן מיינע עלטערן און מיינע צוויי קליינע ברידערלעך, איך זוך זיי".

"אַלע זענען שוין אין וועג", זאָגט די פרוי, "בלויז מיר זענען דאָ, פאַרגעסן". זי האָט אויסגעזען ווי אַ פינפאונדרייסיקיעריקע. קענטיק געווען אַז די זיקנה איז אויף איר אַרויף די לעצטע טעג.

און געווען דאָרט נאָך אַ פרוי וואָס האָט געשלאָגן איר ייִנגל מכות רצח. יענער האָט געשריגן און אַרויסגעלאָזט אַ מאָדנע כאָרכלען.

„דו דערשטיקסט אים", האָט עמעצער געזאָגט ווי פאַרבייגייענדיק.

„ער מאַכט משוגע".

„קלער אים אויף. ער וועט פאַרשטיין. ער איז שוין אַ גרויסער".

„איך האָב אים אויפגעקלערט. ער איז אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ".

דאָ ייִנגל, אויסגעזען ווי אַ זיבניעריקער, האָט אויפגעהערט דאָס כאָרכלען. זיין פול קיילעכדיק פּנים האָט אויסגעדריקט טעמפּקייט. זיין מאַמע האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און ער איז געזעסן אויפן פּעקל, געביסן פון אַ שטיקל ברויט.

„פון וואַנען איז דער יונגערמאַן ?", האָט די פרוי געפרעגט.

„פון עסטרייך. ער האָט פאַרלוירן זיין מאַמען אויפן וועג. איצט זוכט ער זי".

„מיר אַלע רעדן דייטש", האָט די פרוי זיך געווענדעט צו רודי, „די געגנט האָט געהערט צו עסטרייך", זאָגנדיק דאָס האָט איר אויסזען ווי צוריקגעקערט צו איר, און זי האָט פאַרגעזעצט : „איך אַליין האָב געלערנט דייטש ביי אַ פּריוואַטן לערער : גראַמאַטיק און ליטעראַטור. די איינגעבוירענע רעדן נישט קיין דייטש, בלויז מיר פון ווין. נישט אַזוי ?"

„נישט ווייט".

„אַלע מיינע יאָרן האָב איך געוואָלט אַנקומען קיין ווין. אַ ספק צי איך וועל אָנקומען אַהין. די קינדער זענען נישט לייכט געוואַקסן". אָבער באַלד האָט זי חרטה געהאַט אויף דעם וידוי און האָט געזאָגט : מיטן שווייס פון דיין פּנים זאָלסטו עסן דיין ברויט. זי, ווי דער רוב מיידלעך, האָבן געלערנט דעם תנ"ך אין דייטשער איבערזעצונג.

די פרוי האָט אַרויסגענומען פון געפּעק צוויי שניטקעס, דערלאַנגט איינס צו ערנאַ און איינס צו רודי. „עסט קינדער. איר זענט אוודאי הונגעריק".

„אַ דאַנק", האָבן זיי צוזאַמען געענטפערט.

„ווער האָט אייך געגעבן עסן ?", האָט די פרוי געפרעגט אין אַן אַלטער מוטערלעכער פאָרם.

„מיר האָבן געגעסן וואָס עס האָט זיך געלאָזט. מיר האָבן נישט געהונגערט דאַנקען גאָט", האָט ערנאַ געזאָגט.

די מענטשן זענען רויִק געזעסן מיט זייערע פּעקלעך. ווען נישט די ווייבעדיקע קינדער וואָלט דאָ געווען אין גאַנצן שטיל. דאָס קינד וואָס האָט באַקומען קלעפּ איז איצט געזעסן פאַרגעסן ביי זיין מאַמען, פאַרקוקט אין עפּעס אַ ווייטן פּונקט. זיין מאַמע האָט מיט גרויס מי פאַרבונדן מיט אַ שטריק אַ שווער פּעקל.

„און וואָס האָט איר בדעה צו טאָן ?", האָט די פרוי געפרעגט זייביידע.

„מיר וועלן גיין מיט אַלע, וואָס קאָנען מיר דען טון ?"

„פון מיר האָט מען גענומען מיינע צוויי טעכטערלעך. איך ווייס נישט, ווען

איך וועל זיי צוריק זען. מען האָט אַלע אַריינגעשטופּט און איך האָב נישט באַוויזן. אַ נאַר, אַ פּולקאַמער טיפּש בין איך".

"נאָך אַ ביסל וועט איר זיי טרעפן, נאָך אַ ביסל", האָט ערנאַ שטיל געזאָגט.

"אָבער דערווײַל, ווער וועט זיי געבן עסן ? די גרויסע איז אַכט יאָר און די קליינע בלויז זעקס".

"מענטשן וועלן זיי העלפן, גענוי ווי איר העלפט אונדז", האָט ערנאַ געזאָגט מאָדנע, נאָר דער זאַץ האָט אויף אַ מאָמענט באַרויִקט די פרוי. זי האָט פאַרשלאָסן די אויגן. אַ שמייכל האָט באַדעקט איר מיד פּנים.

"נישט צום פאַרשטיין ווי מען האָט אונדז פאַרגעסן", האָט די פרוי אויפגעהויבן אירע אויגן.

"איר האָט דאָך אַליין געזען, די באַנען זענען געפּאַקט", האָט זיך אַריינגעמישט אַ צווייטע פרוי מיט אַ מוראַדיק טרוקן און פּראַקטיש קול.

שפּעטער זענען געקומען צוויי אַלטע פויערטעס און צעשפּרייט פּראָדוקטן אויף די זעק. מענטשן האָבן געקויפט — פּאַר מלבושים ברויט, קעז און עפּל. די צעוואָרפענע עפּל האָבן ווי מיט כישוף דערמאָנט זײַן געבוירן־שטאָט, די גימנאַזיע און די היים. אַן אַלטער כעס וועלכן ער האָט קיין מאָל נישט אויסגעדריקט, האָט אים באַהערשט ווי פון טיפער פאַרדרימלונג. ער האָט איצט געדענקט אַז זיין מאַמע, ווען ער איז געווען זעקס יאָר, האָט אים אָפּגענאַרט און איז אַרויס מיט דער הינטער־טיר. ער האָט געוויינט און פון דעם פיל וויינען האָט ער זיך צעמישט און אַריינגעזעצט דעם גאָפּל אין דער האַנט. די מאַמע, ווען זי איז צוריקגעקומען שפּעט ביי נאַכט, האָט אויפן אָרט אָפּגעזאָגט די פּלעגערין. זי איז זיכער געווען אַז זי האָט נישט גענוג אַכטונג געגעבן אויפן קינד.

אויף אַ מאָמענט זענען ווי אָפּגעמעקט געוואָרן די נאָענטע זעונגען. ער איז ווידער געווען מיט זיין מאַמען. ער האָט באַדויערט וואָס דווקא איצט איז אויפגעקומען די אַלטע פּרשה און צעשטערט זײַן שטימונג. "תמיד די מִיאוסע זעונגען", האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אים די ווערטער.

"וואָס זאָגסטו ?", האָט אים ערנאַ געפרעגט.

"אַנטשולדיק, נישט ווילנדיק".

די מענטשן האָבן זיי געגעבן וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט מיט זיך אין די פּעקלעך : שטיקלעך ברויט באַשמירט מיט פּוטער און פּאָווידלע. די הענט האָבן זיך פאַרמאָסטן אין דער טונקל : ווער וועט געבן מער. רודי איז געווען הונגעריק. דאָס היימישע עסן האָט אים געשמעקט און ער האָט אַ סך געגעסן. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און אַ ביסל געדרימלט. דער אָוונט איז צוגעפאַלן און ער האָט דאָס נישט געפילט. ערנאַ האָט דערווייל באַוויזן אָנצו־טרינקען די פערד און זיי געבן די רעשטלעך גערשטן וואָס איז געבליבן אין קאַסטן.

ווען רודי האָט זיך אויפגעוועקט פון שלאָף איז שוין געווען גוט פינצטער. מענטשן זענען געזעסן, גערויכערט ציגאַרעטן. די פרוי וואָס איז געזעסן ביי זיי

האָט געזאָגט: דערלויבט מיר פאָרצושטעלן זיך פאַר אײַך. מײַן נאָמען איז ראָזאַ קראַנץ.

אויסגעזען האָט ווי זי וואָלט זיך געגרייט זיי זאָגן: זיצט ביטע, הלמאַי זיצט איר נישט ביים פענצטער, געגנוי ווי זי איז געוועזן געוווינט מסתמא. זי האָט זיך צעשמייכלט און מיט אַ ביסל טעאַטראַלישן זשעסט געזאָגט: שוין יאָרן, זינט מײַן מאַנס טויט האָב איך געוואָלט פאַרלאָזן די פּראָווינץ, אָבער דאָס איז מיר נישט געלונגען. איך האָב, ריכטיקער געזאָגט, נישט געמאַכט גענוג באַמיִונגען. נאָכן טויט פון מײַן מאַן בין איך געווען אין אַ דעפּרעסיע. די מיידלעך זענען געווען קליין. איצט באַצאָל איך דעם פולן פּרייז".

"וווּהין האָט איר געוואָלט קומען?", האָט רודי שטיל געפרעגט.

"קיין איטאַליע. אין מײַן יוגנט האָב איך געמאָלן. טעלעכע מאַלערס וואָס האָבן געזען מײַנע מאָלערייען האָבן מיר פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט. די חתונה, פּרנסה און דאָס דערציִען די מיידלעך האָט מיר געשטערט. דער אמת — איך האָב נישט גענוג געטאָן פאַר דעם. און איר וואָס לערנט?".

"איך, איך ווייס נאָך נישט".

"איר דאַרפט באַשליסן וואָס פריער. די צייט שטייט נישט. פּלוצים שטייסטו אויף אין דער פרי און שוין ביסטו אַ דרײַסיקיעריקער, אַלץ איז פאַרלוירן".

"איך בין אַכצן יאָר אַלט", זאָגט רודי.

"אַ שיינע עלטער לכל הדעות, אָבער אַזאַ עלטער פאַרלאַנגט גרויסע אַנטשיידונגען. איך האָב געהייראַט אין אַזאַ עלטער און אַזוי האָט גענומען אַ סוף צו מײַן קינסטלערישער קאַריערע. אַ מענטש טאָר נישט בלייבן אין דער פּראָווינץ. זי מאַכט אַ תל פונעם מענטש".

"וואָס וועט זײַן?" איז צו זיי צו אַ הויכער מענטש וואָס האָט פון ערשטן בליק אויסגעזען מיט אַן אַריסטאָקראַטישן יחוס, אַ דאָקטער אָדער אַ דאָצענט, אויב אורטיילן לויטן הוט.

"עס וועט זײַן גוט", האָט ראָזאַ געזאָגט, "הלמאַי זאָרגט איר זיך?"

"פון וואַנען וועט קומען דאָס דאָזיקע גוטס?"

"פון אונדז, פון אונדז פאַרשטייט זיך".

יענער האָט זיך געוווּנדערט אַ ביסל פון דעם זאָג און אַראָפּגעצויגן דעם הוט.

די נאַכט איז געווען קלאָר, לינד. מענטשן האָבן צוגעגרייט קאַווע און געגעסן שניטקעס. טאַבאַק איז נאָך געווען גענוג און מען האָט זיך מכבד געווען מיט ציגאַרעטן, פון די בעסטע. אין די ווינקעלעך זענען אויפן קול באַרירט געוואָרן אַלטע פּרשיות וואָס האָבן צוליב געוויסע סיבות איצט געפונען אויסדרוק.

ראָזאַ האָט איצט גערעדט מיט אַ וואַקסנדיקן אָפּטימיזם וואָס האָט רודין דערמאָנט זײַן מאַמען, וועגן איטאַליע, פאַרשטייט זיך. ווי זי וואָלט פאַרגעסן אַלע דורכפאַלן און אַנטוישונגען. רודי האָט די קולות געקענט פון דער יוגנט און עס האָט אים באַנג געטאָן אויף אָט דער יונגער שיינער פרוי וועמענס חלומות זענען אַוועק מיט גאָרנישט. "אַלע טייערע זאַכן פאַלן פון אונדז אָפּ", האָט ער געמורמלט צו

זיך. דערבײַ האָט ער באַמערקט אַז דער מעדאַליאָן פֿאַסט זייער ערנאָס האַלדז און דערמיט האָט ער פֿאַרזיסט אַ ביסל דעם ווייטיק.

די נאַכט איז געוואָרן אַלץ לויטערער. די ליכט פֿון הימל איז אַראָפּ ווייך און געמיטלעך. אייניקע האָבן אָנגעטאָן זייערע שווערע מאַנטלען כאָטש מען האָט זיי נישט באַדאַרפֿט. דער הויכער מאַן מיטן אַריסטאָקראַטישן אויסזען האָט אַרויס־געלאָזט אַן אָפּגעריסענעם קרעכץ. ער האָט דערבײַ נישט אין זינען געהאַט דערמיט אָנצושטעקן עמעצן. דאָס האָט זיך אַרויסבאַקומען פֿון אים נישט ווילנדיק.

״ווער וויל קאַווע?״, האָט זיך געהערט אַ קול פֿון דער נאָענט. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז אַן אַלטער מאַן מיט אַ שיינעם אויסזען וואָס האָט געוואָלט פֿאַרלייגן וואַרעמס אין מיטן דער נאַכט, אָבער ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיטן רוף נאָר אָנגעגאָסן די קאַווע און דערלאַנגט זיך צו די מענטשן.

״אַ דאַנק״, האָט ראָזאַ געזאָגט און אים אָנטקעגנגעשטרעקט די האַנט.

״נישטאָ פֿאַרוואָס״, האָט דער אַלטיטשקער געזאָגט, ״עס איז גוט אַ קאַווע אין דער נאַכט״.

דער הויכער מאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג צום זקן, האָט גענומען די קאַווע און געזאָגט: ״אַ דאַנק פֿון טיפֿן האַרץ״. די ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַ באַגריסונג.

״ווער נאָך?״, האָט אויסגערופֿן דער זקן. ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפֿער. די ליידיקע גלעזער האָט ער גענומען צו דעם וואַסער־פּלומפּ און זיי געוואַשן. דער אויסזען פֿונעם אַלטן בײַ דעם פּלומפּ האָט רודין דערמאָנט אַן אַלטן מאָנאַסטיר מיט הויכע מויערן און פֿאַרשלאָסענע טויערן, וווּ בײַ נאַכט גייט אַרויס דער נזיר פֿון זיין נישע צו דעם פּלומפּ אינעם הויף. די קאַווע האָט וואָך געמאַכט ראָזאַן. זי האָט איצט מיט הויכע געפֿליגלטע ווערטער גערעדט וועגן די גרויסע שטעט ווו די קולטור געפֿינט זיך אין יעדן ווינקל. אַ מענטש גייט אין גאַס און מיט אַ לאָפּעטע הייבט ער עס אויף. מיט אַ לאָפּעטע, האָט זי איבערגעחזרט ווי זי וואָלט געפֿונען ענדלעך דאָס ריכטיקע וואָרט פֿאַרן באַגריף.

נאָך חצות איז געוואָרן אַ ווינט און אין חלל האָט זיך געטראָגן אַ שאַרפֿער ריח פֿון נאַסע הילצערנע דילן. די פֿינצטערניש איז געווען אַן אַבסאָליוטע און פֿונעם שכנותדיקן דאָרף האָט זיך טייל מאָל געהערט דאָס קול פֿון אַ הירזשענדיק פֿערד. דער אַלטער האָט געהאַט פֿולע הענט מיט אַרבעט. די מענטשן זענען געזעסן אויף זייערע פּעקלעך, געטרונקען קאַווע און גערויכערט.

״אַזאַ גוטע קאַווע האָב איך קיין מאָל נישט געטרונקען״, האָט ראָזאַ געזאָגט.

״אויסגעצייכנט״, האָט דער הויכער מאַן באַשטעטיקט מיט איין וואָרט.

אירע טעכטערלעך האָט זי פֿאַרגעסן. זי האָט איצט גערעדט וועגן איר פֿאַר־שטאָרבענעם מאַן, און אין לויף פֿון אירע רייד געזאָגט: ״זאָל ער מיר מוחל זיין, איך וויל זיך נישט בייזערן אָדער באַשולדיקן. ער איז געווען אַ גוטער מענטש, געווען פֿאַרנומען אַ גאַנצן טאָג מיט שווערער אַרבעט. איך פֿאַרשטיי נישט ביזן

היינטיקן טאָג הלמאַי ער האָט מיר נישט געלאָזט לערנען מאַלעריי. וואָלט איך געלערנט מאַלעריי וואָלט איך דאָ נישט געווען, וואָלט איך איצט געזעסן אין רוים״.

״פאַרוואָס רוים ?״, האָט דער הויכער מאַן געפרעגט מיט אַ באַהערשט קול.

״ווייל דאָרט געפינען זיך אַלע שענסטע שאַפונגען פון דער מענטשהייט. פרייהייט, שיינקייט, אַלץ וואָס איז דאָ נישט פאַראַן, געפינט זיך דאָרט״.

״איך פאַרשטיי״, האָט געזאָגט דער מאַן און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ.

״איר מיינט צו זאָגן אַז דאָס איז נישט אַזוי ?״

״איך מיין זייער ווייניק, מאַדאַם״.

״אויב איך מאַך אַ טעות צי איך צוריק מיינע ווערטער״, האָט ראָזאַ זיך געווענדט צו די אַרומיקע.

״איר זענט גערעכט, מאַדאַם, האָט געזאָגט דער הויכער מאַן ווי ער וואָלט זי געוואָלט איבערבעטן, ״איך האָב גערעדט וועגן זיך״.

דאָס קול האָט איר נישט איבערגעבעטן. אויפן פּנים פון ראָזאַ איז אַראָפּ אַ וואָלקן וואָס האָט זי פאַרכמורעט. זי איז געזעסן אויף איר פּעקל, קיין וואָרט מער נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל. דער הויכער מאַן האָט פאַרויכערט אַ ציגאַרעט און זיך צוריקגעצויגן אינעם שאָטן פון דיביימער. די ליכטער פונעם הימל זענען צעשוווּמען געוואָרן. אַ שווערע פינצטערניש האָט געגנידערט אַרום די ביימער. דער פּלומפּ האָט זיך אויך איינגעהילט אין גאַנצן ווי אין אַ פינצטערער שוואַרצער דעק. די פערד וואָס זענען געשטאַנען דערנעבן האָבן געגראָבן מיט די פאָדערשטע פיס און אַרויסגעלאָזט אָפּגעהאַקטע קרעכצן פון צופרידנקייט. ״נאָך אַ ביסל און מיר וועלן זיי באַפרייען״, האָט צו זיך געזאָגט רודי, ״זאָלן זיי אַוועק צו די ברייטע לאָנקעס״. וואָס פאַרא צער, ריכטיקער רחמנות אויף זיך, האָט באַהערשט זיין גוף.

״האָב איך געזאָגט אַ נאַרישקייט ?״, האָט ראָזאַ געפרעגט ערנאַן.

״ניין, בשום אופן נישט״.

״פאַרוואָס זשע האָט דער מאַן געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ גרינגשעצונג ?״

״איך האָב דאָס נישט געזען. אַלץ איז געווען ווי עס געהער צו זיין. איר מאַכט אַ טעות״.

״נישטאָ וואָס צו מאַכן. איך בין שולדיק. איך בין אַ נאַר״.

רודי האָט דאָס קול גוט געקענט, דאָס קול פון מרה שחורה איז דאָס געווען. אין אַ מאָמענט פון פאַלן האָט די מאַמע זיינע געהאַט טענות צו איר אייגענער אויפפירונג, זיך אַליין באַשולדיקט און געשלאָגן דעם קאָפּ אין קישן. ער האָט איצט געוואָלט זיך אויפשטעלן און זיין מיט דער פרוי. זיין קול ווי אין טיפן שלאָף איז אָבער מיט אים נישט געווען.

אין אַ מאָמענט האָט אויסגעזען ווי די גאַנצע זאַך דאָ, דאָס זיצן און וואַרטן, איז נישט מער ווי אַ טעות. פאַראַן פיל דרינגענדיקע און פּראַקטישערע זאַכן וועגן וועלכע מען דאַרף זיך פאַרטראַכטן ; און דאָ זיצן מענטשן ליידיק, עסן אַן אויפהער און פּלוידערן. ״אַ טעות, איך זאָג אייך אַ טעות״, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ בידעריק מענטשל מיטן אויסזען פון אַ סוחר. ״זיי וועלן אונדז צוריקשיקן. צו וואָס

דאַרפֿן זיי אונדז, וואָס פֿאַרא נוצן וועלן מיר זיי ברענגען? וועלן מיר דען איינעמען רוסלאַנד, וועלן מיר זיי באַווייזן וווּנדער? זיי וועלן אונדז צוריקשיקן. דער שכל הישר זאָגט, אַז זיי וועלן אונדז פֿרײַ לאָזן".

אינעם דאָזיקן קול איז געווען עפּעס פֿון געזונטער פּשטות.

רודי האָט ווידער זיך איינגעקוקט אין ערנאָס האַלדז. דער מעדאַליאָן האָט איר געפּאַסט. עטלעכע עמאַציאַנעלע ווערטער זענען אים געלעגן אויף די ליפּן אָבער ער האָט זיי נישט געזאָגט. עס איז אים קלאָר געווען ביז ווייטיק אַז אַלע קליינע ליכטער, די ביימער און די פּנימער, וועלן אים נאָך באַגלייטן לאַנגע יאָרן אויך ווען ער וועט זיין ווייט און אויף אַן אַנדער קאָנטינענט. אומבאַמערקט האָט ער גענומען ערנאָס האַנט, און זי דערגענטערט צו זיינע ליפּן.

און אַזוי אין מיטן נאַכט, ווען די קעפּ זענען געווען פֿאַרוואָרפֿן פֿון מידקייט און די ווערטער זענען געוואָרן וואָס ווייניקער, איז ראָזאַ אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

"ערשט מיט דריי טעג צוריק האָב איך געהאַט צוויי מיידעלעך און אַ הויז און איצט האָב איך גאָרנישט נישט. בלויז דאָס האָב איך פֿאַרמאָגט און איצט האָב איך גאָרנישט נישט אויף דער וועלט".

"פֿאַרוואָס וויינט איר?", זענען צו איר צוגעשטאַנען די פֿרויען, "איר זענט נישט אַליין. גאָרנישט. בלויז ביינאַכטיקע חלומות. צוליב קאָשמאַרן וויינט מען נישט".

"איך האָב מורא", האָט ראָזאַ זיך געקורטשעט פֿון פּחד.

"נישטאָ וואָס מורא האָבן. מען טאָר נישט מורא האָבן", האָבן די פֿרויען זיך געבייזערט.

ראָזאַ האָט זיך דאָס פּנים איינגעגראָבן אין אירע הענט, געבעטן אַנטשולדיקונג, ווי אַן אַנגעקלאָגטע, וואָס פֿאַרשטייט איר שולד.

די פֿינצטערניש איז אַלץ מער געזונקען. אויף די ביימער־שפּיצן האָבן זיך געמערקט די ערשטע שיטערע ליכט־פּלעקן און געעפֿנט אַ טירל צום הימל. "קיינער וועט ביי אונדז נישט צונעמען די דאָזיקע שיינקייט", איז דורך אַ געדאַנק אינעם מידן מוח פֿון רודי. די קאַווע האָט אים אָנגעשטעקט מיט אָפּטימיזם. ער האָט איצט געוואָלט צוגיין צום אַלטן, אים באַדאַנקען. די פֿיס זענען אים אָבער געווען שווער. ער האָט זיך לסוף געשטאַרקט און צו צו אים. דער אַלטער איז געזעסן אויף זיין פּלאַץ ביים ברענענדיקן פּרימוס. "איך האָב אייך געוואָלט זאָגן אַ דאַנק", האָט רודי געזאָגט. "אייער קאַווע האָט אונדז אַלעמען צוריקגעגעבן דעם טעם פֿון לעבן".

"איך בין צופֿרידן", האָט געזאָגט דער אַלטער, אַ שאָד וואָס עס זענען נישטאָ קיין ביסקוויטן. מיין פֿרוי באַקט וווּנדערבאַרע קיכעלעך, טריקענע קיכעלעך. זי איז שוין אָבער אַוועק מיט די צוגן".

"אַ דאַנק אין נאָמען פֿון אונדז אַלע", איז רודין איינגעפֿאַלן צו זאָגן.

"איך טו דאָס גערן", האָט דער אַלטער זיך דערמונטערט. "קאַווע האָב איך אַ

סך. דאָס איז אַ גרויס געטראַנק, נישט אַזוי ?" דאָס האָט אַ ביסל צעמישט רודין, וואָרעם ער איז נישט געווען געוווינט צו טראַכטן וועגן קאַווע מיט טערמינען פון גרויסקייט.

"אַ גרויס געטראַנק", האָט ווידער איבערגעחזרט דער אַלטער און עס איז קענטיק געווען, אַז ער האָט נישט קיין בעסערע באַצייכענונג אויסצודריקן אַלץ וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער ברוינער פליסיקייט. "פון וואַנען זענט איר?"

רודי האָט נישט פאַרשטאַנען די פּלוצימדיקע פראַגע און ער האָט מקצר געווען: "פון עסטרייך".

"יידן זענען מיר און יידן וועלן מיר בלייבן", האָט דער אַלטער געזאָגט און צעפּלאָמט דאָס פייערל אין פּרימוס.

אין דער פרי איז אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן צוויי אַלטע פרויען צוליבן זיץ־פּלאַץ. די קריגעריי איז געווען קורץ און שאַרף און האָט געדויערט נישט מער ווי עטלעכע מינוט. די מאַמע וואָס האָט פריִער געשלאָגן איר ייִנגל האָט ווידער מיט אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט אויף אים איר לאַנגע שווערע האַנט. דאָס קינד איז איבעררעאַשט געוואָרן פון קלאַפּ, אָבער קיין פּיפּס פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט. "איצט פאַר־שטייסטו!", האָט זי אים געזידלט.

"ווו איז דער קאָנצענטריר־פּלאַץ ?", האָט אַ פרוי געפרעגט אַ מאַן וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט.

"נישט ווייט", האָט געענטפערט דער מאַן מיט אַבסאָלוטן גלייכגילט.

"אויב אַזוי פאַרוואָס קומט מען אונדז נישט נעמען ?"

"זיי וועלן קומען", האָט יענער געענטפערט. "זאָרגט נישט".

"מען האָט אונדז נישט פאַרגעסן, איר זענט זיכער ?"

און נאָך איידער יענער האָט געענטפערט האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער פייף, אַ פייערלעכער פייף, און אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופן צוזאַמען: אָנגעקומען, ענדלעך אָנגעקומען. דער הויכער מאַן מיטן אַריסטאָקראַטישן אויסזען האָט אַראָפּגעצויגן דעם הוט ווי עס פירן זיך קריסטן און אים אַוועקגעלייגט אויף זיין ברייטער ברוסט. אָט די באַוועגונג צו וועלכער ער איז, ווייזט אויס, געווען געוווינט, האָט פּלוצים אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַן ערנסטקייט.

דאָס איז געווען אַן אַלטע דאַמף־מאַשין, באַהאָפטן צו צוויי אַלטע וואַגאָנען, דער נאָרמאַלער צוג, ווייזט אויס. ער איז געפאָרן פון איין סטאַציע צו דער צווייטער און פּרעציז איינגעזאַמלט די רעשטלעך, די לעצטע האַלעוושקעס.

ייִדיש: אַ. שעדלעצקי

## חיים מאַלטינסקי

# אַהער — צו זיך

### טראַכט איך אַלץ . . .

אויפֿן אויסגעשליפֿן בלויען הימל קוקן לאַנג,
נעמט מײַן איינזאַמקײַט מיך טאַטשען, זויגן . . .
בעט איך דיך, באַשעפֿער, מיר דערלאַנג
אַ פוכיק וואָלקנדל פֿאַר מײַנע אויגן.
זאָל עס שוועבן, בלאָנדזיען איבער בלויער הייך,
קיינעמען באַגעגענען זיך ריכטן —
מײַן איינזאַמקייט אַ ברודערל אַ ליכטיקס.
אַלע שטיינער אויף מײַן האַרצן, פֿיל איך,
ווערן מילד און ווייך . . .
כ׳וועל אין דמיון נאָכשווימען דעם וואָלקנדל דעם העלן.
אָנצוקוועלן,
ווי אַזוי די שקיעה בײַם ראַנד באַגילדט עס
און צוזאַמען מיטן וואָלקנדל
טײַען און צעגיין . . .
בלײַבן וועט מײַן איינזאַמקייט אַליין,
ווי אַ פֿאַרלאָזט הינטל.
ווו זשע וועט עס זיך אַ הינטאָן
אָן אַ נומער אויפֿן האַלדז ? . . .

### אין פֿלוג . . .

אין פֿלוג, ווײַזט אויס,
איז גאָרנישט ניט געשען :
דעם "זײַ-געזונט"
און פינקטלעכער, מײַן מאַמעס קורלענדער
"צום ווידערזען",

פֿאַרטווישט דאָ בלויז
כ׳האָב אויפֿן — להתראות.
נאָר נישט געוווּסט האָב איך אַליין פֿון דעם,
אַז דאָרטן, אין דער פֿרעמד,
געוואַכט עס האָט פֿון קליינוויניז נאָך אין מיר
מײַן טאַטנס און מײַן זיידנס גרויסער גאָט
און האָפֿענונג — באַפֿרײַען זיך פֿון קלעם,
דערנידערונג און פֿײַנטשאַפֿט-בליק
און סוף כל סוף דערקליבן זיך
אַהער צו זיך, צוריק.

## דו, קאָך אין מיר . . .

קונדייסימלעך שלײַדערן שטיינדלעך אין ים.
ער דאַרף זיי? עס פֿעלן אים שטיינער?
און אַלטיטשקע קומען צו שלעפּן זיך קאַם
צום ליכטיקן רוישיקן ים
דערוואַרעמען די קוואַרע צעטריקנטע ביינער,
אַרײַננעמען אין זיך דעם היילבאַרן „יאָד״.
ס׳קומען בחורים — מיידלעך פֿון גאָטס גענאָד,
די גלידער געטאָקטע,
ווי קופּער צעשײַערטע, בלאַנקען.
און איך קום מיט שטילע און דאָרשטיקע טריט
פֿאַרטראָגן אין מײַנע געדאַנקען.
צום ראַנד האָט די זון-קויל געגנידערט צעגליט,
אַ רגילות די ערד רופֿן זינדיקע ערד,
נאָר ערגעץ האָב איך, ליבער ים, ניט געהערט,
ס׳זאָל עמעץ דיך אָנרופֿן זינדיקער ים.
די שיינקייט אַליין ביסט אין זוניקן פֿלאַם.
מײַן קאָפּ איך צעוויג אין דײַן שוימיק צעבוואַליעטן שויס.
דו קאָך אין מיר, בושעווע, ברויז!

1983.

## א. שערלעצקי

# בילדער פון צייט-אַלבאָם

### בלומען אין ירושלים

פיל זענען די געזאַנגען וועגן ירושלים. אַלע אונדזערע גרויסע פּאָעטן אין אַלע צייטן האָבן באַזונגען די שטאָט, אַזוי אַנהייבנדיק פון נעים זמירות ישראל, דוד המלך אַליין. פון ירושלים "מקדש מלך עיר מלוכה" ביז "ירושלים, שטאָט פון גאָלד", איז אַ לאַנג צעטל פון סופּערלאַטיוון. אין אונדזער תקופה, באַזונדערס די לעצטע צוויי־דריי יאָר, קומט ירושלים אַ נייע באַצייכענונג — ירושלים איז געוואָרן אַ שטאָט פון בלומען.

דאָס איז באַזונדערס בולט געווען דעם לעצטן זומער.

אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט און אויך איבער די צענטראַלע גאַסן און סקווערן און שוין אָפּגערעדט גאָרטנס און פּאַרקן, האָבן מיט אַ מאָל זיך צע־שפּראָצט בייטן מיט בלומען. פעלדער גאַנצע מיט קווייטן פון אַלע מינים און פון אַלע קאָלירן, פעלד־בלומען און גאָרטן־בלומען, בלומען פון איין סעזאָן און אַזעלכע וואָס וואַקסן און בליִען עטלעכע סעזאָנען נאָך אַנאַנד, בליִען און וויאַנען און באַנײַען זיך פון זיך אַליין, מיט אייגענע כוחות — אויך אָן דער אויפזיכט פונעם גערטנער . . .

אָט איז דער זומער פאַרבײַ, דער האַרבסט איז געקומען און אַ נייע בשורה זאָגט אונדז אָן, אַז צום ווינטערדיקן רעגן־סעזאָן דערוואַרט אונדז אַ צוגאָב פון נייע פרישע בלומען וואָס וועלן פאַרפלייצן די פּאַרקן און פּלעצער און סקווערן, אין אַלע קוואַרטאַלן. הונדערט טויזנט נורית־בלומען (לאַטייניש נאָמען: ראַנונקולוס) וועט מען הײַ־יאָר פאַרפלאַנצן — אַ מתנה פאַר ירושלים פון קיבוץ אורים אין נגב, וואָס איז עוסק אין קולטיווירן זרעים און בלומען־קווייטן. און צוזאַמען מיט די הונדערט טויזנט בלוי־ווייס־בלימלעך וועלן פאַרפלאַנצט ווערן נאָך הונדערט טויזנט טולפּאַן־בלימלעך, אַ געשאַנק פון ירושלימער פריינד אין האָלאַנד.

אַ היבשע פאַרשטאַרקונג פאַר דער שיינקייט פון ירושלים.

פאַרגעסן מיר אויך נישט דעם נישט ווייטן נעכטן. ווען איך בין אָנגעקומען אַהער, למשל, באַלד נאָך דעם מדינה־אויפקום, האָט מען קיין בלומען אין שטאָט כלל נישט געזען. ירושלים האָט דעמאָלט כאַראַקטעריזירט דאָרשט — דאָרשט נאָך פּשוט וואַסער צום טרינקען און צום באַוואַסערן, האָט במילא קיין רייד נישט געקענט זײַן וועגן באַוואַסערונג פאַר גרינס בכלל און בפרט פאַר בלומען. אַ צו

גרויס לוקסוס געווען דעמאָלט. שפּעטער, אַז ירושלים האָט באַקומען וואַסער, האָבן די בלומען זיך באַגרענעצט צו די ווייניקע גוט־געפּלעגטע גאָרטנס אין די רייכע קוואַרטאַלן. בלויז אין רעגן־סעזאָן, צווישן איין גאַס־רעגן און דעם צווייטן, האָט מען בלויז געקענט טרעפן אַ סך ווילדע רויטע בלימעלעך הינטער דער שטאָט, צעשיט איבער באַרג און טאָל ווי מאָן, רויטע אַנעמאָנע־בלימעלעך וואָס ווערן אין העברעיִש גערופן ״כלניות״ בעת דאָס פאָלק רופט זיי פּאָפּולער מכבים־בלימעלעך, צוליב דער לעגענדע אַז זיי וואַקסן אין די בערג פון ירושלים אומעטום ווו די ערד האָט איינגעזאַפּט אין זיך דאָס בלוט פון די געפאַלענע חשמונאים...

אָבער היינט צו זען בלומען דאַרפסטו נישט וואַרטן אויף די רעגנס, און דו דאַרפסט זיך נישט שלעפּן אין די בערג אַרום דער שטאָט — דו האָסט זיי אומעטום, ממש הינטער דער נאָז. באַגעגנסט זיי אויף טריט און שריט. שפּאַצירסט, למשל, אין דרום אויפן וועג צו דער באַן־סטאַציע און דו באַוווּנדערסט נישט בלויז די פּילצאָליקייט, די שפע־ברכהדיקייט און די פּיל־קאָלירקייט, און די פאַרשווענ־דערישקייט מיט וועלכער זיי באַדעקן שטחים גאַנצע, נאָר אויך דעם פאַקט וואָס דער עולם גייט פאַרביי און קיינער חידושט זיך מער נישט מיט דעם וווּנדער, און דאָס וויכטיקסטע — קיינער רייסט נישט די בלומען. אויך קינדער פאַרגלוסט זיך נישט זיי אָפּצורייסן פאַר זיך אַליין, פאַראַן דאָך אַזוי פּיל און עס סטייעט פאַר אַלע: קוק און זעטיק דיין אויג.

בלויז איין פאַל — דערציילט די פּאָליציי־כראָניק — האָט געטראָפן מיט אַ ירושלימער בירגער וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביים רייסן די בלומען. די פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט און געבראַכט פאַרן שופט, און דער שופט האָט געפּסקנט און אויסגעמאָסטן זיין שטראָף: צו אַרבעטן אַ וואָך צייט אין דער גאָרטן־אָפּטיילונג פון דער שטאָט, זאָל ער וויסן אַז נישט מן השמים און נישט אַזוי גרינג קומט אָן דאָס פאַרוואַנדלען ירושלים אין אַ שטאָט פון בלומען...

## דער בוים פון מיין שכן

דער בוים וואָס וואַקסט אין מיַין שכנס גאָרטן איז אַן אָביעקט פאַר מיַין כסדרדיקער באַוווּנדערונג, זינט איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דעם הויז מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק. אייגנטלעך וואַקסן דאָרט עטלעכעביימער. אויף סתם אַ בוים קוקט מען אָבער נישט, און מען זעט אים נישט. דער בוים וואָס רופט ביַי מיר אַרויס דעם חידוש איז אַ בוים וואָס טיילט זיך אויס פון אַלע אַנדערע. דאָס איז אַ פיקוס־בוים מיט ברייטע קערנדיק־גרינע בלעטער און דער עיקר איך האָב אים שוין געזען אין פאַרשידענע צושטאַנדן פון וועגעטאַציע און איינגעדאַרטקייט, אָבער אין לעצטן מאָמענט האָט ער זיך ווידער באַנייט און צעוואַקסן, און ער וואַקסט און ער לעבט ווייטער...

ווען איך בין אַריין אין מיין דירה איז דער בוים שוין געווען, און איך ווייס

נישט עד היום ווער האָט אים אייגנטלעך פֿאַרפּלאָנצט. איך ווייס בלויז, אַז דער שכן מײַנער האָט אים גוט געפּלעגט און אָפּגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. יעדעס יאָר אים אַרומגעשוירן און געקאַלכט זײַן שטאַם, אינזעקטן זאָלן זיך נישט אײַן אים אָנזעצן. פֿון יאָר צו יאָר איז דער בוים געוואָרן פֿעסטער, שטאַרקער, זײַנע צווײַגן און בלעטער — בונטער און צעשפּרייטער און מיט אַ סך שאָטן, אונטער וועלכן איך פֿלעג אָפֿט טרעפֿן זיצן מײַן שכן מיט זײַן שניי־ווײַסער טשופּרינע וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿונעם גרינעם געצווײַג.

פֿאַרשידענע מחלות האָט — ווי געזאָגט — דער בוים דורכגעמאַכט פֿאַר דער צײַט און פֿאַרלוירן אַ סך פֿון זײַנע צווײַגן און אַ סך בלעטער זענען געוואָרן געל און אָפּגעדאַרט. אויף זייער אָרט זענען אָנגעוואַקסן נײַע. דער בוים איז געקומען צו זיך, ווײַטער געוואַקסן...

געוואַקסן און געלעבט און זיך באַנײַט — אויך יאָרן נאָך דעם טויט פֿון מײַן שכן, וואָס איז מיט אַ מאָל אַוועק אין שפּיטאָל און מער נישט צוריקגעקומען. דער בוים האָט געלעבט אויך ווען די אַלמנה איז געבליבן אַליין אין דער דירה; דער בוים האָט ממשיך־געווען זײַן וואַקסן אויך נאָך דעם ווי די אַלמנה איז אַוועק וווינען צו איר אײַנציקער טאָכטער און אין דער דירה האָבן זיך אַרײַנגעצויגן אַנדערע לאָקאַטאָרן, אײַנער נאָכן אַנדערן, אויף קורצע טערמינען, ביז די דירה איז אָפּגעקויפֿט געוואָרן דורכן נײַעם באַלעבאָס. די גאַנצע צײַט — דער בוים לעבט, וואַקסט.

שטיי איך און באַוווּנדער די דויערהאַפֿטיקייט פֿון דעם בוים. נישט בלויז זײַן ערשטער באַלעבאָס, אויך פֿיל אַנדערע מענטשן אין דעם געסל זענען פֿאַר דער צײַט אַוועק פֿון דער וועלט. געשטאָרבן און פֿאַרגעסן. דאָס ביימל האָט זיי אַלעמען איבערגעלעבט.

יאָ, אַפֿילו אַ בוים איז דויערנדיקער ווי דאָס לעבן פֿונעם מענטש, וואָס איז ווי אַ פֿאַרבײַגייענדיקער שאָטן און נישט מער...

## אויגן

סוף וואָך האָב איך ליב שפּאַצירן אין די צפֿונדיקע גאַסן פֿון ירושלים. איך מיין די לעצטע צוויי טעג פֿון דער וואָך, ערב שבת.

אָט די גאַסן דערמאָנען מיר — מער ווי תּמיד — די אַלטע היימ, מײַן שטעטל.

איך האָב דאָ ליב די ערב־שבתדיקע פֿאַרפֿאַרעטקייט פֿון די באַלעבאָסטעס, דאָס אַרומשמאַיען פֿון די יידן. די קולות וואָס טראָגן זיך פֿון די ישיבות און חדרים, ווו די קינדער חזרן איין די פּרשה פֿון דער וואָך, און — די ריחות פֿון די שבתדיקע מאכלים וואָס די באַלעבאָסטעס גרייטן, די ריחות צווישן וועלכע עס דאָמינירט דער טעם גן־עדן פֿון די שבתדיקע פֿיש...

שפּאַציר איך אַפּט אין די גאַסן סתּם אַזוי זיך, אָן אַ ציל, און זאַפּ איין אין זיך די בילדער פון דער חרובער וועלט אונדזערער וואָס האָט זיך דאָ, אויף אַ וווּנדערלעכן אופן, אויפגעהיטן ווי אין אַ נאַטור־רעזערוואַט.

אויב אין אַנדערע טיילן פון ירושלים קאָן מען מיט אַ ביסל דמיון פילן דעם ווייטן אַמאָל, די פוסטריט פון מלכים און נביאים, די תנ"ך־צייטן, פילט מען אין אָט די גאַסן דעם נאָענטן עבר אונדזערן וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן אַזוי אכזריות־דיק פאַר אונדזערע אויגן.

זענען דאָך, למשל, די יידן מיט באָרד־און־פּיאות מיט זייער אויסזען אַזוי נאָענט צום אויסזען פון די אומגעקומענע טאַטע־זיידע אונדזערע. און נישט בלויז די מענער. אויך די פרויען, די פרויען און באַזונדערס די מיידלעך. זיי דערמאָנען מיר צום מיינסטן אין מיינע דערמאָרדעטע חברטעס, אין מיינע פיר שוועסטער...

איך שטעל זיך אין אַ לאַנגער ריי צום אויטאָבוס. קוק זיך איין אין פּנימער און געשטאַלטן. איך פאַרהאַלט מיין בליק אויף אַזאַ בילד: אַ יונגערמאַן מיטן אויסזען פון אַ לערנער, אַ ישיבה־מאַן. אין האַנט האַלט ער אַ רענצל. זעט אויס, אַז ער פאַרט אַרויס, מחוץ דער שטאָט. אים באַגלייט אַ יונג מיידל. זעט אויס אַ כלה אָדער יונג ווייבל, נאָר וואָס פון אונטער דער חופּה אַרויס. פון וואַנען איך ווייס דאָס? — פון אירע אויגן! איך זע אירע אויגן ווי זי קוקט מיט זיי אויף אים. אויגן ווי מאַנדלען פון וועלכע עס שלאָגט אַ מאָדנע ווייכקייט און געטריישאַפט, אַ פאַרליבטקייט און אַ צניעות, וואָס איז בנמצא ביי יידישע טעכטער און מען זעט דאָס היינט אפשר בלויז אין די צפונדיקע קוואַרטאַלן פון ירושלים.

אויגן פון אמת יידישע טעכטער...

## אַ מעשה מיט אַ באָרד

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. עס האָט גערעדט אַ גאַסט וואָס איז נאָר וואָס געקומען קיין ירושלים, כּדי צו באַטייליקן זיך אינעם וועלט־צוזאַמענפאָר פון יידישע קעמפער בעתן צווייטן וועלטקריג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער הויפּטשטאָט. יענער בעט מיר צו באַגעגענען זיך מיט אים אויף אַן אָפּגערעדטן פּלאַץ, ווו די אָנטיילנעמער פאַרזאַמלען זיך. ווי אַזוי איך וועל אים דערקענען צווישן אַזאַ גרויסן עולם, נאָך דעם ווי איך האָב אים נישט געזען אַן ערך צוואַנציק יאָר? — "וועסט זען אַ ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד — זאָלסטו וויסן: דאָס בין איך".

דעם ייד האָב איך געקענט נאָך פון מיינע יוגנט־יאָרן. אַז ער וועט קומען קיין ירושלים צו דעם צוזאַמענקונפט האָב איך געקענט דערוואַרטן; אָבער, אַז ער טראָגט אַ ווייסע באָרד, האָב איך זיך כּלל נישט געקענט פאָרשטעלן אין מיין פאַנטאַזיע. איך בין דעריבער שנעל אַוועק אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץ. איך האָב אים באַגעגנט ביים אַריינגאַנג, און נישט געקוקט אויף די פיל יאָרן וואָס זענען פאַרביי זינט איך האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל, האָב איך אים גלייך דערקענט. אַ האַנט־

דרוק, עטלעכע העפלעכקייט־ווערטער וועגן זיין געזונט, און וואָס עס מאַכט זיין משפּחה, און מיר זענען גלייך פֿאַרזונקען אין אַ שמועס.

אין אונדזער שטעטל האָבן מיר אים געקענט ווי אַן "אַפּיקורוס" וואָס האָט זיך צעקריגט מיט טאַטע־מאַמע און איז אַוועק אויף לינקס. ווי אַן אַקטיוער קאָמוניסט איז ער נישט איין מאָל אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּוילישער פּאָליציי. זיינע עלטערן האָבן געהאַט פֿון אים צרות צרורות און די ערגסטע בזיונות. זיין טאַטע, אַ ייד אַ תּלמיד־חכם, האָט לסוף פֿון גרויס צער פֿאַרלאָזט אונדזער שטאָט און זיך באַזעצט אין אַ קליין אָרט, ספּק־שטעטל ספּק־דאָרף, וווּ ער האָט פֿאַרנומען זיך ווי אַ שוחט און חזן.

אָט דער שוחט איז טאַקע געווען צווישן די ערשטע קרבנות פֿון דער נאַצישער חיה נאָכן פֿאַרנעמען פּוילן. דאָס איז נאָך געווען לאַנג איידער גאַנצע קהילות זענען פֿאַרניכטעט געוואָרן און איידער מען האָט אָנגעהויבן אַרויספֿירן יידן אין די טויט־לאַגערס. דאָס איז געווען שוין אין ערשטן יאָר פֿון זייער הערשאַפֿט ווען זיי האָבן זיך באַניגנט מיט פּייניקן יחידים און נאָך נישט עוסק־געווען אין מאַסן־מאָרד. אין איינעם אַ טאָג האָט מען דעם שוחט געכאַפּט ביים שעכטן, אַ זאַך וואָס איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן און דאָס איז גענוג געווען כּדי אים צו פֿאַרפּייניקן אויף טויט — אָן אַ דין און משפּט, בלויז אויפֿן באַפֿעל פֿון ס.ס.

דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ הדרת פּנים. הויך, ברייטפּלייציק און מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, וואָס ער האָט נישט געוואָלט אָפּשערן נישט געקוקט אויף די רדיפֿות פֿון די דייטשן, וואָס האָבן בכלל געדורפֿט יעדן ייד און בפֿרט אַ ייד מיט אַ באָרד. ער איז געכאַפּט געוואָרן, און אפֿשר צוליב זיין ספּעציעלן אויסזען, האָבן די דייטשן באַשלאָסן מיט אים מאַכן אַ "ספּעקטאַקל" פֿאַר דער גאַנצער שטאָט. אַ געשמידטער אין קייטן האָבן זיי אים געבראַכט אין אַ מאַרק־טאָג אין דער פּאָוויאַטאָווער שטאָט אַריין. אויפֿן באַפֿעל פֿון דער מאַכט האָבן אַלע יידן געמוזט זיין אויפֿן אָרט און דער ייד איז פֿאַרגעשטעלט געוואָרן פֿאַר זיי ווי אַ געפֿערלעכער פֿאַרברעכער וועלכער וועט באַלד באַקומען זיין שטראָף.

מוראדיקע און שווערע עינויים איז דעם ייד אויסגעקומען דורכצומאַכן אין יענעם מאַרק־טאָג פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער עדה, פֿון די יידן וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך אויסבאַהאַלטן און זענען געבראַכט געוואָרן דורך דער פּאָליציי צום מאַרק, און ביי דער אָנוועזנהייט פֿון די פּויערים, וואָס זענען יענעם טאָג געקומען צום מאַרק. דער גאַנצער ספּעקטאַקל איז געווען אַרום דעם אַלטן ייד. מען האָט אים געפּייניקט ביז צום טויט. דאָס איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס איז אומ־געקומען פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער שטאָט.

דער זון זיינער, דער מיט וועלכן איך זיץ איצט אין ירושלים און שמועס, איז דעמאָלט נישט געווען אין פּוילן. באַלד ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער אַנטלאָפֿן צו די שטחים וואָס זענען געווען באַזעצט דורך די סאָוויעטן נאָכן צעטיילן זיך מיט פּוילן. ערשט ווען די מלחמה האָט זיך פֿאַרענדיקט האָב איך אים געטראָפֿן, אין אַ מונדיר פֿון אַ רויטאַרמייער, ווי אַ פֿראָנט־קעמפֿער קעגן די נאַציס. פֿון מיין

מויל האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט וועגן זײַן טאַטנס טויט. איך האָב דעמאָלט געהאַט דעם איינדרוק אַז די מעשה האָט אויף אים נישט געמאַכט אַ באַזונדערן רושם. ער האָט זיך שוין ווייזט אויס געהאַט צוגעוווינט צו די גרוילן וואָס זענען צו אים דערגאַנגען וועגן די יאָרן פון אויסראָטונג.

צען יאָר שפּעטער נאָך אָט דער באַגעגעניש, האָבן מיר זיך געטראָפן צום צווייטן מאָל. דאָס איז שוין געווען אין תל־אביב. דאָס מאָל זענען צווישן אונדז געווען נאָך עדות פון יענעם געשעעניש. ער איז צוגעשטאַנען צו אונדז מיר זאָלן איין מאָל און נאָך אַ מאָל דערציילן, נאָך און נאָך פּרטים — אַלץ וואָס מיר האָבן געוווסט וועגן די לעצטע טעג פון זײַן פאָטער און וועגן גורל פון דער גאַנצער משפּחה זיינער.

די באַגעגעניש אונדזערע אין ירושלים איצט, איז שוין געווען דאָס דריטע מאָל. אָט זיצט פאַר מיר דעם שוחטס זון, דער ״אפּיקורוס״ און ״מומר להכעיס״ ווי מען האָט אים גערופן פאַר דער מלחמה, און איך זע פאַר זיך גאָר אַ ייד מיט אַ באָרד, וואָס דערמאָנט אין גאַנצן דעם פאָטערס באָרד. ער זאָגט מיר שטיל, ווי בסוד, אָט וואָס:

— איך האָב געטאָן אַ נדר די לעצטע יאָרן פון מיין לעבן צו לאָזן וואַקסן די באָרד, אַזוי ווי דעם טאַטנס באָרד און צום אָנדענק נאָך אים. אָט האָבן מיינע קאַמפּס־חברים געבראַכט צום דאַזיקן צוזאַמענפאַר זייערע מעדאַלן און אויס־צייכענונגען, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר זייער קאַמף. זיי טראָגן די מעדאַלן מיט שטאָלץ אויף זייער ברוסט, איך האָב געבראַכט אַהער בלויז מײַן באָרד. אַ זכר פון מיין טאַטנס באָרד, פאַרפייניקט דורך די נאַציס — איך טראָג די באָרד מיט נישט ווייניקער שטאָלץ ווי אַלע אַנדערע חברים מיינע טראָגן דאָ זייערע מלחמה־מעדאַלן...

אַ טרער איז אים געשטאַנען אין די אויגן געהילט אין אַ לייכטן נעפּל, ווי עפּעס וואָס וואָלט אים געשטיקט אין האַלדז. אויך מיך האָט דאָס טיף גערירט...

## אין מטולה זענען יאָ פאַראַן פייגל...

״נישטאָ קיין פייגל אין לבנון״. אונטער אַזאַ קאָפּ האָב איך איבערגעלייענט אַ רעפּאָרטאַזש אין איינעם פון די פּרייטיקדיקע מאַגאַזינען. עטלעכע טעג שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין לבנון, און איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך איבערצייגן אַז — יאָ, נישטאָ קיין פייגל אין לבנון...

אַ גאַנצן טאָג, פון זעקס פרי ביז זעקס אין אָונט, בין איך אַרומגעפאָרן אין דער לענג און ברייט פון דרומדיקן טייל לבנון, ביז צו דער נייער ליניע פון צה״ל ביים אָוואַלי־טייך. איך האָב געקלעטערט אויף די בערג, גענידערט אין די טאָלן, שפּאַצירט ביי טייכן און קוואַלן, אין קליינע און גרעסערע וועלדלעך, אין פּרדסים —

קיין איין פויגל האָב איך די גאַנצע צייט אינערגעץ נישט אָנגעטראָפן, ער זאָל אַ שוועב טאָן איבערן בלויען אויסגעלייטערטן הימל יענעם זוניקן האַרבסט־טאָג.

ביים זיצן אינעם פאַרענדיקן אויטאָ האָב איך אויף קיין רגע נישט אָפּגעריסן מיין בליק פונעם דרויסן. געקוקט און געקוקט — אפשר פאַרט וועל איך זען, כאָטש איינצלנע שוועבנדיקע פליגל אין דער לופט. אָבער אומזיסט. טרויעריק זענען די הימלען פון לבנון — אָן פייגל.

און דאָס — אין סאַמע מיטן פון די גרויסע פייגל־וואַנדערונגען פון צפון, פון אייראָפּע, פון וואַנען עס פליען גאַנצע מחנות, וואָס פאַרלאָזן די קאַלטע לענדער און ציען, דורכן מיטלען מזרח, אויף דרום צום הייסן אַפריקע.

וואָס איז געשען מיט די פייגל אין לבנון ? — האָבן מיר געפרעגט און באַקומען דעם ענטפער: לבנון פאַרמאָגט צופיל יעגערס. צופיל יעגער־ביקסן ווערן דאָ געלאָזט אין גאַנג. אַ נאַציאָנאַלער ספּאָרט אָזאַ — שיסן בעלי־חי. גענוג אַ בעל־כנפיים הייבט זיך אויף אין דער לופט, און באַלד זענען צו אים געצילט ביקסן וואָס לאָזן נישט צורו ביז ער פאַלט נישט אַראָפּ. אַזוי איז דאָ געווען אין משך פון יאָרן. דערצו זענען צוגעקומען די מלחמות, די בירגערקריגן און די מלחמה „שלום הגליל", און לסוף ווידער שיסעריַיען צווישן די באַזונדערע סעקטעס. די פייגל ווייכן פון אַ לאַנד ווו מען הערט גאָרנישט אויף צו שיסן...

אַ מידער פון אַ גאַנצן טאָג אַרומפאָרן איבער די וועגן, באַרג און טאָל, אין דרום־לבנון. זענען מיר פאַר נאַכט אָנגעקומען אַ היים, צו אונדז אין דער אכסניה, אין מטולה, אויף אונדזער זייט גרענעץ. ערשט מיר גיבן אַ קוק: פייגל איבער אַלע דעכער, נעסטן צווישן די ביימער־צווייגן, טשאַטעס גאַנצע פליִען אין דער לופט, פאַרכאַפּן אויג און אויער מיט זייער אַרומפליִען און צווישטשען זייער אָוונט־תפילה, איידער זיי לאָזן זיך אין זייערע נעסטן צו נאַכט־רו...

האָבן מיר געשטוינט, געגאַפט, געווען פול מיט חידוש און באַוווּנדערט די אינטעליגענץ פון די בעלי־כנפיים. פון וואַנען ווייסן זיי, אַז אין מטולה מעג מען? אַז אין מטולה וועט מען צו זיי נישט שיסן, כאָטש די מושבה איז ווי אַ פינגער אַריינגערוקט אין שטח פון לבנון ?

פון רעכטס און לינקס פון מטולה — קיין איין פויגל. אין מטולה גופא איז מיט זיי פול, — ווער קען וויסן דעם באַשייד ?



## מאיר חרץ

# דער מינדסטער באַריר

זאָג איך צו זיך:

פֿאַרמאַך די אויגן און שרײַב,
צעעפֿן די אויגן — צערײַס
און נאַר זיך נישט אָפּ, אַז סע בלײַבט
פֿאַרשריבן שוואַרץ אויף ווײַס.

צערײַס און ווידער דערנאָך
פֿאַרזיי דאָס פּאַפּירענע פֿעלד
מיט ווערטער, אפֿשר איז דאָך
פֿאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט.

און אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ גאָט,
איז דאַרף ער דאָך האַלטן מיט מיר
און מיט די צען געבאָט,
וואָס איך האָב איבערגעפֿירט
פֿון אַלטן שטיין אויף פּאַפּיר.

דערנאָך פֿונעם פּאַפּיר
אויף הונדערט טויזנט פּאַפּירן
און זיי אַריבערגעפֿירט
צו הונדערט טויזנט באַנקירן.

די געטלעכע צען געבאָט
און שומרים געשטעלט בײַ דער טיר
און אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ גאָט,
איז מוז ער האַלטן מיט מיר.

**ירושלים, 29סטער סעפּטעמבער 1983.**

## דער מינדסטער באַריר

דער מינדסטער באַריר
פֿון שוואַרצער פּען מיטן ווײַס פֿון פּאַפּיר
און סע צינדט זיך באַלד
ווי פֿון אַ שוועבעלע אָן אַ וואַלד
און סע ברענט און סע ברענט
גלײַך ווי אַ פֿײַער, וואָס טויזנטער הענט
האָבן אַרום דער וועלט עס צעלייגט,
גלײַך ווי פֿון ווינט דאָס פֿײַער זיך בייגט
און הייבט זי אויף, די פֿאַרשלאָפֿענע ערד
און זעצט מיט איר אין דער אונטערערד,
ביז וואַנען אַלץ איז איבערגעקערט,
די אונטערערד פֿליט אין דער לופֿט
און רופֿט און רופֿט און רופֿט
דעם רוף, וואָס קומט פֿון מינדסטן באַריר
פֿון שוואַרצער פּען מיטן ווײַס פֿון פּאַפּיר.

**ירושלים, 25סטער סעפּטעמבער 1983.**

## אויסער די ראַמען

**דעם ליבטיקן אָנדענק פֿון מאַקס מעלמאַן**

צי קאָן מען דעם טרויער-דאָרשט שטילן,
פֿאַרמעקן דעם טויט מיט אַ שמייכל
אין די ראַמען פֿון מענטשלעכן פֿילן,
אין די ראַמען פֿון מענטשלעכן שכל ?

אין די ראַמען פֿון מענטשלעכן פֿילן,
אין די ראַמען פֿון מענטשלעכן שכל,
מע קאָן דעם טרויער-דאָרשט שטילן,
פֿאַרמעקן דעם טויט מיט אַ שמייכל.

נאָר וואָס איז אויסער די ראַמען,
פֿון מענטשלעכן פֿילן און דענקען,

דאָרטן פֿון וואַנען מיר שטאַמען,
אַהינצו, וווּהין מיר בענקען ?

דאָרטן, פֿון וואַנען מיר שטאַמען,
אהינצו, וווּהין מיר בענקען,
וועט בלײַבן אויסער די ראַמען
פֿון מענטשלעכן פֿילן און דענקען.

ירושלים, 25סטער סעפּטעמבער 1983.

## עפּעס וואַרפֿט זיך

עפּעס וואַרפֿט זיך אונטער דער דעק,
עפּעס רירט זיך און ווערט נישט אַנטפּלעקט,
עפּעס, נו עפּעס, וואָס האָט נישט קיין קראַפֿט
צו ווערן אַן עפּעס, וואָס האָט אַ האַפֿט.

צי וואַרפֿט זיך עס טאָקע ? מיר האָט זיך געדאַכט,
אַז עפּעס וואַרפֿט זיך בײַ טאָג און בײַ נאַכט,
אַז עפּעס וואַרפֿט זיך אונטער דער דעק
און דעקט זיך נישט אָפּ און ווערט נישט אַנטפּלעקט.

איך וואָלט דאָך געקאָנט מיט אַ טראָט אָדער צוויי
צוגיין פֿון איצטיקן אָרט, ווו איך שטיי,
צוגיין צום אָרט, וואָס איז צוגעדעקט
און איינס און צוויי און אַלץ איז אַנטפּלעקט.

ווײל זיך מיר אָבער נישט וויסן, וואָס
ליגט דאָרט און שטעקט נישט אַרויס די נאָז,
ליגט דאָרט צוגעדעקט איבערן קאָפּ
און אפֿשר גאָר איז עס אַ ליידיקער טאָפּ ?

איז לאָז איך עס ליגן צוגעדעקט,
איז לאָז איך עס ליגן נישט אַנטפּלעקט,
מע קען דאָך נישט לאָזן דעם דור, וואָס קומט אָן,
ער זאָל נישט האָבן וואָס צו טאָן.

ירושלים, 3טער סעפּטעמבער 1983.

## דער היישעריק פון ווערטער

מיר האָט געחלומט זיך אַ היישעריק פֿון ווערטער,
וואָס האָט פֿאַרדעקט דעם ערדקײַלער — וואַסער און יבשה.
ס'איז נישט פֿאַרבליבן קיין נישט צוגעדעקטע ערטער
פֿון דער היישעריק-פּראָדוקציע פֿונעם לשון.

און אַז איך האָב מיך אויפֿגעכאַפּט פֿון חלום,
אַרויסגעשלעפּט אַ האַנט פֿון אונטער דעקע,
האָב איך געזען דאָס זעלבע וואָס אין חלום
ביז צום סאַמע האָריזאָנט אַ לאַנגע שטרעקע.

האָב איך געכאַפּט אַ זאַק אַ צוגעדעקטן
פֿון ווערטער-ווערטער און דעם זאַק געעפֿנט,
גענומען פּאַקעווען אין אַנגסטן און אין שרעקן
מיט הענט און פֿיס, מיט גאָפּל און מיט לעפֿל.

און באַלד אַ צווייטן און אַ דריטן און אַ פֿערטן —
אָט שטייען גאַנצע צוגן שוין מיט פֿולע זעק געלאָדן
און דאָס איז נאָך אפֿילו נישט קיין פֿערטל
פֿון קלענסטן פּלאַץ פֿון צוגעדעקטן באָדן.

אָט שטייען שיפֿן ריזיקע און שווערע פֿון דער משא
געלאָדענע ביז איבערן קוימען,
זיי שנײַדן זיך אַ וועג דורך צוגעדעקטן וואַסער
און אָט פֿאַרדעקן ווערטער שוין ווי וואָלקנס אויך די רוימען.

און פּלוצים רײַסן אויף די ווערטער זיך ווי באָמבעס,
סע פֿליט אַן ערד אַן ווערטער, צעוואַקסט זיך ווי אויף הייוון
און גלײַך ווי פֿון אַ שוץ-קעלער, אַ הייל, אַ קאַטאַקאָמבע
סע קומט אַרויס דער מענטש ווי נח פֿון דער תיבה.

**ירושלים, 24סטער אויגוסט 1983.**

## סע מוז דאָך קומען

סע מוז דאָך קומען אַ מאָל,
איך ווייס ביז הײַנט נישט ווער,

מיט נישט קיין געבראָכן קול,
מיט נישט קיין פֿאַלש געהער
און מיט אַן ערלעכער וואָג
און מיט אַ ריכטיקער מאָס,
עס מוז דאָך קומען דער טאָג,
ער מוז, ער מוז, ער מוז
און מיט אַ פֿולער גלאָז
זיך שטעלן צו מײַן רשות.

און ווער האָט געזאָגט, אַז ער מוז
זיך שטעלן צו מײַן רשות,
ווען קומען וועט דער טאָג,
דער טאָג מיט אַן ערלעכער וואָג
און מיט אַ ריכטיקער מאָס
און מיט אַ פֿולער גלאָז
זיך שטעלן צו מײַן רשות,
ווער האָט געזאָגט, אַז ער מוז?

איז וועט ער נישט קומען אַ מאָל
מיט נישט קיין געבראָכן קול,
איך ווייס ביז הײַנט נישט ווער,
מיט נישט קיין פֿאַלש געהער?
ווען איך וואָלט געוווסט אויף געוויס —
מײַן וואַרטן איז אומזיסט,
וואָלט איך די טיר געלאָזט
פֿאַרשלאָסן אויף אַ שלאָס
און וואָלט מיר טאָג ווי נאַכט
בײַם פֿענצטער נישט געוואַכט.

ירושלים, 29סטער סעפּטעמבער 1983.

## נחמן ראַפּפּ

# קאָראַלן

די אינסטאַנץ פאַר אויפהיטן און פלעגן נאַטור־רעזערוואַטן האָט פאַרבאָטן אַרויס־צוטראָגן קאָראַלן פון די טיפענישן פון בלויען דרומדיקן ים. קאָראַלן זענען ווי פלאַסטן פון געשיכטע, וועלכע וואַקסן אָן מיט דער צײַט. און ווער רײַסט עס לעבעדיקע בלעטער פון יענעם וווּנדערלעכן בוך, וואָס דערציילט וועגן מענטשלעכן זײַן אונטער דער זון?

און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז דער סטודענט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן, דײַוו סיימאַן, פון שטאַט קאַליפאָרניע, איז מיט זײַן געבלימטער גיטאַרע איבער די אַקסלען, אַוועק צום קאָראַלן־אינדזל וואָס בײַ דער שטאָט אילת, און דאָרט געלייענט יענץ וווּנדערלעך בלאַט פון זײַן לעבנסגעשיכטע, וואָס זײַן איבער־געוואַקסענע יוגנט האָט מיט דער צײַט פאַרמעקט און דאָרט איבערגעלאָזט אַ ווײַסן בלויז, אויף וועלכן מען קען פאַרשרײַבן יעדע וואַרשײַנלעכקייט. און ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט יענעם וווּנדערלעכן פלאַסט פון זײַן לעבן, האָט ער געפונען פאַר אים בלויז צוויי שווערע טרערן־טראָפּנס, וואָס זענען געפאַלן אין דער עפענונג פון זײַן גיטאַרע, און געמאַכט זײַן געזאַנג טרויעריק אויף לאַנגע לאַנגע צײַטן.

כדי צו ענדערן אַ נאָמען און אים פאַרוואַנדלען אין היימישן קלאַנג, איז געגנוג אַ ווײַטער קרוב אויף יענער זײַט ים, וואָס האָט אויפגענומען דאָס ייִנגל דודל שמעונאָוויטש, אַ געראַטעוועטן פון דער אָנגעטראָגענער אייראָפּע־מגפה, און אים צוריקגעבן דעם מילדן קינדערישן בליק אין זײַנע צעשראָקענע אויגן, פון וועלכע עס איז שוין געהאַט אויסגערונען דער לעצטער טראָפּן פון גלויבן אין מענטש. דער ווײַטער אַמעריקאַנער קרוב האָט אים אָפּגעפונען אויף די ראַנדן פון צעטרייסלטן לעבן אין דער פוילישער שטאָט, און צוזאַמען מיט זײַן הונגער און אָפּגעשליסנקייט אים אויך פאַרדעקט מיטן שווערן מאַנטל פון שווץ. אָבער דער אומרו, וואָס האָט געשראָקן אין די טעג און גענאַיעט אין די נעכט, האָט אויך דאָרט, אין דעם גרויסן און פרײַען לאַנד, נישט נאָכגעלאָזט. אַ מאָל איז ער געקומען, אָט דער אומרו, אין דער פאָרם פון טיפן אומעט, וואָס האָט פאַרשלאָסן בײַ אים דאָס מויל אין לאַנגן שווײַגן, און אַ מאָל אין אויסברוך אין נאַכטיקע חלומות פול מיט קאָשמאָרן. דער ווײַטער פעטער האָט גערעדט שטיל און פאַרזיכטיק צום איבערוואַקסענעם ייִנגל, בײַ ווען די אויבערשטע ליפּ האָט זיך גענומען באַ־שפּראָצן מיט טונקעלע שיטערע האָר:

— די געשיכטע קען מען נישט קערעווען אויף צוריק, און מיר זענען פֿאַר־פֿליכטעט זי צו טרײַבן פֿאַרויס אין דער ריכטונג צו איר ציל.

— צו וועלכן ציל? — האָט דאָס ייִנגל געפֿרעגט, וויסנדיק אַז אַלע צילן זענען שוין אויסגעשפּילטע.

דער גרויער פּראָפֿעסאָר פֿאַר געשיכטע סעמועל מאַרק האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן:

— זײַ מוחל. די באַצייכנונג ציל איז דאָ אין גאַנצן אַ פֿרעמדע, אַן אַרויס־געוואָרפֿענע פֿון אַ פֿרעמדן קאָנטעקסט. געוואָלט האָב איך זאָגן באַשערטקייט. און פֿון דעם קען מען נישט אָפּגייגן.

שוער זענען געווען די שמועסן צווישן דודל שמעונאָוויטש און זײַן ווײַטן פֿעטער, דעם קאָלעדזש־פּראָפֿעסאָר סעמועל מאַרק. דער פּראָפֿעסאָר האָט געזען דעם אָפּגעפֿאַלענעם רויך אין דער אָפּגעברענטער אייראָפּע און דעם טונקעלן פֿלעק אויף דער פֿרעמדער ערד, געבליבן נאָך זײַן פֿארשווונדן פֿאָלק. דאַקעגן האָט דודל מיטגעברענט מיט אַלע שריפֿות און ווי זיי געווען באַשטימט אויס־געלאָשן צו ווערן אויפֿן דעק פֿון אַנגעהויפֿטן אַש פֿון דורכגעברענטן טיגל. וואָס ווייסט דער פֿעטער וועגן איין שעה פֿון נאָך נישט געוועזענער פֿײַן אויף דער ערד?

די מומע בעסי האָט זיך געשראָקן פֿאַרן ייִנגל. די פּסיכאָלאָגין האָט געוווּסט, אַז פֿריער אָדער שפּעטער וועט ער זיך מוזן אומקערן צו דער דורכגעלעבטער וועלט פֿון קאָשמאַרן. און וואָס קען געשען צווישן אָט דעם פֿריער אָדער שפּעטער? זי האָט עס איין מאָל געזאָגט אָפֿן איר מאַן, דעם געשיכטע־פּראָפֿעסאָר:

— עס שרעקט מיך זײַן שווײַגן. אַ מענטש וואָס שווײַגט צו פֿיל מוז זיך דערגאַנצן מיט מעשים. מען קען נישט פֿאָרויסזען קעגן וועמען ער וועט ווענדן די קויל פֿון זײַן פּיסטויל.

קיין פּיסטויל האָט ער זיך נישט אײַנגעשאַפֿט און קיין קויל האָט ער צו קיינעם נישט געשאָסן. נאָר די לעקציעס פֿון געשיכטע וואָס ער האָט אויסגעהערט פֿון זײַנע לערער אויפֿן אוניווערסיטעט און אויך פֿון זײַן ווײַטן קרוב, דעם געשיכטע־פּראָפֿעסאָר, האָבן אויסגעקרימט זײַנע ליפּן אין אַ ביטערן שמייכל און די וועלט־געשעענישן פֿון אַ מאָל און הײַנט האָבן אים אויסגעזען ווי אויס־געטראַכטע מעשהלעך צו פֿאַרמאַניען קינדער אין דער וועלט פֿון רויִקן שלאָף. ער האָט אויסגעפֿילט זײַנע העפֿטן מיט קאָנספּעקטן ווי אַ געקומענער פֿון אַ פֿרעמדן, נישט מענטשלעכן פּלאַנעט, וואָס איז געצוווּנגען צו פֿאַרשרײַבן די טוונגען פֿון מענטש וואָס אַלע האָבן אים אויסגעזען אומזיניק און פֿאַלש. שטיל און עקשנותדיק האָט ער געבענקט נאָך אַ גיכן רויִקן טויט.

די שטאָט האָט געברויזט מיט איר גרויס־שטאָטישן לעבן. סטודענטן האָבן מאַרשירט אין דעמאָנסטראַציעס פֿאַר אַלערליי זאַכן וואָס זיי האָבן אויסגעזען אין זייערע אויגן פֿאַר וויכטיק. אין איינער אַזאַ דעמאָנסטראַציע, קעגן עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן די שוואַרצע, איז זײַן חבר אויף דער שול־באַנק פֿאַרווונדעט

געוואָרן דורך אַ באַוואָפנטן פּאָליציאַנט. ער האָט באַגלייט זײַן חבר אין האָספּיטאָל און געמורמלט צו זיך:

— צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט, דער נאַר?

ער האָט עס אַרויסגעזאָגט ווי אַרויסגעלייענט פון אַ געהיים־שריפט. פון אַ בוך, פון וועלכן עס זענען אויסגעמעקט געוואָרן אַלע מענטשלעכע טעקסטן, ווי אויס־געמעקט עס זענען געוועזן פון זײַן לעבנס־בוך זײַן צעניאַריקער עלטער, בעת דאָס פײַער האָט אים געטראָפן אין זײַן היים־שטעטל, ביז הײַנט, ווען ער האָט נישט קיין אָרט פאַר זײַן געמיט אין דער גרויסער אומפאַרשטענדלעכער וועלט. ער האָט אָנגעקוקט די רוישיקע שטעט און די מאַסן מענטשן זייערע, די אַלע וואָס זענען דאָרטן נישט געווען, ווי אָנגעהעריקע צו אַ פרעמדן מין, צו וועלכן מע קען נישט קומען מיט קיין טענה און מאַנונג. די אַלע, האָט ער געוווּסט, האַלטן נאָך זייער גלויבן אין מענטש, און בײַ אים איז ער אויסגעלאָשן געוואָרן צוזאַמען מיט דער אויסגעלאָשענער שריפה.

די מומע בעסי איז געזעסן און מיט אים געשמועסט אין די לאַנגע, לאַנגווײַליקע אָוונטן. פון זײַנע קאַרגע שפּליטערס־ווערטער האָט זי אַרויסבאַקומען אַ ברוכטייל פון אַ בילד, אַ זעונג נישט געזעענע, אַן אָנונג וואָס איז קוים צו אָנען, וועגן אַ לעבן פון טיפן טרויער. אַ לעבן, אין וועלכן דער צעניאַריקער דוד איז איבער נאַכט אויסגעוואַקסן צו אַ פײַער־פאַקל וואָס דערלאַנגט צום הימל, און די גוטע מלאכים נידערן אים צוריק צו דער פינצטערער ערד, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אויפ־צוגיין אין פלאַם פײַער. עס איז געווען ווי אַ קאַפּיטל פון אַ בוך, וואָס האָט זיך געענדיקט בײַ זײַן צענטן לעבנסיאָר, און דערנאָך זענען געקומען בלעטער פון רויטן אָנגעצונדענעם משוגעת. די פּסיכאָלאָגין בעסי האָט עס געהערט און זיך געמיט עס צו קלאַסיפיצירן אין מענטשלעכן באַוווּסטזײַן אירן. זיך באַמיט און נישט געקענט. אָבער די צען יאָר לעבן זײַנע האָבן דאָך געמוזט דערציילט ווערן.

## ב

ער געדענקט אַז ער האָט געהייסן יאַנקל און זי האָט געהייסן רבקה. ווי עס האָט געהייסן זייער אייניאָריק טעכטערל אין וויגעלע קען ער זיך בשום אופן נישט דערמאָנען.

אין אַ הויף אויף דער גויִישער גאַס האָט יאַנקל געהאַלטן זײַנע צוויי געזונטע פערד, דעם גניאַדן מיטן סיוון, וועלכע ער האָט כסדר געפּוצט און געבאַרשט ווי זיי וואָלטן געווען פּריצישע רײַט־פערד. אין דער אמתן איז יאַנקל געווען אַ בעל עגלה, וואָס פלעגט אין די טעג פירן סחורות פון דער קרייז־שטאָט אין שטעטל אַרײַן. פאַר נאַכט צו, ווען די סחורות זענען שוין געווען אויסגעלאָדן פון ברייטן וואָגן, פלעגט יאַנקל פאַרפאָרן צו זיך אין הויף ווי אַ זיגער נאָך אַ שלאַכט. אָפּ־טרינקען די פערד און פאַרוואָרפן פאַר זיי דעם אָברעק פלעגט רבקה. זי האָט עס געטאָן שטיל און געלאַסן ווי אַ גאַטעסדינסט. און ווען זי האָט זיך צוריקגעקערט אין דער הײַזקע און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר, האָט זי יאַנקלען קוים דערקענט:

ער האָט שוין געהאַט, ווי ער האָט ליב געהאַט צו זאָגן, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם פּורמאַן, און אַן אויסגעצוואָגענער געזעסן בײַם ברייטן דעמבענעם טיש און געשמייכלט. אויך רבֿקה האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ סודותפֿולן שווייגן, ווי אויספֿילנדיק אַ געהיימען אָפּמאַך צווישן זיך, אויסצושווייַגן די בענקשאַפֿט פֿון זייערע הערצער וואָס האָט זיי ביידן פֿאַרבונדן אין אַ געהיימען אינטימען בונד. אויך זייער אָוונט־מאַלצײַט איז אַדורך אין אַט דעם געהיימען שווײַגן. ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַז זייער וואָרעם וואָרט אין מויל וועט אַרויספֿליִען דורכן אָפֿענעם זומערדיקן פֿענצטער און זיי לאָזן אויסגעהוילטע ווי אַ ביזן סוף אויס־געחלומטן חלום. ערשט נאָך דעם זענען זיי ביידע געזעסן בײַם אָפֿענעם איינציקן ברייטן פֿענצטער און געשמייכלט צום זומערדיקן פֿאַרנאַכט אין דער הינטער־שטעטל־שער גוייִשער גאַס, דער באַשאָטנטער מיט הויכע קאַשטאַן־ביימער. יאַנקל האָט גערעדט מער צו דער גאַס ווי צו איר. שעמעוודיק האָט ער געווענדט זײַן בליק און געשמייכלט זײַן אייביקן שמייכל פֿון אַ קינד:

— אַ מחיהדיקער דרויסן הײַנט. די ביימער גיבן זיך נישט קיין ריר ווי זיי וואָלטן דאַווענען שמונה עשרה.

אויך רבֿקה האָט געשמייכלט. נאָר איר שמייכל איז געווען אַן אָפֿענער און פֿרײַער. אירע ברייטע ליכטיקע ציין האָבן געלויכטן איר מאַן אין פּנים אַרײַן:

— באַלד וועט קומען דער האַרבסט. די קאַשטאַנען וועלן רײַפֿע פֿאַלן פֿון די בוימער און זיך אויסבאַהאַלטן אין די רינוועס בײַם זײַט וועג, אונטערן געלן בלעטערפֿאַל. געדענקסט, יאַנקל, ווי מיר פֿלעגן קלײַבן די קאַשטאַנעס און שפּילן מיט זיי אין ניס? דו פֿלעגסט שטענדיק בײַ מיר אָפּגעווינען אַלץ.

איצט האָבן ביידע געלאַכט. ווען איז עס געווען? ערשט נישט לאַנג. און אַט רוט שוין אין וויג זייער יונג גליק, וואָס רויבט אַוועק קינדעריש שטיקער ליבע פֿון זייערע הערצער און באַהאַלט עס פֿאַר זיך, צווישן די ראָזע וויקעלעך. יאַנקל האָט געפֿרעגט זײַן אייביקע פֿראַגע אין אַט אַזאַ שעה:

— דאָס קינד שלאָפֿט, רבֿקהלע?

— יאָ, עס שלאָפֿט — האָט רבֿקה נישט אויפֿגעהערט שמייכלען, עס איז זאַט און עס שלאָפֿט רויִק.

פֿאַרן נידערן הינטערן הויקערדיקן שטעטלשן באַרג האָט די זון אָפּגעשענקט איר לעצטן שטראַל דעם אָפֿענעם פֿענצטער אין דער קליינער הילצערנער הײַזקע. רויטער גאָלד האָט אויפֿגעגליט אין אָפֿענעם פֿענצטער. די צוויי שווערע בלאָנדע צעפּ, פֿאַרוואָרפֿן אויף רבֿקה׳ס יונג־מאַמישער ברוסט האָבן זיך אָנגעצונדן אין פֿלאַם־פֿײַער, און בגנבֿה האָט יאַנקל געקוקט אַ דורשטיקער אויף אַט דעם וואָרע־מען ווונדער. דער זונשטראַל האָט פּאַמעלעך געגלידערט אויף אירע היפּטן און אירע רונדיקע גלאַטע קני. איצט האָט יאַנקלס בליק באַקומען דעם לעצטן זון־אָפּשײַן. באַמאָלן זײַן ייִנגליש רויטלעכן געזיכט און זײַנע סאַמעטווייכע שוואַרצע אויגן. פֿון הינטערן באַרג האָט אויפֿגעזונגען זײַן געהיים ליד אַ שטילער ווינט און באַרירט די ביימער־קרוינען. רבֿקה האָט זיך אויפֿגעשטעלט:

— מען דאַרף צומאַכן דאָס פענצטער, דאָס קינד קען זיך איבערוועקן.

ער האָט נאָכגעקוקט איר געלאַסענעם טראָט, דעם ווייכן געוויג פון איר מיט זאַפטן אָנגעגאָסענעם קערפּער און געבענטשט זײַן באַשערטן גס. פּאַמעלעך ווי נישט איבערצושרעקן דעם באַשטאַנד האָט געגנידערט די נאַכט.

אין דער דאָזיקער שעה פלעגט אומרויִק ווערן דער שכן פון יענער זײַט וואַנט, דער גמרא־מלמד משה הערש. ער האָט געוווּסט, אַז עס וועט לאַנג נישט דויערן, און פון יענער זײַט וואַנט, בײַ דעם שכן יאַנקל דעם פורמאַן, וועלן זיך אָנהייבן הערן הויכע געלעכטערס. די געלעכטערס וועלן קומען ווי פלוצלונגדיקע אויפ־רײַסן אין אַ מיטן שווײַגן. עס וועלן זײַן נידעריקע שווערע געלעכטערס פון מענער און הילכיקע סאָפּראַנע־געלעכטערס פון פרויען. זיי וועלן זיך אַרײַנרײַסן צום מלמד אין די אויערן ווי קליינע קיצלדיקע שדים און וועלן אים אַרויסשלאָגן פון די רעיונות. נאָך די שווערע סוגיות פון שור שנגח, וואָס ער האָט געקנעלט מיט זײַנע תלמידים אין משך פון לאַנגן זומערדיקן טאָג, איז דער מלמד משה הערש אָפּגעשוווּמען אין אַ וועלט פון אָריענטאַלישע שאַרפע אַראָמאַטן און געווירצן פול מיט סוד. צוויי וועלטן זענען זיי, די וועלט פון תלמודישן נגלה און דעם זיסן נסתר פון הייליקן זוהר. וואָס פאַרא מרחק צווישן די דאָזיקע צוויי וועלטן! אין די טעג, בײַ דער גמרא, האָט מען געמוזט אָנקומען צום נגון, ער זאָל ווייכער מאַכן די פאַרוויקלטע סוגיא. ולא כסומכוס, די משנה לערנט מען נישט לויט סומכוסן — פלעגט דער מלמד אונטערזינגען מיט זײַן הייזעריקלעכער שטימע און די תלמידים פלעגן נאָכזאָגן מיטן זעלבן נגון. די די וועלט פון קבלה איז פאַר זיך אַליין אַ זינגענדיקער נגון. דאָ איז געגנוג בלויז אַ פון האַרצן טיפער אונטער־ברום אין דער שיטערער באָרד אַרײַן. פון זיך אַליין פליסט דער סוד ווי גוטער ווײַן און צעגייט זיך אין אַלע רמ״ח. איז אַ ווונדער וואָס איינער אַזאַ אויפגע־פראַלטער געלעכטער פון יענער זײַט וואַנט, רײַסט איבער דעם סודותפולן נגון?

— פאַרמאַך דאָס פענצטער — האָט דער מלמד ווי זיך געבעטן בײַ זײַן ייִנגל דודל. פאַרמאַך דאָס פענצטער און לייג דיך שלאָפן. פאַרגעס נישט קריאת שמע.

דודל האָט פאַרמאַכט דאָס פענצטער. אָבער ער איז נישט געגאַנגען שלאָפן. אַ געהיימער פאָדעם האָט אים געצויגן אַהינצו, צו יענער זײַט וואַנט, ווו ער האָט איין מאָל אין אַן אָוונט אַזאַ געזען די יונגע בלאָנדע פרוי, אירע צוויי גאָלדערנע שווערע צעפּ און געמיינט אַז דאָס איז די יונגפרוי פון מגילת רות, וואָס שמעקט אויף מיטן ריח פון קאָרן־שניט אין די שבועותדיקע נעכט. עס האָט אים געצויגן אַהין, צו יענעם חדר מיטן שווערן דעמבענעם טיש, אַרום וועלכן עס זיצן לײַט און זענען פאַרטאָן אין עפּעס אַ שפּיל פון וועלכן זיי קענען די אויגן נישט אָפּרײַסן. ער האָט זיך אַן אַ וואָרט אָוועקגעזעצט אויף דער שמאָלער באַנק בײַם וואַנט און געקוקט און געקוקט. די באַלעבאָסטע האָט אים צוגעטראָגן אַן עפּל און ווייך געזאָגט: עס, ייִנגעלע. ער האָט דעם עפּל נישט געגעסן. ער האָט אים געהאַלטן אין ביידע הענט ווי אַן איידעלע כלי וואָס קען אַראָפּפאַלן אויף דער ערד און צעשפּריצן אין שפּליטערן. די לײַט אַרום טיש זענען געווען פאַרטאָן אין זייער שפּיל

און פאַרגעסן צו טרינקען דעם היימישן קוואַס וואָס די יונגע באַלעבאָסטע האָט געשטעלט צום טיש אין אַ גרויסן בײַכיקן בוטל.

אַלע אָוונט פלעגן זיי קומען, די געסט פון שול־געסל און טײַך־געסל, און זיך געזעצט שפּילן אין טערנע. יעדער געווינס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ רויטן גראָשן, איז באַגלייט געוואָרן מיט אַן אויפפראַלנדיקן געלעכטער. די פרויען צווישן זיי האָבן מיט צעפלאַמטער התלהבות צוגעפּאַטשט מיט די הענט. אויף יענער זײַט וואַנט איז געזעסן דער גמרא־מלמד משה הערש, זיך פאַרשטעלט מיט די ביינער־דיקע הענט די אויערן און געברומט אין דער שיטערער באָרד אַרײַן:

— תא חזי היכא דמזדווגא ארעה לרקיע, קום און זײַ ווו די ערד איז זיך מזדווג מיטן הימל...

אומרויִקע אָוונטן זענען עס געווען פאַרן קליינעם צעניאַריקן דודל. ער האָט געהערט די רייד פון די געסט בײַם טערנע־שפּיל, זייערע אויפגעפראַלטע גע־לעכטערס און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיי געפינען זיך, אָט די מענטשן, גאַנץ ווײַט פון אים, ערגעץ פון יענער זײַט באַרג. ער האָט זיך בלויז אײַנגעהערט אין דעם שווײַגנדיקן שמייכל פון דער יונגער פרוי מיט די גאָלדערנע שווערע צעפּ און עס זענען אים אויפגעקומען רײַף־זומערדיקע פּסוקים פון אַ וווּנדער־דערציי־לונג: ויהי בימי שפוט השופטים ויהי רעב בארץ... און עס איז געווען אין די צײַטן ווען עס האָבן געמשפּט די שופטים און עס איז געווען אַ הונגער אין לאַנד. אין יענעם ווײַטן לאַנד פון מילך און האָניק און ווייכן קעמל־טראַט. און ער האָט געזען, ווי די בלאָנדע רות, אָט די מיט די צוויי שווערע גאָלדערנע צעפּ, גייט אויף פון מואב און קומט אָן קיין בית לחם יהודה, און אין איר זכות ברעכט זיך דער הונגער, אין זכות פון אירע גאַרבן וואָס זי בינדט אין פעלד. און עס האָט דאָך געמוזט אַזוי פּאַסירן. ווײַל זי אַליין, די בלאָנדע רות, פון וועמען ער קען נישט אָפּרײַסן זײַן קינדערישן בליק, שמעקט דאָך מיט שפּעדיקער זעט. אַ פאַר־טראַכטער הערט ער איר שטים:

— עס, ייִנגעלע, דעם עפּל, פאַרוואָס עסטו נישט?

אַן אויפגעוואַכטער, ווי פון אַ חלום, האָט ער גענומען דעם עפּל צו זײַנע ליפּן. אָבער זײַנע ציין זענען געבליבן ווי בײַ אַ פאַרמאַכטער טיר. ער האָט געקילט זײַנע ליפּן אין דער רויטער וואַרעמער הויט פון דער פרוכט און דערפילט דעם טעם פון דעם צעלעכצטן פעלד אין בית לחם וואָס אין יהודה, ווען דער זיסער גאַט האָט דערבאַרעמט מיט אַ שפּריי־רעגן, אין זכות פון דער שמייכלענדיקער און שווײַגנדיקער רות.

דאָס איז געווען דער לעצטער שמייכל וואָס זײַן יונג קינדיש האַרץ האָט געטרונקען ווי זילבערנעם טוי. דערנאָך האָט זיך אויף דעם באַשטאַנד אַראָפּ־געלאָזט אַן אײַביקע נאַכט.

ג

ווען דייב סײַמאָן איז אַראָפּגעשטיגן פון די עראָפּלאַן־טרעפּ האָט אים די ערשטע

באַגעגנט די הייסע ישראל־זון. אַן אויפגערודערטער האָט ער אַנגעטאָן זײַנע טונקעלע זון־ברילן און זיך צעשמייכלט ווי בײַם באַגעגענען אַן אַלטן באַקאַנטן וואָס שטעלט זיך פּלוצלונג פאַר די אויגן ווי אַן אַרויסגעקומענער פון אַ באַהעלטע־ניש. דערנאָך האָט ער פאַרוואָרפן אויפן אַקסל זײַן געבלימטע גיטאַרע און מיטן רענצל אין דער האַנט זיך געלאָזט גיין פאַרויס, צום אַרויסגאַנג. ערשט ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן ברייטן רוישיקן פּלאַץ פון פאַרן אַעראָדראָם, האָט זײַן פּנים באַקומען צוריק יענעם פאַרטראַכטן ערנסט, וואָס האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אין זײַנע קאַליפאָרניער יאָרן פון אָפּגעפרעמדקייט צום אַרום און צו זיך. מיט אַ פאַרלײַכטערונג האָט ער זיך דערמאָנט אין זײַן קאַלעדזש און די געשיכטע־ביכער וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך, ווי עס האָט זיך אים געדאַכט, אויף אייביק.

— די זון האָט געוואַרעמט זײַנע לאַנג אַנגעוואַקסענע ברוינע האָר אויפן קאָפּ און געגלעטעט זײַן באָרד, וואָס האָט פאַרקליידט זײַן אויסזען אין אַ ישיבה־יונגערמאַן וואָס טראַכט אַרײַן וועגן תכלית פון דער וועלט. אָבער דייב האָט נישט געטראַכט און נישט געזוכט קיין תכלית. ער האָט געוווּסט, אַז דער זין פון לעבן אויף דער ערד איז שוין לאַנג ערגעץ ווו אָפּגעשטאָרבן בעת די וועלט איז אָפּ־געגאַנגען אין בלוט. איצט איז אים געבליבן נאָר איין ציל: אַנטלויפן פון יעדן אַנגעצייכנטן ציל און איבערענטפערן זײַנע יונגע טעג דער בלינדקייט פון גורל. און ווען אויפן ברייטן פּלאַץ פאַרן בן גוריון־פעלד האָט זיך געלאָזט הערן אַן אינפאָרמירנדיקע שטים וועגן אַן אויטאָבוס וואָס פאָרט אָפּ קיין אילת, האָט ער נישט לאַנג געטראַכט, נאָר פאַרלייגט זײַן גיטאַרע אויף דער ברייטער פּאַליצע־נעץ וואָס אין אויטאָ און אַליין פאַרגראָבן די הענט אין די הייסע דלאָניעס און צוגעשלאָסן די אויגן. ווײַל וואָס איז דאָ פאַראַן צו באַטראַכטן און צו זען, ווען אַלץ איז שוין געזען געוואָרן אויף דער באַליידיקטער פאַרפײַניקטער וועלט?

ער האָט געוווּסט יעדן וועג און שטעג פון אַנגעגליטן שטייניקן מדבר. די אַלטערטימלעכע מענטשלעכע געשיכטע האָט ווי מיט לעבעדיקע אַרטעריעס אַנ־געצייכנט דעם פאַרצײַטיקן גאַנג אויף די דאָזיקע מדברדיקע פּליינען. די הויכע געזאַלצענע בערג בײַם טויטן ים האָבן היימיש געוואַרעמט זײַן בליק, אים, דעם געקומענעם פון טאָל פון טויט. אַ רויִקע צופרידנקייט האָט אים באַהערשט פאַרן באַשלוס פון זײַן איצטיקער רײַזע אין די פּוסטע מיט בערג אַנגעוואָרפענע מקומות. עס איז געווען ווי אַ רײַזע צום אייגענעם האַרץ, וואָס קען שוין מיט קיין זאַך נישט אַנגעפילט ווערן. עס איז געווען אַ רײַזע צו זיך אַליין.

די זון האָט זיך גענומען קוידערן צום מערב. די בערג פון אדום און מואב האָבן גענומען בײַטן זייערע קאָלירן. פון ברוינעם גראַניט האָבן זיי זיך פאַר־וואַנדלט אין סאַפּירענעם בלוי, און באַלד פאַרטרונקען געוואָרן אין גרויען שאָטן־שפּיל. פון ווײַטן האָבן זיך די בערג געצייכנט אויפן האָריזאָנט ווי איידל אַנגע־מאָלענע אַקוואַרעלן. אָבער וואָס נענטער האָבן זיי גענומען אָטעמען מיט רעאַלן מאַסיוו. דייב האָט געקוקט אויף די בערג און זיך דערפילט קעגן אָט דעם גיגאַנט קליין און נישטיק. וואָס איז עס דער מער מיט דעם אָרעמען מענטש, אין אַנבליק

פון אַט דער גיגאַנטישער אייביקייט? ער האָט געגומען טראַכטן וועגן זײַן פאַלק, אַ געבאָרנס צווישן אַט דער בערג־סטיכיע. איז דען אַ וווּנדער, וואָס אַזאַ פאָלק איז שטענדיק געווען באַהערשט פון אַ גבורה־גײַסט און אַנגעגליטן מוט? דאָ געפינט ער זיך — האָט דייב געטראַכט — דער וואָרצל פון זײַן אור־שטאַם, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין שרעק. און אַלץ וואָס איז געשען אין מיטן, זײַנע אייגענע לײַדן אין דעם אַרײַנגערעכנט, איז נישט מער ווי אַ טעות, אַ געשיכטלעכער טעות וואָס איז אָפּגעוואַשן געוואָרן מיט טײַכן בלוט.

בײַם אָנקומען אין אילת האָט אים באַהערשט אַ הונגער. האָט ער זיך צוגעזעצט בײַם ברעג פון רויִקן אילתער ים און דאָרט געגעסן זײַן אָרעמען מאָלצײַט, אַ פּיתה מיט חומוס און פאַרטרונקען מיט אַ קילן געטראַנק, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין זײַנע גלידער מיט דערקוויקעניש. דערנאָך האָט ער צעעפנט זײַן גיטאַרע און געשפּילט פאַרן אָפענעם ים איינע פון יענע לידער, וועלכע ער האָט געהערט אויס־זינגען אַ מאָל אַ מאָל, אויף דער שמאָלער גויִישער גאַס אין זײַן היים־שטעטל, בעת דער גאָלדענער האַרבסט האָט זיך געצירט אין ברוינעם בלעטער־פאַל און שאָף און רינד האָבן מיט שטומער בענקעניש געשפּאַנט אַהיים איבערצוקומען די פינצטערניש פון דער נאַכט.

ער האָט געזונגען איינעם פון יענע לידער וואָס די שמאָלע גויִישע גאַס האָט עס אין אירע דאָרפישע חלומות אויסגעבענקט און די גרויסע פּוילישע שטאָט האָט מיט לויב און דאַנק באַשענקט איר מײַסטער פאַר די הימלישע קלאַנגען. דאָס ליד האָט דערציילט וועגן אַ יונג פויעריש האַרץ, וואָס גייט אויס פון ליבשאַפט אויף די הויכע מיט נאָדלביימער באַוואַקסענע בערג, נאָך זײַן געליבטער, וואָס האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון רײַכן פּריצישן גלאַנץ. זײַן שטים האָט געציטערט און די גיטאַרע האָט צוגעברומט מיט שטומען מענטשלעכן צער. דערנאָך האָט אַ סאַמע־ווייכע נאַכט, אויסגעהאַפטן מיט גרויסע גרינע שטערן אים איבערגעדעקט און דער פרײַער באַשטאַנד האָט אים אײַנגעוויגט צום שלאָף. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבן שוין די בערג פון מואב געבערנט מיט אויפגייענדיקער זון אויף זייערע קרוינען, און צופוס פון די בערג האָבן נאָך די נאַכט־שאָטנס געוועבט זייער געכטיקן סוד. אַ באַרוישטער ווי פון שווערן ווײַן האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער שטאָט, וואָס האָט אויפגענומען דעם טאָג ווי ליכטיקע פאַרבן־שפּילן דורכגעוועבטע אין זון־שטראַלן. ער איז אָבער אין שטאָט לאַנג נישט געווען. ווידער האָט ער זיך געלאָזט אויף פאַרשטויבטע וועגן און שמאָל, אויף גיך אָנגע־גאַסענע שאָסייען, וואָס פירן צום ווײַטן דרום. ביז ער האָט דערזען פאַר זיך אַ גרויס, לויטער בלוי אויג, וואָס פינקלט רויִק קעגן אויפגעוואַכטן זוניקן הימל. ער האָט זיך געפונען בײַם דערפרישנדיקן בלויען קאָראַלן־אינדזל, וואָס איז געלעגן רויִק און זיכער, ווי אין אַ וויג, באַוואַכט פון הויכע שאַרף שפּיציקע ברוינע בערג. ער איז געבליבן שטיין אויפן שמאָלן גרויען שאָסיי און געבליקט צו דער בלויער רויִקייט ווי צו אַ פּלוצלונגדיקן נס. דאָס פעלד אַרום קאָראַלן־ים איז געווען ווײַס און שײַניק. דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען קליינע גרינע אינדזלען, ווי

געבליבענע נאָך אַ נאַטור־טריקעניש. אויף איינעם אַזאַ קליין אינדזועלע האָט שעמערירט אין דער זון אַ העלער בונט־צײַטיקער ווייץ. ער האָט פון דער ווײַט געקוקט און דעם בליק נישט געקענט אָפּרײַסן. ביז דער גרויסער העלער פלעק האָט זיך אַ באַוועג געגעבן און אויפגעציטערט ווי אַן איבערגעשראָקענער בעל חי. ער האָט געוואָלט זיך דערווײַטערן פון אָרט און נישט געקענט. ווײַל באַלד האָט ער דערהערט אַ קול וואָס האָט אים בייז און שטרענג באַפוילן:

— היי יו! וואָס שטייסטו ווי אַ פּאַרטראַגענער און גאַפּיעסט מיט דײַנע גאַרישע אויגן, קום און גיב מיר פײַער.

ערשט איצט האָט ער באַנומען אַז דער העלער סנאָפּ ווייץ דאָס איז אַ פרוי אין איר מוטער נאַקעטקייט. אירע בלאָנדע האָר זענען געלעגן צעלאָזט אַרום איר געזיכט ווי אַ דורכזיכטיקער פוירהאַנג און אירע פולע מיידלשע ברוסטן האָבן געטורעמט קעגן דער זון ווי שווערע צײַטיקע טרויבן. פּאַמעלעך און נישט זיכער האָט ער זיך געלאָזט צו איר מיט זײַן ציטנד־מאַשינקע אין דער האַנט, ווי ער וואָלט געגאַנגען באַגעגענען זײַן גרעסטן נסיון. די זון האָט געברענט זײַנע ברוינע לאָקן וואָס האָבן באַקומען אַן אָפּגלאַנץ פון אַלטן קופּער. די יונגע פרוי האָט שוין געלאַכט:

— קום צו נענטער, איך וועל דיך נישט אײַנשלינגען. איך בין אַ מענטש און נישט קיין וואַסער־נימפע.

זי האָט געבלאָזן דעם בלויען רויך דורך אירע ליפּן מיט יונג־מיידלשער אומגעניטקייט ווי אַן ערשטע עבירה. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן איר אויף די קני און אָפּגעלייגט אויף דער ערד זײַן גיטאַרע.

— אַ היגער? — האָט זי געפרעגט מיט אַ האַרטן פרעמדן ענגליש.

— ניין, פון ווײַט, פון די סטייטס.

ער האָט כמעט ווי נישט באַמערקט ווי זי האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך איר דין געבלימט קלייד. זי האָט גערעדט מיט קאַפּריזנער בייזקייט:

— רוען לאָזן זיי נישט אָט די היגע. גרויסע חוצפּהניקעס זענען זיי, מיינען אַז אַלץ קומט זיי, אַלץ געהערט צו זיי.

— וועגן וועמען רעדט איר? — האָט דייב געפרעגט. מײַן נאָמען איז דייב, האָט ער פלוצלונג אַ זאָג געטאָן.

— מאַריאַ — האָט זי געענטפערט ווי אויף אַ באַגריסונג. איך מיין זיי, די ישראלים, די ייִדן. אַ מאָדנעם פאַרשײַטן פײַער טראָגן זיי אין זייערע טונקעלע אויגן. אַ פײַער פון כישוף.

— ווי קומט צו זיי כישוף? — האָט דייב געשמייכלט. ווען זיי קענען די דאָזיקע קונסט וואָלטן זיי נישט דורכגעברענט דעם קאַלך־אויוון אין פוילן.

— וועגן פוילן זאָלט איר נישט רעדן — איז זי מיט אַ מאָל אויפגעשפּרונגען דערצאָרנט. וואָס ווייסט איר וועגן פוילן, איר אין די סטייטס־געבאָרענע?

— וועגן פוילן ווייסן אַלע — האָט דייב געזאָגט ווי צו זיך אַליין און געפילט ווי זײַן שטים גיסט זיך אַן מיט בלײַ. דאָרט איז געווען אַ פאַלק און איז נישטאָ מער.

— און איר, זע איך, בענקט צום דאָזיקן פאָלק. באַדויערט עס.
דייב האָט דערפילט אַ גיפטיקייט אין איר שטים. אַט הייבט ער זיך אויף און פאַרלאָזט אַט דעם גרינבעם אַאַזיס און לאָזט זי, דער פרעמדער, ברענען אין איר אייגענעם צאַרן. אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער געפּליסטערט:
— און איר פון וואַנען קומט? זיכער נישט פון מײַנע מקומות.
— פון שוועדן — האָט זי געענטפערט שאַרף. דאָרט האָט מיך דער אומרעכט וואָס אין מײַן לאַנד פאַרטראַגן. אָבער פאַראַן נאָך גערעכטיקייט אין לעבן. פאַראַן...
דייב האָט פּלוצלונג דערפילט אַ לאַנגווײַל אין אַלע זײַנע אברים. וואָס קען ער דערציילן און וואָס קען ער נאָך הערן פון אַט דעם קאַפּריזנעם מיידל, וואָס איז געקומען פון ערגעץ אַ קאַלט לאַנד אַנצוגיסן אירע בלאָנדע גלידער מיט זון, אין דעם לאַנד וואָס זי האָט בשײַנפּערלעך פײַנט? אים איז פײַנלעך געווען צו פילן איר אָפענע שנאה, אין איר שטים, אין איר בליק, צו אַלץ וואָס דערמאָנט אים אין זײַן שטאָם. ער האָט אַ שמייכל געטאָן:
— איך האָב אַ מאָל געקענט אַזאַ בלאָנדע יונגע פרוי, אַזוי ווי דו. נאָר דאָס איז געווען שוין זייער לאַנג, לאַנג.
— און איר האָט זי געוויס פאַראָטן — האָט זי אים איבערגעריסן. איך זע אַז איר זײַט אַ ייִד און האָט דעריבער אַ שטאַרקן באַגריף וועגן פאַראָט.
דייב איז אויפגעטרייסלט געוואָרן. ער האָט דערפילט ווי נאָך אַ מינוט און ער וועט מיט אַט דער צעלאָזענער בלאָנדער יונגער פרוי אָפּטאָן עפּעס אַ גרויס פאַרברעך. נאָר זי האָט שוין געשמייכלט מיט ברייטע ליכטיקע ציין גלײַך אים אין פּנים אַרײַן. און אירע העל ברוינע מאַנדל-אויגן האָבן, להכעיס איר באַנעמען זיך, געשמייכלט וואַרעם און צוטרוילעך. דער שמייכל אויף דייבס געזיכט איז פאַר־שווונדן. ער האָט גערעדט מיט אַ טיפן ערנסט:
— וועגן יענער פרוי דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן. ווען זי לעבט הײַנט און איר זעט זי מיט איר איין־יאָריק קינד אויף דער האַנט, וואָלט איר געמעגט קניען פאַר איר ווי איר טוט עס מסתמא פאַר אײַער מאַדאָנע. נאָר זי האָט עס אײַך פאַרשפּאָרט. זי איז אויפגעגאַנגען אין גרויסן פלאַם וואָס האָט פאַרצערט איר פאָלק.
— אַ ייִדישע. נו יאָ, אויך שיינע ייִדישע פרויען זענען אומגעקומען. גאָטס שטראָף האָט קיינעם נישט געמיטן.
— שווײַג! — האָט דייב אויסגעשריגן ווי אַ באַנומענער. וואָס ווייסט איר וועגן גאָט און זײַן שטראָף?
זי איז אויפגעשטאַנען ווי צו אַ פאַרטיידיקונג. פּלוצלונג האָט זיך אויף איר האַלדז באַוויזן אַ גאָלדן צלמל. זי האָט עס גלײַך געמאַכט צווישן אין ברוסטן־טאָל, זיך פרום איבערגעציילעמט און געמורמלט אַ קורצע תפילה. דייב האָט נאָר באַוויזן צו הערן די לעצטע צוויי ווערטער: פּראָ פּערפידיאַ יודאַיס...
— זיך ווידער דערמאָנט אין די ייִדן — האָט דייב שוין געשמייכלט מיט סאַרקאַזם, זיי גייען אײַך, זע איך, פון זינען נישט אַרויס.

— איך בין אַ פֿרומע קאַטוילין — האָט מאַריע געענטפֿערט פֿרום מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און דאָס בין איך מתפּלל צום גוטן זיסן גאָט, ער זאָל אויך מוחל זײַן די פֿערפֿידע ייִדן.

— אַ דאַנק פֿאַרן חסד — האָט דייב פֿאַרגעזעצט זײַן סאַרקאַזם. דער הייליקער פּעטער, דער ייִד, וועט עס אײַך בײַם טויער פֿון גן עדן נישט פֿאַרגעסן.

— לעסטער נישט — האָט זי געמורמלט, שוין אָן בייזקייט אין שטים נאָר ווי געבעטן זיך. לעסטער נישט.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט און אויסגעשטרעקט די האַנט אויף זיך צו געזעגענען. אַ ווײַל האָט זי אים אָנגעקוקט מיט אַ פֿאַרנעפּלטן בליק און גע־שוויגן. דערנאָך האָט זי געזאָגט שטיל, ווי פֿאַרשולדיקט:

— ווילט איר נישט עפּעס שפּילן אויף אײַער גיטאַרע? זעט די פּאַסטאָראַלע רויִקייט אַרום.

דייב האָט נישט געענפֿערט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווען ער הייבט אָן שפּילן, וועט ער זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ אינדישן פֿאַקיר וואָס רופֿט אַרויס מיט די קלאַנגען פֿון זײַן פּײַפֿיאַל די גיפֿטיקע שלאַנגען פֿון זייערע נאָרעס. אָבער ער האָט זיך ווידער פּאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, צעעפֿנט זײַן גיטאַרע, אַ פֿיר געטאָן איבער די סטרונעס מיט זײַנע קנאָכיקע פֿינגער און פֿון זײַן מויל זענען געפֿאַלן ווערטער, וואָס ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך אין יענע קינדערישע טעג אין שטעטל, אויף דער שמאָלער גויִשער גאַס:

רוישן יאַדלעס אויף די בערג־שפּיץ,
רוישן זיי אין ווײַט,
און מיר דעם יונגגן אומעטיק איז
ווײַל כ׳טראָג אין האַרץ אַ פּײַן...

ער האָט געזונגען און געקוקט צו דער בלויער ווײַט פֿון ים. אַלץ וואָס איז געווען נאָענט פֿאַר די אויגן איז פֿאַרשוווּנדן און אויפֿגעקומען איז בלויז די שמאָלע דאָרפֿישע גאַס פֿון קליינעם שטעטל, דאָרט ווו די יונגע בלאָנדע מאַמע, דאָס ווײַב פֿון שעמעוודיקן יאַנקל דעם פֿורמאַן האָט איר קינד געטראָגן אויף אירע הענט און געזונגען דאָס דאָרפֿיש־שטאָטישע ליד, און די טענער פֿון פּוילישן מײַסטער האָבן געוועקט אין האַרץ דעם סאַמע טיפֿסטן אומעט. מאַריע האָט אַרויפֿ־געלייגט איר האַנט אויף זײַן אַקסל און געפֿליסטערט:

— געגנוג, איך בעט אײַך, מען דאַרף נישט מער, איך קאָן נישט.

ערשט איצט האָט ער דערזען צוויי שווערע מענטשלעכע טרערן רינען אַראָפּ פֿון אירע ברוינע אויגן און קויקלען זיך ווי טוי־טראָפּנס אויף איר געזיכט. דערנאָך האָט זי פֿאַרגראָבן איר געזיכט אין אירע הענט און געוויינט אויפֿן קול.

*

ער האָט דערציילט וועגן זיך אין קורצע אָפּגעהאַקטע זאַצן, מיט טרוקענע רייד ווי אַרויסגעלייענט פון אַ וויַיטער כראָניקע. און ווען ער איז צוגעקומען צום אויפגעריסענעם ברעט אין טויט־וואַגאָן, וואָס האָט אים געפירט צו דער עקידה, האָט ער אפילו אַ שמייכל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין אַ קינדערישן ספּאָרטיוון איַינפאַל בײַם דורכפירן אַ באַל צום טויער. מאַריע איז נאָך אַלץ געווען אין די הויכע יאָדלע־בערג, אײַנגעהערט אין דער בענקשאַפט פון מאַניושקאַ־נגון. נאָך דעם ווי זיי ביידע זענען אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט מיטן זאַמדיקן וועג צו די ערשטע אַנגעצונדענע פײַערן פון דער שטאָט, האָט זי געזאָגט:

— אַנטשולדיקט אויב איך האָב אײַך מיט עפּעס וויי געטאָן. עס איז גוט צו טרעפן אַ לאַנדסמאַן ווען מען איז אַליין פאַרטריבן פון דער היים.

איצט האָבן זיי שוין ביידע נישט באַנוצט דאָס שווער דערוואָרבענע ענגליש לשון. איר וואַרשעווער פּויליש איז ווי פול געווען מיט צאַרטע ווייכע לאַמעדן:

— דער אומרו אין מײַן לאַנד נאָכן גרויסן מלחמה־פײַער איז געווען נישט ווייניקער בריענדיק ווי דאָס פײַער אַליין. אָבער איך האָב מײַן רו געפונען צווישן די שיצנדיקע ווענט פון זיסן קלויסטער. דער גוטער זיסער גאָט האָט געהיילט די ווונדן פון מײַן האַרץ.

זי האָט אים דערציילט פון אירע סטודענטישע יאָרן. טעאָלאָגיע — האָט זי געזאָגט, איז נישט בלויז וויסנשאַפט. דאָס איז אויך גלויבן. און ווי וואָלטן מיר געקענט אויפהאַלטן אונדזער זײַן אויף דער ערד אָן דעם גלויבן אין האַרץ?

ער, אין ווײַטן אַמעריקע ווייסט נישט אויף זיכער, וועגן דעם גײַסט וואָס האָט אויפגעשוועבט אין ליבן פּאָטערלאַנד. פּאַרהאַרעוועטע מענטשן מיט שווערע לאַסטן זאַרג אויף זייער רוקן זענען אויפגעשטאַנען קעגן דער גײַסטיקער פּוסט־קייט וואָס האָט באַהערשט זייערע נשמות. אין די זונטיקן זענען די קירכעס אויסגעפּילט מיט אָט די מענטשן, וואָס זוכן אַנטריבונג פון דער פרעכער אומ־גלויביקער וואָר. יונגע מענטשן גיבן אָפּ זייער פרײַהײַט און אפילו זייערע לעבנס פאַר ראַטעווען אָט דעם געטלעכן פונק אין האַרץ. איצט האָט זי די נויט פון איר לאַנד פאַריאָגט אין קאַלטן שוועדן. דאָרט דערוואָרעמט זי איר בענקשאַפט צו דער היים וואָס מוז זיך ווידער באַקערן צו גאָט. און דו? — האָט זי אים פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן, דו ביסט אויך געקומען אַהער כדי זיך אויף ס'נײַ אָפּצוגעפינען בײַם קוואַל פון דײַנע וואָרצלען?

צו פיל צעטומלט איז ער געווען כדי צו קענען ענטפערן אויף איר פראַגע. איז ער געגאַנגען נעבן איר און געשוויגן. פון דער ווײַטן האָבן זיך שוין געזען די ליכטער פון דער שטאָט. פון יענער זײַט ים, וואָס האָט איצט, אין צוגעפאַלענעם בין השמשות אויסגעזען ווי אַ טונקעלער שפּיגל, האָבן זיך געצייכנט די הויכע טונקעלע בערג פון אדום און מואב. בײַ זייער צופוסנס האָבן געפינקלט לאַנגע שנורן אַנגעצונדענע בריליאַנטן. דאָס האָט דער עקבה־פּאָרט אין עבר הירדן געלויכטן מיט זײַן פּזרנותדיק עלעקטריש ליכט. די שטאָט אילת האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו איר נאַכטיקן חלום. בײַם אַרײַנגאַנג אין האָטעל ווו

זי איז אײַנגעשטאַנען האָט ער אָנגענומען איר האַנט :

— עס איז גוט געווען דיך צו טרעפן. אפילו מיט דײַן אויסגעלערנטער תּפילה אויף דײַנע ליפּן.

אָבער זי האָט שוין מער גאָרנישט געדענקט. איצט האָט זי געשמייכלט פרײַ, מיט ברייטע ליכטיקע ציין :

— קאָן איך דיך פאַרבעטן אויף אַ קאַווע ? דער האָטעל איז דאָ פּיל מיט אַזעלכע באַוואַקסענע ווי דו. וועסט זיך דאָ פילן היימיש.

ער איז געזעסן אין לאָבי און געוואַרט אויף איר. זי איז אַרויף אין איר צימער זיך איבערטאָן. אָבער אָנשטאָט אַראָפּגיין צו אים, האָט אים דער האָטעל־דינער איבערגעגעבן דאָס טעלעפאָן טרײַבל :

— קום אַרויף צו מיר אין צימער, נומער 15. ס'איז אַ געמיטלעך צימער און קיין מענטשן־פּרעסערס זענען דאָ נישטאָ.

איר שטילער געלעכטער האָט געקלונגען דיסקרעט אין טעלעפאָן־טרײַבל. אויך ער האָט מיטגעלאַכט :

— ווען איך וועל אַרויפקומען וועט שוין יאָ דאָרט זײַן איין מענטשן־פּרעסער. אַ פרעסער פון מיידלשער שיינקייט.

ער האָט זי אָנגעקוקט דערשטוינט. דאָס מיידל מיטן געבלימטן קלייד און צעלאָזענע בלאָנדע האָר אויף ברוינע אַקסלען איז געבליבן אויפן קאָראַלן־אינדזל בײַם בלויען ים. פאַר אים איז געשטאַנען אַ רײַפע יונגע פרוי אין אַ שוואַרץ אָוונט־קלייד, פון וועלכן עס ליכטיקן אַרויס ברוינע אָנטבלויזטע אָרעמס. דער דיסקרעטער ברוסטן־דעקאָלט האָט מיט זײַן שאַרפן שניט געפירט צו אַ זיסן געהיימען טאָל פון בלויזן חלום. דער גאַנצער האָר־פּאַרמעג איז געווען פאַרקעמט אין איין זײַט און פאַרדעקט אַ העלפט פון איר אָפּגעבערענט געזיכט. אַ ווײַל האָט אים מאַריע אָנגעקוקט און דערפילט זײַן פאַרלעגענהייט. האָט זי געגידערט איר בליק צו זײַן אַראָפּהענגענדיקער גיטאַרע פון אַקסל און האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט :

— זעץ דיך, דייב.

ער האָט געקוקט אויף איר און אַ בלאַסקייט האָט באַדעקט זײַן געזיכט. זײַנע ליפּן האָבן זיך גענומען באַוועגן אין אַ קאָנוואָלסיוון ציטער. זי האָט זיך דערשראָקן :

— פילסט זיך נישט גוט ? וועסט עפּעס טרינקען ?

נאָר ער האָט גאָרנישט געענטפערט. מיט זײַן פאַרשטאַרטן בליק האָט ער זיך אָנגעהאַנגען אין דער ברוינער אָפּגעבריענטקייט פון איר הויכן האַלדז. אויפן האַלדז בײַ מאַריען איז געהאַנגען אַ שווערער אָוואַלער מעדאַליאָן אויסגעהאַמערט פון קופּער. אין ראַם פון מעדאַליאָן האָט אַ יונגע בלאָנדע פרוי פאַרבויגן איר קאָפּ צו אַ קינד אויף די הענט און ערנסט אַרײַנגעקוקט אין קינדס רויִקע אויגן. די בלאָנדע האָר בײַ דער פרוי זענען אַראָפּגעפאַלן ווי אַ וואַסערפאַל אויף איר רעכטער זײַט פון פולן געזיכט און דאָס האָט איר געגעבן דעם אָנבליק פון אַ הייליקער. דייב האָט געפּליסטערט :

— די מאַמע, די מאַמע מיט איר קינד.

— יאָ, — האָט מאַריע ווי אין פאַרלעגענהייט אַ זאָג געטאָן, — דאָס איז אַ מתנה. אַן אַלטע מתנה פון אַן אַלטער פרוי פון אַ דאָרף. אײַך איז עס זיכער פרעמד, אָבער דאָס איז אַן איקאָנע, אַן אַלטע איקאָנע פון אונדזערס אַ הייליקער.

— מאַריע, — האָט דייב געפּליסטערט, — מאַריע...

— יאָ, האָט מאַריע געזאָגט. דאָס איז די מוטער מיט איר קינד. מאַריע. אומעטום, בײַ אַלע פעלקער אין דער וועלט דערשײַנט זי מיט איר אומבײַטלעכער געשטאַלט. בײַ די איטאַליענער האָט זי פעך־שוואַרצע האָר און אַן אָוואַלן אַליוון־געזיכט. אין אונדזער לאַנד איז די הייליקע מוטער בלאָנד, ווי דער לײַן אויף אונדזערע פּוילישע פעלדער. אָבער דער שטילער טיפער טרויער אין איר בליק איז אומעטום דער זעלבער. איר ווייסט דאָך מסתמא: טרויער לאָזט זיך נישט אומוואַנדלען.

מאַריע האָט זיך דערשראָקן און אין איר שרעק געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק:

— וואָס טוסטו? וואָס שטערט ער דיר, דער מעדאַליאָן?

אָבער דייב האָט שוין מער נישט געהערט אירע רייד, ווײַל ער האָט זיך שוין געפונען ווײַט־ווײַט פון שמאָלן האָטעל־צימער. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער צאַרט פאַרהויבן דער מעדאַליאָן פון איר ברוסט און זיך געבעטן, ווי אַ קראַנק קינד בײַ זײַן מוטער:

— לאָז מיר באַטראַכטן די הייליקע פון דער נאָענט, לאָז מיך...

זי האָט אויסגעטאָן דעם מעדאַליאָן פון איר האַלדז און עס פאַרטרויט אין זײַנע הענט. זי האָט געקוקט אויף אים ווי ער וויקלט זײַנע פינגער אַרום דעם קופּערנעם מעטאַל, ווי ער וואָלט אין אים געזוכט דעם באַשייד פאַר זײַן פּלוצלונג אויפ־געוועקטער אומרו. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געזוכט די עפענונג פון דער איקאָנע, וואָס האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן פון זײַן פאַרשלאָסנקייט. מאַריע האָט געפּליסטערט מיט אומרו:

— עס איז אַן איקאָנע, מען דאַרף נישט.

נאָר ער האָט שוין געהאַלטן אָפן אין זײַנע הענט דעם אָוואַל פון מעדאַליאָן. מיט ציטעריקע פינגער האָט ער אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס קליינע בילדל פון מוטער מיט איר קינד, עס באַטראַכט און געפּליסטערט אין אַ לשון וואָס מאַריע האָט נישט פאַרשטאַנען:

— "רייזעלען, פון איר מאַמע רבקה"...

שפּעט אין דער נאַכט האָבן ביידע געקניט צום צעעפנטן מעדאַליאָן און ביידע האָבן געוויינט.

אויפן שמאָלן האָטעל־טישל איז געלעגן אַן אָפּדרוק פון אַ ווײַסן קאַראַלן־געוויקס. עס האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אָפּגעבראָכענע הערנער פון אַ יונגן הירש. מאַריע האָט אָפּגעבראָכן אַ טייל פון דעם און עס אַרײַנגעלייגט אין דייבס הייסער ציטער־דיקער האַנט.

יוסף קערלער

## דריי שטערנדלער

* *
*

דיביימלעך דאָ,
מיט שטאַמען אָדערדיקע-אויסגעקרימט,
פֿון שטענדיקן געשלעג
מיט מדבר-ווינטן —
שווער געהויקערט...
צי זײַנען זיי צופֿרידן? —
נישט באַשטימט...
דאָך שפּאַרן זיך די צווײַגלעך
צו דער זון און...
נישט געאויקעט,
וואָס וואָרצלען ברעכן זיך
און וואָרצלען ווײַטער,
טיפֿער,
זיי עגבערן זיך אײַן
אין טרוקענעם, אין האַרטן שטיין
ביז מילך און האָניק
הייבט אָן לאַנגזאַם טריפֿן
אַריבער מײַן צעפּײַניקטן געביין.

* *
*

זאָל איך אפֿשר פֿאַרקריצן אין ליד
ווי ס'איז טיף הײַנט געוועזן דער שניט
און ווי פֿריש און ווי בלוטיק ער גליט?
גיכער ניט!
גיכער ניט, ווײַל איך שפּיר אַזוי האַרב,

הייסע ניכטערקײַט צווינגט מיך געוויכטיק
כ׳זאָל פֿאַרשווײַגן אויף ס׳נײַ הײַנט
די פּײַן —
ס׳מוז הײַנט ליכטיקער ווערן פֿון ליכטיק —
מײַן בן-אָדם איז דורשטיק אויף ליכט,
קוקט די אויגן זיך אויס אויף אַ שטערן
און די חשכות דערווײַל איז געדיכט.
היט מיך גאָט, אַז איך זאָל זי פֿאַרמערן!

* *
*

ייִדישע קינדער
שפּילן זיך,
אָטעמען,
לעבן און חלומען
ענגליש,
רוסיש,
פֿראַנצויזיש,
אַפֿילו — אויף דײַטש,
ייִדישע קינדער...
— ייִדישע?
— אפֿשר...
כ׳טו תּפֿילה אויף ייִדיש:
— גיב גאָט!

* *
*

צוזאַמען האָבן מיר, —
ווי זאָגט מען דאָס, —
אַ פּוד מיט זאַלץ
שוין אויפֿגעגעסן...
טאָ לאָמיר אויף אַ רגע
זיך פֿאַרגעסן,
אויף יענער ליכטיקער
און אויסגעבענקטער רגע,
וואָס קען אַ פּוד מיט זאַלץ
אַריבערוועגן.

* *
*

כ׳בין שטאַרק, מײַן לעבן, —
שטאַרק ווי אײַזן,
כ׳מוז קענען בײַשטיין דײַן געדראַנג
כדי אַרויסהאָקן באַווײַזן
פֿון האַרץ פֿאַרקלעמטן מײַן געזאַנג.
נאָר ס׳טרעפֿט, — דו קענסט אַ קונץ באַווײַזן,
דערשטיקנדיק דעם ערשטן קלאַנג,
דו ברעכסט מיך ווי אַ שטיקל אײַזן
און כ׳דאַרף דיר זאָגן נאָך אַ דאַנק,
ווײַל ביסט מיר ליבער פֿון געזאַנג.

* *
*

ברודער-לעבן, ברודער-לעב,
פֿאַרבלײַב אַ מענטש,
אויך ווען דו פֿאַלסט
ביז צו חלשות — מיד
פֿון אַלץ און אַלעמען . . .
אַפֿילו,
ווען, חלילה, עלנט בלײַבסטו,
קראַנק,
אַפֿילו אויף דער עלטער,
אַפֿילו מיט אַ פּוס
צו אייביקער פֿאַרגעסעניש . . .
ווײַל וואָס, איך בעט דיך,
שולדיק זײַנען זיי —
די ליכטיקע,
די זיסע קינדער,
די חוצפּהדיקע, פֿלאַקערדיקע
בלומען,
דאָס פֿײַכטע גרינע גראָז,
באַפֿלעקט פֿון זון און שאָטן
צופֿוסנס פֿון די ביימער-שטאַמען
קלוגע,
וואָס ?

*  *
*

מאַנדל-ביימער בליִען,
גלײַך זיי וואָלטן פֿליִען
איבער מײַנע ביינער,
מאַנדל-ביימער דופּטן,
גלייך זיי וואָלטן רופֿן
איבערלעבן שטיינער

מאַנדל-ביימער,
מאַנדל-ביימער
אַזוי ליכטיק בליִען:
זאָלן אַלע וואַנדער-היימען
זיך צוזאַמענפֿליִען!

*  *
*

ס'האָט לאַנג זיך פֿאַרזאַמט
און געקומען פֿאַרסאַפּעט —
אַ יונג און אַ שעמעוודיק רעגנדל
קאַפּעט.

ס'ווערט דופּטיק,
ס'ווערט לופּטיק,
כאָטש ס'טונקלט אַלץ מער
און ס'ציט זיך צום הימל
די באַרגיקע ערד

פֿאַרשטילטע אין אומרו
דאָס גראָז און דער וואַלד...
פֿאַרליבט אין דער שטילקײַט
דער דונער דער ערשטער,
אין שויס פֿון דער שטילקײַט
ער פֿאַלט.

# לייב קורלאַנד ז״ל

## גאָטס באַשעפענישן
**(מאַגנאַטור)**

### אַליין

ווי תמיד, עפנט עלי די שטײַגן־טירלעך און אויפגעוואַכטע טויבן־אויגן פינקלען אים אַקעגן סוף־חלומדיקע שלווה. זײַנע אויגן ענטפערן גוט־בשורהדיק און לאָזן זיך צום שיפל בײַם ברעג.

ער איז דער ערשטער אויפן וואַסער, איידער עס וועקן זיך די מעוועס. דער טאָג איז נאָך נישט דאָ. דער פרי־פרימאָרגן — קוים, קוים.

די פיש וועלן זיך פאַרדרימלטע באַלד פאַרפלאָנטערן אין די לויער־אויגן פון דער נעץ.

### טויבן

צוזאמען מיט די ערשטע זון־פלעמלעך קומען אָן די טויבן. פאַרנווײַז קומען זיי, אויף די שפּיץ־פליגלען, און שוועבן נשמהדיק איבער די צערויטלטע כוואַליע־רוקנס און טאָלן, איבערן זילבער־שוים אַרום שיפל, און איבערן טאָג־אָנזאָג, וואָס פאַרנעפּלט איבער דער פישער־נעץ וואָס שטראָמט אין דער וואַסער־טיף.

עלי ציט אויס די הענט בענטשנדיק און, ווי אויף אַן אָפּגערעדטן סימן, צעזעצן זיך די טויבן: אַ פּאָר — אויף זײַן אײַנגעהויקערטן רוקן, אַ פּאָר — אויף זײַנע אַקסלען און אַ פּאָר — אויף זײַן קאָפּ. און אַנדערע שטעלן זיך אויף די צעהוידעטע פּראָפּנס פון די דיקע נעצן־שטריק איבער די כוואַליעס, און הוידען זיך מיט.

### ברכה

עלי קוקט אויפן וואַסער און זעט ווי איין טויב קלעטערט אויף דער צווייטער און ווי עס צעכוואַליען זיך ווילד זײַנע צעקאָלטנטע קרײַזל־האָר. ער פילט נעגל, וואָס קריצן זיך אײַן אין זײַן הויט, צינדן אָן די האָר־וואָרצלען און צעבליצן זײַנע בלוטן.

— זײַט געבענטשט, גאָטס באַשעפענישן — זאָגט ער מיט הנאה און חרטה פון אַן אַלטן אַלמן — פרו ורבו, פּאָרט זיך און מערט זיך, גאָטס באַשעפענישן, פּאָרט זיך און מערט זיך, גאָטס באַשעפענישן.

מאָרגן וועט זיך שטעלן אַן אַנדער פּאָרל אויף זײַן קאָפּ.

## פּרישטיק

עלי נעמט אַרויס צוויי פּענעצן ברויט, מיט אַ געבראָטן כּינרת־מושט צווישן זיי, בײַסט אײַן און קײַט. קײַט. און טרינקט צו אַ פֿאַרגרייטער קאַפּע פֿון אַ וואַרעמ־פֿאַרגינעריש און פֿאַרשליקן מיט וואַסער. קעפּ־און־גוידערס צעשאָקלען זיך מיט דאַנק און די פֿאַנאַנדערגעשפּרייטע הינטער־פֿעדערן טוען עס אויף זייער אופֿן.

עלי נעמט אַרויס צוויי פּענעצן ברויט מיט אַ געבראָטן כּינרת־מושט צווישן זיי, בײַסט אײַן און קײַט. קײַט. און טרינקט צו אַ פֿאַרגרייטע קאַפּע פֿון אַ וואַרעמ־פֿלאַש. אַ קײַ און אַ טרונק. אַ פּיק און אַ שלוק. אַ קײַ און אַ טרונק. אַ פּיק און אַ שלוק.

דאָס שיפֿל עסט פֿרישטיק.

און די נעץ פֿילט אָן איר בויך, און צאַפּלט. און צאַפּלט.

## מעוועס

אַ געשטאַרקטער, נעמט עלי ציִען דעם עק פֿון נעץ־שטריק.

געלאָקט דורכן ריח פֿון די פֿיש, דורכן געפֿינקל פֿון זילבער־שופּן, זענען מעוועס אָנגעפֿלויגן מיט רעש, מיט שטורעם, מיט רציחה און אָנגעוואָרפֿן פּחד.

זענען די טויבן אַנטרינען, פֿאַרפֿלויגן צו די פּעכער־שפּיצן פֿון די איבערגע־וואַקסענע ברעג־פּאַלמעס. און נישט אַראָפּגעלאָזן עלין פֿון די אויגן.

עלי וואַרפֿט צוריק די דריבנע פֿישעלעך און די מעוועס כאַפּן זיי אין פֿלי. ער ציט דעם שטריק, זאַמלט אײַן די טראַגעדיקע נעץ אין דער שיף, וואַרפֿט די גרעסערע צאַפּלפֿיש אין אַ פֿעסל מיט וואַסער. די מעוועס זענען אומעטום. זייערע שנאָבל־עקן זענען אומעטום, זייערע שאַרפֿע נעגל זענען אומעטום און דער שד, וואָס אין זייערע פֿליגל, איז אומעטום. לאָזן אים נישט טאָן זײַן אַרבעט.

## באַרבוט

נעמט ער אַ טריפֿענעם באַרבוט, מיט גזלנישע אויגן און וואָנצעס, און מיט אַלע כּוחות גיט ער אים אַ שלײַדער אויפֿן זאַמדיקן ברעג אַרויף.

— נאָט אײַך, פֿרעסט זיך אָן! טאַקע ווילדע בריאות, בייזע אָנשיקעניש, אָבער גאָטס באַשעפֿעניש... פֿרעסט זיך אָן. פֿאַר אײַך איז אַ באַרבוט נישט טמא, פֿאַרקערט... גאָר פֿאַרקערט...

האָבן זיי זיך געוואָרפֿן אויפֿן באַרבוט, געריסן פֿון אים שטיקער, געשלאָגן זיך וועגן אַ בעסערן חלק, נעבן קאָפּ, נעבן די אויגן און מוח, געראַנגלט זיך, געביסן איינע די צווייטע, אויסגעריסן פֿעדערן, אויסגעשטאָכן אויגן.

האָט ער זיי צוגעוואָרפֿן נאָך אַ באַרבוט.

— צער בעלי־חיים — האָט ער געזאָגט און באַגאָסן זיך מיט קאַלטן שוויס.

און נאָך אַ באַרבוט האָט ער זיי צוגעוואָרפן צו פאַרמינערן זייער רציחה. און אַ נאָגנדיקע קלעמעניש האָט גענומען קלעמען הינטערן ברעמל, טרײַבן טרערן פון זײַנע אויגן.

## בלוט

און ווען זיי זענען זיך צעפלויגן אַנגעזעטיקט, זענען געבליבן אויפֿן ברעג טויטע מעוועס, הינקענדיקע, בלינדע, אַרומפּליענדיקע פעדער־קנוילן און בלוט. אַ סך בלוט.

דאָס צעבלוטיקטע זאַמד האָט זיך געמישט מיט די פלאַם־פלעקן פון דער זון, וואָס האָט זיך געשיפט צום ברעג צו, אײַנגעקלעמט אינעם וויקל־פלאָנטער פון דער נעץ.

## אַראַבער

עלי גייט שווער צו זיך.

באַלד וועט ער צעהענגען די נעץ צום טריקענען.

און גיין פאַרהאַנדלען די לעבעדיקע מושטן אין "גלי־כינרת".

די אָפּגעשפּאָרטע באַרבוטן וועט ער אָוועקשענקען מאַחמעדן, דעם קוכער.

מאַחמעד וועט זיך טיילן מיט די אַראַבישע באַדינערס פון האָטעל.

זאָלן זיי די באַרבוטן וויל באַקומען!

דרויסן וואַרטן אויף אים די טויבן און באַגלייטן זײַנע שווערע טריט מיט אַ לײַכט געפלאַטער.



רחל בוימוואַל

# לידער-וועלט

א שפּיל אַזאַ

אין דער אַלטער קינדערשפּיל
פֿלעגן שפּילן גרויס און קליין :
ס'איז פֿאַרווערט צו זאָגן "יאָ",
ס'איז פֿאַרווערט אויך זאָגן "ניין".

אויף די ווערטער "ווײַס" און "שוואַרץ"
ווערן טאָרן ניט דערמאָנט.
כאַפּט אַרויס זיך אַזאַ וואָרט,
דאַרפֿסטו צאָלן מיט אַ פֿאַנט.

אומגעפֿער אין אָט דער שפּיל
שפּיל איך ווען איך שרײַב אַ ליד.
"שטערן", "דעמערונג" און "בלענד"
מערסטן טייל דערמאָן איך ניט.

ווען עס נעמט די זון פֿאַרגיין,
בעט זי מיך מיט יעדן שטראַל :
— זאָג ניט "דעמערונג". אַ ניין !
ווייסט דאָך, אַז עס איז באַנאַל . . .

און דער פֿרילינג-טאָג מיר זאָגט :
— שרײַבסט דאָך ניט דאָס ערשטע יאָר.
אַז ס'איז נמאס "בלוי" און "בלענד",
צו דערקלערן דיר כ'פֿאַרשפּאָר.

אויף די שטערן פֿאַלן אָן :
— ווידער "פֿינקלען" אין אַ ליד ? !
וואָס האָבן מיר שלעכטס געטאָן ?
לאָז אונדז אָפּ, מיר זענען מיד . . .

ס׳איז ניט שייך דיר צו פֿאַרווערן
פֿלוידערן וועגן די שטערן,
נאָר קיין איינדרוק מאַכט עס ניט.

ס׳איז ביי מיר אַזאַ מין שפּיל.
שטערן מייד איך אויס אין ליד.
דעמערונג און בלענד און בלוי
מערסטן טייל דערמאָן איך ניט.

סיידנס — אין גאָר אַ גרויסער נויט.

## פּאָלעמיק

אין שייכות מיט איינער אַ ריכטונג,
אין דיכטונג אַ נייע מין ״שקאָלע״:
קאָן זיין, אַז קבלה איז דיכטונג.
נאָר דיכטונג איז ניט קיין קבלה!

און נאָך — דאָס איז זייער וויכטיק! —
צו מעלדן איך האָב די ערע,
אַז ס׳לאָזט זיך ניט טיילן די דיכטונג
אויף ״לייכטע״ דיכטונג און ״שווערע״.

גערעכט זענען די, וואָס ווילן
״עס זאָל לייענען זיך ווי אַ וואַסער״.
ווייל ס׳העלפֿט ניט דעם דורשט צו שטילן
די ״טיפֿזיניקייט״ פֿון פּאַרפֿאַסער.

דער צויבער פֿון דורכזיכטיק-קלאָרן —
פּאָעזיע! אַזאַ מין פֿאַרמעגן!
מען דאַרף דען מיט עפּעס זי פּאָרן? —
נאַיווע אַלכעמישע וועגן!

דעם גייסטיקן דורשט קאָנען שטילן
בלויז קלאָרע און לויטערע קוואַלן.
און קונסט מיט געקליגלטע צילן
איז קיין מאָל קיין קונסט ניט, פֿאַרפֿאַלן!

עס האָט פּאַסטערנאַק אויף דער עלטער
״דערלאַנגט אויף אַ טאַץ״ זײַנע לידער.
און פּושקין אין דיכטונג געוועלטיקט,
כאָטש אומקלאָרקייט איז אים דערווידער.

און טאַקע — (ס׳איז ווײַט צום געלעבטער),
עס דיכטן איצט פּיל פּילאָזאָפֿן,
נאָר מ׳האָט נאָך קיין שורה קיין עכטע
אין לידער בײַ זיי ניט געטראָפֿן.

דער מאָגערער זאָג מאַכט ניט זעטיק,
דער שטומפּיקער קלאַנג טוט ניט שאַלן.
זיי נוצן פּאַרפּיום און קאָסמעטיק
און קוויקן זיך מיט דעם באַנאַלן . . .

ווּוּ איז זייער אויג, זייער אויער ?
זיי האָבן פֿון דיכטונג קיין אַנונג.
בלויז מענטשלעכן מיטלייד און טרויער
דערוועקט זייער ״גײַסטיקע שפּאַנונג״.

## אין אונדזער האַרטער צייט

אין אונדזער האַרטער צײַט פֿון שטאָל און שטיין
ניט גרינג איז צו געפֿינען אַ באַגיטיקער.
אַ שרײַבער טאָר ניט אויפֿקומען אַליין,
נאָר כאָטשבי מיט אַ לאַנדסמאַן מיט אַ קריטיקער. —

דעם שרײַבער קענען זאָל ער פֿון אַ מאָל,
פֿון מאָל צו מאָל אים לויבן און דערוואַרעמען.
אין אונדזער טויבער צײַט פֿון שטיין און שטאָל,
דאַרפֿסט וועגן זיך אַליין כאָטש קענען ליאַרעמען. —

מיט אַלע מיטלען לייגן אויף זיך אַכט.
און אויב דו קענסט ניט, ביסטו אַ פֿאַרפֿאַלענער.
ס׳וועט קיינער דיך ניט נעמען אין באַטראַכט,
ווײַל דו געהערסט צו קיינעם און צו אַלעמען.

און טאָמער שרײַבסטו גוט, איז זייער גוט!
דו האָסט טאַלאַנט? — איז מעגסטו אים פֿאַרמאָגן זיך.
נאָר עפּנטלעך אַראָפּנעמען די הוט
וועט מען פֿאַר די וואָס קענען דאָס דערשלאָגן זיך.

## אַ גאַנצע וועלט

פֿאַר מיר און דיר,
פֿאַר קליין און גרויס,
פֿאַר קינד און קייט
האָב איך אַ וועלט אַ גאַנצע צוגעגרייט!
אַ גאַנצע וועלט איז דאָ צעהעלט. —
זאָג, דיר געפֿעלט? —
מיט זון און ווינט,
מיט קווייט און קינד,
מיט וואַלד און פֿעלד.

מײַן וועלט —
איך האָב געהאַט זי נאָך פֿון פֿריער.
נאָר כ׳האָב באַדאַרפֿט אַ זעצער און פּאַפּיר.
איך האָב מײַן וועלט
אין טאָוולען אײַנגערעמט.
און איצט איז זי פֿאַר מיר
אַ ביסל פֿרעמד . . .

איצט קאָן שוין יעדער,
ווער עס געפֿעלט
אַרײַנגיין און געניסן פֿון מײַן וועלט.
און ווי עס זאָל ניט זײַן,
צי גוט צי שלעכט,
איז אין מײַן וועלט נאַטירלעך אַלץ און עכט.

דאָ זענען ביימער,
ניט קיין מעבל-שטיק.
און פֿרישע ווינטן,
ניט קיין באַלקן דריקט.

דאָ שײַנט און רעגנט,
דונערט, בליצט און שנייט . . .
קיין שפּילן אין געפֿילן
איז דאָ ניט פֿאַרגרייט.

* *
*

איינער שרײַט דעם ווייטיק צו פֿאַרטרײַבן ,
ס׳וויינט אַ צווייטער
און אַ דריטער לאַכט.
איך, למשל, זעץ אַוועק זיך שרײַבן. —
אַט אַזוי שוין האָט זיך עס געמאַכט . . .

כ׳פּרוּוו פֿון זיך אַראָפּוואַרפֿן טאָגטעגלעך
פֿון די קליינע זאָרג דעם גרויסן עול.
און אין לידער, ווי באַוווּסט, איז מעגלעך
שרײַען,
וויינען,
לאַכן —
מיט אַ מאָל.



## מנוחה ראָם / פּאַריז

# אַ נאַכט
(קאַפּיטל פון ראָמאַן "בער יאָדלער")

גיך איז אַריבער די פרייד פון געפינען דניאלן. ווי אין חלום, זעט בער דאָס ברענגען דעם זון אַ באַפרייַטן פון קאַרטוז־בערעזע מיט פּאַראַד.

אַ צעצאַפּלטן זעט ער זיך צווישן גרויסן עולם, הינטערן שטאַט. אַלע וואַרטן. עס באַווייַזן זיך אויטאָס אויפן וועג. זיי שטעלן זיך אָפּ. מיליטער־לייַט שטייַגן אויס. שטייען אויסגעצויגן, אומבאַוועגלעך. דער אָרקעסטער שפּילט און פון איין אויטאָ קומט אַרויס דניאל. בער דערקענט אים קוים. ער איז דאַר, אָפּגעצערט. ווי קלענער געוואָרן. כדי אים צו זען, הייבט ער זיך אויף די שפּיצן פינגער. זייַן האַרץ קלאַפּט אַרויסצושפּרינגען. טרערן פון פרייד גיסן זיך פון זייַנע אויגן. ער לעבט דניאל. ער איז דאָ.

נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל לעבט בער אויף די דערמאָנונג. וויל מיט איר פאַרטרייַבן די אומהיימלעכע מחשבות. שוין וויפל מאָל באַשלאָסן זיך דורכצושמועסן מיטן זון. ער איז אָבער זייער פאַרנומען.

די שטוב איז פול מיט פרעמדע. "ביעזשענצעס" פון מערב־פּוילן. אַנדערע קומען פון רוסלאַנד מיט "קאָמאַנדיראָווקעס". עס קאָכט ווי אויף אַ יריד.

אין אמת, ווו דניאל אַרבעט, האָט ער געקריגן אַ לעדערנע קורטקע און אַ נייַע טעקע. יעדן טאָג פאַר פרי גייט ער אַרויס פון שטוב. פּרישטיקט שוין דאָרטן אין "סטאָלאָווע". אויך בלומע וועט בקרוב אָנהויבן אַרבעטן.

אין די אָסיענדיקע, טריבע פרימאָרגנס, ווען דניאל גייט אַרויס פון שטוב, קוקט אים בער נאָך דורכן פענצטער. זעט ווי ער פאַרנעמט זיך מיט דער שמאָלער סטיעזשקע. גייט מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען געבויגן, ווי ער זאָל שלעפּן אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס. און אַז דניאל פאַרנעמט זיך צו דער גאַס, אייַלט בער אַרויס אין דרויסן. באַווייַזט נאָך צו זען, ווי ער כאַפּט זיך אַרייַן אין אויטאָ, וואָס איז געקומען אים נעמען.

איז ער כאַטש געזונט? — טראַכט בער — אויב אַלץ איז אַזוי גוט, פאַר וואָס איז ער חושך ווי די ערד? און טרויעריק, וויי־וויי, ווי טרויעריק ער איז.

גיך לויפט די צייַט. שוין חדשים אַדורך און בער האָט נאָך אַלץ ניט געפונען קיין מאָמענט, זיך דורכצושמועסן מיטן זון. עפּעס מאַכט אים אומרויִק, וואָס דניאל מיט בלומען פאַרמאַכן זיך אין אַלקער. פון דאָרטן כאַפּט ער אויף אַ פליסטערן, אַ שטיל שעפּטשען. אָדער מיט איין מאָל, ווערט אַזוי שטיל, אַז מען הערט קיין פּיפּס ניט. ער קען עס ניט פאַרשטיין.

— וואָס האָט איר אַזוי פיל סודות ? — האָט ער איין מאָל אַן אומגעדולדיקער אויפגעפּראַלט די טיר — זענט איר דאָך איצטער לעגאַל ? ביי זיך ?

ביידע האָבן אָנגעהויבן לאַכן. אין דעם איז אַריינגעקומען אין שטוב מאַרעק דער ביעזשעניעץ. געבראַכט אַ לאַבן ברויט אונטערן אָרעם.

— די נאַכט האָט מען אַרעסטירט דעם באַלעבאָס פון טאַרטאַק. ווי הייסט ער ? און דעם דאָקטער... אויך זיין נאָמען פאַרגעסן.

— הייסט ער נישט פּינסקי ? — האָט אים בער געפּרוווט דערמאָנען.

— יאָ, יאָ. אַזוי האָב איך טאַקע געהערט. דאָקטער פּינסקי. בלומע, איך האָב געקריגן צו קויפן סאַכאַרין. אַ זעלנער האָט פאַרקויפט. מיר וועלן היינט אין אָוונט טרינקען טיי, דערוואַרעמען די נשמות. מיינע גייט מיר אינגאַנצן פאַרפרוירן ווערן. אָבער גוט איך האָב שוין אַן אויסזיכט אויף האָלץ. דאָ אין סאַמע ראָג, האַלט זיך גאָר שוואַך אַ ברעטל אין אַ פּאַרקאַן. קוים נעם איך עס ניט צו, וועט אַן אַנדערער זיך מרחם זיין. איך וועל שוין אָפּהיטן קיינער זאָל ניט זען און עס ברענגען אהער.

— וואָס פאַלט דיר איין מאַרעק ? — איז בלומע אויסער זיך — וואָס הייסט דו וועסט נעמען אַ ברעטל פון אַ פרעמדן פּאַרקאַן ? זענען דאָך נאָך פאַראַן עטלעכע לייסטן אין שטעלכל. אויב נעמען פון אַ פּאַרקאַן, האָבן מיר דאָך אַן אייגענעם פּאַרקאַן.

— אוי בלומע, בלומע. האָסט אַזוי פיל שכל, וויפל מיין ווייב. זי האָט זיך שוין היינט פאַרשריבן צו פאָרן אויף אוראַל. זי גייט עס בויען דעם סאָציאַליזם בפּועל ממש. זי זעט ניט, אַז מיר זענען שוין אַ סך ווייטער, פאַרקראַכן ביז אין אלף השישי. פאַרשטייט. זענען נאָך יאָ פאַראַן אַ פּאָר לייסטן, וועלן זיי גוט זיין אויף מאָרגן. קלעם זיך ניט. היינט וועל איך אַרויסציען דאָס ברעטל פון יענעם פּלויט. מאָרגן, ווען מיר וועלן שלאָפן, וועט יענער נעמען דאָס ברעטל פון דיין פּלויט. וואָס איז דער אונטערשייד, אַלץ איז אַלעמענס.

מאַרעק רעדט אַן אויפהער, שפּאַנט הין און צוריק און זעט אויס זייער אויפגערעגט.

בער זיצט אַן אַנטשוויגענער ווי צו אים וואָלט דער שמועס נישט דערגאַנגען. ער טראַכט וועגן זיין פריינד דאָקטער פּינסקי. פילט אַ שייכות פון דעם אַרעסט מיט די קינדערס סודען זיך. איצטער זעט ער בפירוש : ווען ער האָט אומגעריכט אַן עפן געטאָן די טיר מיט אַ טענה צו זיי, איז זייער געלעכטער געווען אַ געמאַכטער. דאָס באַהאַלטן זיי עפּעס פון אים.

אַלטע לייט קענען זיך ניט דערמאָנען אַזאַ ווינטער, ווי עס האָט זיך דעם יאָר געשטעלט. ניט אַנדערש ווי די רוסן האָבן מיטגעבראַכט אין די קעשענעס סיבירער פרעסט.

— דאָס איז זייער קעלט — האָט צאַלע דער סטאָליער צוגעשמייכלט.

דבורהקע די מילכיקערין האַלט אַז עס איז גאַרניט אַזוי קרום, ווי מען מיינט. זי האָט אַ מאָל געלייענט אין אַ מעשה־ביכל, אַז עמעץ איז ערגעץ געקומען און

געבראַכט מיט זיך אַ היץ. איז אויב מען קען ברענגען אַ היץ, לייגט זיך אויפֿן שכל, אַז מען קען אויך ברענגען אַ קעלט.

אין אַן אַנדער צייט, וואָלט חיה די קצבטע ניט דורכגעלאָזט איר פּלוידערן, וואָס איז ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן. זי וואָלט זיך מיט איר אַזוי לאַנג געשפּאַרט ביז זי וואָלט אויסגעפֿירט פּונקט דאָס פֿאַרקערטע, ווי דבורהל זאָגט. הײַנט איז ניטאָ דער קאָפּ צו דעם. און חוץ דעם האָט איר דער מאַן אָנגעזאָגט, צו שווײַגן. לכתּחילה זיך היטן אויפֿצוועפּענען דעם מויל.

— ווײַל איך קען דאָך דיר, חיה גאָלד, דו קענסט אָנהייבן פֿון דער ראַבער הון אין קאָטוך און קאָנטשען מיטן צווייקעפּיקן אָדלער אויף דער פּוילישער פֿאָן. בעסער שווײַג.

חיה פֿאַרזיכערט, אַז זי שווײַגט, ניט דערפֿאַר, ווייל איר מאַן זאָגט אַזוי. אַ מענטש איז דאָך נאָך אַלעמען ניט קיין בהמה — טענהט זי — איך זע דאָך, אַלע שווײַגן. איז פֿאַרוואָס זאָל איך רעדן ?

דער ווינטער האָט זיך טאָקע געשטעלט קעלטער ווי יעדעס יאָר. די האַרבסטיקע בלאָטע ,איז אײַנגעפֿראָרן איבער נאַכט. אַ טרוקענער, שנײַדיקער ווינט האָט געוויעט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, נאָכדעם האָט אָנגעהייבן שנייען. עס האָט געשאָטן טעג און נעכט אַ פֿריסקער שניי ווי זאַלץ און געבלאַנקט אין דער אומ־היימלעכער גרויקייט.

בערן איז געלונגען. נאָך איידער דער וועג איז קאַליע געוואָרן, האָט ער אַרײַנגעכאַפּט צו ברענגען, אַ פּאָר וועגלעך יאַדלע־האָלץ. עס זאָל כאָטש קלעקן ביז עס וועט לינדער ווערן. מערער ברענגען האָט זיך ניט געלאָזט. ניטאָ ווו צו לייגן. פֿון הויף, אונטערן דעכל, וועט מען עס צעשלעפּן.

עס איז ביטער. פֿון זייער שטיקל וואַלד, ווערט אַ תּל. אַן רחמנות האַקן די פּויערים אויס די ביימער. און כאָטש עס פֿעלן ניט קיין צרות חוץ דעם, וויינט דאָס האַרץ צוצוקוקן, ווי מען לאָזט שטיין אַ קראַנקן בוים און מען האַקט אויס אַ יונגן אַ געזונטן. אין גאַנצן הפֿקר אַ וועלט.

מאַרעק דער ביעזשעניעץ, וואָס האָט צוזאַמען מיט זײַן ווײַב זיך אײַנגעלעבט ווי אייגענע אין שטוב, ברענגט נאָך אַלץ יעדן טאָג אַ לאַבן ברויט פֿון אָטשערעד, פּאָר פֿינצטער גייט ער אַרויס. קריגט אויך סאַכאַרין אויפֿן שוואַרצן מאַרק. פֿאַלט תּמיד אַרײַן אַ̇ין שטוב אַ דערפֿרוירענער. דאָס דעראַבערטע טוט ער אַ לייג אויפֿן טיש און רײַבנדיק די הענט זיי צו דערוואַרעמען, דערלאַנגט ער ווי אַ ספּיקער, די נײַס פֿון דער נאַכט. ער ווייסט צו דערציילן ועמען מען האָט אַוועקגעפֿירט אין ענקאַוועדע, וועמען מען האָט שוין אָפּגעפֿירט אין טורמע.

אין אָוונט בײַם סאַמאָוואַר, דערוואַרעמט מען זיך מיט גלעזלעך טיי. דניאל קומט שפּעט. ער איז תּמיד פֿאַרנומען. זיצט מען דערווײַל און מען כאַפּט אַ ציטער. נאָכן טאָג איז די שטוב אויסגעקילט.

בערן איז בעסער צו גיין שפּעט אין בעט. ער שלאָפֿט שלעכט.

קוים דערוואַרט זיך אויף טאָג, גייט ער דער ערשטער אַראָפּ פון געלעגער. דאָס האָלץ אין אויוון ליגט נאָך פון נעכטן. ער קלייַבט אַרויס די קוילן אין אַ קעסטל. זיי זענען נויטיק צו מאַכן דעם סאַמאָוואַר. לייגט אונטער אַ שוועבעלע צו די סמאָליאַקעס. ווי נאָר דאָס האָלץ הויבט אָן ברענען שטעלט ער צו אויפצוקאָכן דעם ליאַק. ווען אין שטוב ווערט היימלעכער פון פייַער אין אויוון, וועקט ער בלומען. זי שטעלט צו וואַרמעס. נאָך פאַראַן אין שטוב אַ זעקל קאַרטאָפל, אַ קליין ביסל מעל. מאַרעק האָט פאַרן אַוועקגיין געבראַכט אָן עמער וואַסער פון ברונעם. דניאל מאַכט זיך שוין אויך גרייט אַוועקצוגיין.

דער טאָג אין שטוב הייבט זיך אָן ווען אין דרויסן איז נאָך פינצטער.

יענעם פרימאָרגן איז בער נאָך געלעגן אין בעט, ווען ער האָט דערהערט אַ לייַכטן קלאַפּ אין טיר. עס איז אָבער באַלד שטיל געוואָרן.

רייַסט עס דער ווינט דעם לאָדן ? און אפשר דאַכט זיך מיר אויס ? זענען די קינדער אפשר טאַקע גערעכט, וואָס זיי זאָגן אַז נאָר מיר דאַכט זיך.

עס איז דאָך פאַרט שטיל אין דרויסן. ער טוט זיך אָבער שוין אָן. און גלאָט אַזוי גייט ער צו צו דער טיר. עפּעס רופעט אים פאַרט.

— נחמן — איז ער אויסער זיך — אַזוי פרי ? שטייסט דאָ שוין לאַנג ?

ווייַזט זיך אַרויס, אַז ער קומט ניט אַזוי צו בערן, ווי צו דניאלן. די נאַכט האָט מען אַרעסטירט זייַן עלטסטן זון, שייַקען.

אין טונקעלן צימער, זיצט דניאל אַראָפּגעבויגן. ער טוט אָן די שיך. בער שטייט נעבן אים און הערט נחמנען דערציילן מיט אַ צעבראָכן האַרץ. ער ענדיקט און ביידע וואַרטן אויף דניאלס וואָרט.

זייער לאַנג שנורעוועט ער די שיך. ענדלעך הייבט ער דאָך אויף דעם קאָפּ, קוקט זיי אָן מיט אַזאַ פאַרוואַלקנטן בליק, אַז שווער איז צו פאַרשטיין: איז ער טרויעריק, באַזאָרגט, צי גאָר אומצופרידן. אַ רגע און ווידער בייגט ער זיך אייַן טאָפּט די שיך ווי זיי זאָלן אים פּלוצלונג ענג ווערן.

דעם צעוויטיקטן נחמנען, האָט דניאלס שווייַגן נאָך מער דערשראָקן, ער האָט געזוכט מיט די אויגן אַרום זיך, מיט חשד געקוקט צו דער טיר, וואָס פירט צום דערבייַיקן צימער.

— ווער איז עס דאָרטן ? האָב איך ניט געטאָרט קומען צו אייַך ?

— וואָס פאָלט דיר אייַן ? — באַרויִקט אים בער — ביעזשענצעס פון וואַרשע. זיי האָבן זיך ניט ווו אַהינצוטאָן. וווינען מיט אונדז.

— יידן ?

— יאָ.

— נו — קוקט בער אַ פאַרלאָרענער צו דניאלן צו נחמנען און ווידער צו דניאלן.

— דניאל — וויינט נחמן אַרויס אָן טרערן — דו קענסט דאָך שייַקען. ווייסטו דאָך, איז ער געווען, חלילה, קעגן די אַרבעטער ?

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן — גלייכט ער זיך ענדלעך אויס — עס איז דאָך נאָר וואָס געשען. איך ווייס אַזוי פּיל וויפל איר.

ער ווערט אַנטשוויגן. צעפּירט הילפלאָז די הענט און גיט צו:

— מען דאַרף אָפּוואַרטן. איר פאַרשטייט ? . . . איך . . .

ביידע וואַרטן, וואָס וועט דניאל נאָך זאָגן. ער אָבער טוט זיך אַ ריב דעם שטערן און שווײַגט. אָטעמט גאָר שווער אָפּ.

נחמן גייט אַרויס פון שטוב נאָך מער צעבראָכן ווי ער איז געקומען. און אַזוי גייענדיק, רעדט ער האַלב צו זיך, האַלב צו בערן, וואָס באַגלייט אים:

— איך האָב געמיינט דניאל וועט לויפן זיי דערציילן ווער שײַקע איז.

— נחמן, הער נחמן, מיר זענען דאָך יידן — זאָגט בער אײַנגעהערט אין די אייגענע רייד ווי אין עפּעס אַ נײַס פאַר זיך אַליין — מען דאַרף האָבן בטחון. נישט אַזוי ? איך וועל שפּעטער זײַן בײַ דיר — גיט ער נאָך צו און גאָר לאַנגזאַם פאַרטראַכט, פאַרנעמט ער זיך צוריק צו דער שטוב.

שוין נאָכן טאָג. דניאל איז שוין דאָ פון דער אַרבעט. בער הערט, ווי אין אַלקער סודעט ער זיך מיט בלומען. עס טוט אים אַ הייב פון אָרט און אָט שטייט ער שוין אין דער טיר אַנטקעגן זיי. בלומע איז בלייך. דניאל דערזעט דעם טאַטן און גייט גיך אַרויס. אַ רגע בלײַבט בער צעטומלט און לאָזט זיך נאָך אים.

— וואָס איז געשען דניאל ? וואָס איז ?

— גאָרניט, טאַטע. איך ווייס אַליין ניט. איך בעט דיך. איך ווייס ניט. זעסט דאָך, אַז גאָרניט.

— איך זע טאַקע גאָרניט, אָבער . . .

— איך מוז אַוועקגיין, טאַטע. איך קום באַלד צוריק.

ער טוט זיך אָן, גייט שנעל אַרויס פון שטוב. באַהאַלט אין גאַנצן ניט זײַן צעטראָגנקייט.

בער גייט אַריין צוריק אין קיך. ער זעט בלומע זיצט און וויינט.

— וואָס איז געשען, בלומע ? — זאָגט ער און ווי ער וואָלט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער זעצט ער זיך צו נעבן איר.

ביידע שווײַגן.

בײַ נאַכט. שוין גאָר שפּעט. בער שלאָפט ניט. ער הערט אַ וואָגן צופאָרן צום שטוב. דניאל גייט צו דער טיר עפענען. ניט ער, ניט בלומע זענען געגאַנגען שלאָפן.

ענקאַוועדיסטן זענען געקומען. זיי מאַכן אַ רעוויזיע.

וואָס זוכן זיי ?

דניאל זיצט אין ווינקל פון שטוב. בלייך ווי די וואַנט, קוקט ער צו, ווי זיי נישטערן אין בעטגעוואַנט, אין די שרענק.

בלומע ציטערנדיק ווי אין אַ פראָסט העלפט דעם טאַטן אַנטאָן דעם פּידזשאַק. וויינענדיק דערלאַנגט זי אים זײַן שאַל.

— וויינט ניט קינדער — וויל בער זיי באַרויִקן און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן — מען וועט זיך... מען דאַרף אַפּוואַרטן... וויין ניט טאָכטער — האַלט ער זי לאַנג אין די אָרעמס און גלעט אירע צוקנדיקע אַקסלען.

די ענקאַוועדיסטן אײַלן און בער ווי ער וואָלט זיי ניט געהערט געזעגנט זיך לאַנגזאַם. קושט זיך אויך מיט מאַרעקן, זײַן ווײַב, צעטומלט, דערשראָקן שטייען זיי אין טיר פון צימער. דער לעצטער קומט צו דניאל.

— האַלט זיך טאַטע. מיר וועלן זיך זען. גאָר גיך וועלן מיר זיך זען...

בער וויל אים ענטפערן און קען ניט. ער מאַכט עפּעס אַ באַוועגונג מיט דער האַנט. און שווער איז צו פאַרשטיין וואָס ער וויל זאָגן.

אַן ענקאַוועדיסט נעמט אַן זײַן אָרעם און פירט אים צו דער טיר. די צוויי אַנדערע גייען נאָך הינטער אים.

אין שטוב איז שטיל, יעדער זיצט אומבאַוועגלעך ווי פאַרגליווערט. נאָר מאַרעקס ווײַב, דניאלס פאַרטיי־חברטע פון וואַרשע, טוט זיך אַ וואַרף אויפן געלעגער. זי צעוויינט זיך היסטעריש און הויך.

טראַכט זי וועגן אירע יאָרן אין פּאַוויאַק? וועגן אוראַל, וואָהין זי האָט זיך פרײַוויליק מאָביליזירט און דאַרף בקרוב פאָרן? און אפשר זעט זי גאָר איר אייגענעם טאַטן, אויף יענער זײַט גרענעץ בײַ די דײַטשן?

זי כליפּעט, העשעט און קען ניט אויפהערן.

אַלע שווײַגן. קיינער זאָגט גאָרניט.



## יאָסל לערנער

### בלעטערפאַל

אַז מ׳קומט אין די יאָרן,
וואָס וויל מען נאָך בעטן ? —
מ׳וויל שוין מיט קיינעם נישט מער
זיך פֿאַרוועטן.
מ׳וויל נאָר אַ קלאָרינקער טאָג
זאָל דיר שײַנען —
און אַ קאַפּעלע גלעטן.

*

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן, —
אויפֿהערן זיך קריגן,
אויפֿהערן צו שפּעטן.
דאָס קאָסט אַזויפֿיל עגמת-נפֿש
און אַזויפֿיל טרערן. —
מ׳פֿאַרלירט דערבײַ נישט נאָר דעם רעשט,
נאָר אויך דעם קערן.

*

אַלץ וואָס דו זאָלסט נישט פֿאַרגעסן
געדענקען דו מוזט אָט דעם טײַערן געבאָט :
— די ליבשאַפֿט פֿון מענטש צו מענטש
איז מער ווי די ליבשאַפֿט צו גאָט . . .

*

כ׳בין אַלץ נאָך דער זעלבער פֿון צוריק מיט יאָרן,
דער זעלבער תּם מיט אַלע תּנועות און הוועיות. —
אפֿשר אַ קאַפּעלע באַדאַכטער געוואָרן,
דערפֿאַרונג אָבער, איר זאָלט זאָגן, אפֿילו אַ כּזית.

*

נאָך גייט מיר נאָך פֿוס-טריט ביז היינט,
דער שלימזל מיינער אויף אַלע מיינע וועגן.
ער שמייכלט אַזוי ליבלעך ווי אַן אַלטער גוטער-פֿריינד
און קומט — ווי שטענדיק — דער ערשטער מיר אַנטקעגן.

איך גיי, — דער שלימזל הינטער מיר, —
גייען מיר אַ לעבן לאַנג צוזאַמען.
ווי עס גייט דער לץ מיט דעם קעניג ליר,
ווי עס גייען — אין אַ ליד — שורות צוויי מיט גראַמען.



## בקיצור וועגן וויבטיקס

### גוט-מאָרגן, "ייִדיש-וועלט"!

ענדלעך האָט זיך דער ייִדיש-לייענער דערוואַרט אויף אַן אַקטועלער ליטעראַרישער חודש-שריפט. "ייִדיש-וועלט", אַזוי הייסט די נייַע אויסגאַבע פון וועלט-ראַט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור. שוין די ערשטע צוויי נומערן שטאַרקן אונדזער האָפענונג אַז מיר וועלן האָבן פאַר זיך אַן אינטערעסאַנטן קעמפערישן זשורנאַל, וועלכער זעצט פאָר די גוטע טראַדיציעס פון די וואַרשעווער "ליטעראַרישע בלעטער" און פון תל-אביבער "היימיש".

גוט-מאָרגן, "ייִדיש-וועלט", געשטאַרקט זאָלסטו זייַן!

יוסף אַקרוטני / בוענאָס איירעס

# ווען דער מענטש פאַלט ווי אַ שטיין

1

דאַריאַ הייסט מענדל קיצינס באַלעבאָסטע. אָבער דאַריאַ איז נישט נאָר מענדלס באַלעבאָסטע. נאָך אַנדערע פרעמדע, טאָקע זײַנס גלײַכן, האַלטן זיך אויף בײַ איר. קליין איז איר הײַזקע וואָס שטייט אין מיטן די זאַמדן און אויסגעבליאַקירטע גרינסן וואָס בייגן זיך אָקערשט צו דר'ערד אין דאַזיקן פאַרוואָרלאָזטן טייל פון שטאָט. גרויס איז דער טומל וואָס הערשט אין דער אַרומגעמויערטער ענגשאַפט פון די נידעריקע ווענט אין דער כאַטע. אויך אַ נידעריקע, אַ קײַלעכיקע מיט גראָבטשיקע גיכע פיס איז די באַלעבאָסטע, וועלכע שטייט שטענדיק אין מיטן דעם רעש, וואָס ברעכט אויס בײַ יעדן אויפשטיין און בײַ יעדן שלאָפנגיין. כסדר אײַלן זיך דאַריאָס אומרויִקע אויגן, עס יאָגן זיך אירע הענט און דאָס קליינוואַרג לאָזט איר נישט אײַנזיצן אויף אָן אָרט: עסן, מאַמאַ; אָנטאָן, מאַמע. שורא שלאָגט, מאַמאַ!

צוויי זענען זיי איר אייגנס, די ייִנגלעך, און תמיד רײַסן זיי איר בײַם קלייד; תמיד זענען זיי הונגעריק און האָבן עפּעס צו מאָנען בײַ דער מאַמען, וועלכע קען זיך קיין מאָל נישט קיין עצה געבן. רק זיי דערמאָנען איר, אַז זי איז געבליבן אַליין, דער מוזשיק איז אין מלחמה, געלאָזן זי אויף צרות. זי האָט שוין נישט וואָס אַרויסצוטראָגן אויף דער באַראַכאָלקע צו קענען דערפאַר קויפן עפּעס אויף צו פאַרשטאָפּן די הונגעריקע מײַלער פון דעם קליינוואַרג.

שטעלט זיך די סומאַטאָכע, פאַרשטאַרקן איר אומרו די ייִנגלעך וואָס איליאַ האָט איר באַצײַטנס אָנגעיווירן, כאָטש זי האָט געערן געהאַט צו זײַן נאָך אַ פּאָר יאָר פרײַ פון האָדעווען ממזרים. זי'ט געטאָמלט נאָך צו זײַן אַ באַרישניע, איז געקומען דער פּעטער פּיאָטר און זײַן כלבטע קלאַוודיאַ און זי מיט כוח געשטויסן אין די אָרעמס פון דעם מוזשיק איליאַ, אַ קרענק אים אין די ביינער אַרײַן. כײַ וואָלט זי כאָטש נאָך הײַנט געווען אַ באַרישניע, נישט געהאַט אויסצושטיין פון די פּיצלעך מיטיאַ און שוראַ וואָס רק דאַרפן זיי אַכלען און זי האָט נישט זיי צו געבן. הייבט זיך אויף דער טומל אין דער פרי, ווערט דאַריאַן צו גרויס אין די אויגן דאָס פאַרפאַלק וואָס ערשט אַנומלט זענען זיי איר געפעלן געוואָרן, אָבער איצט זענען זיי איר שוין פריקרע. עפּעס פאַרען זיי זיך צו פיל, פלאָנטערן זיך פאַר די פיס. "שליאַיען זיך!" — בורטשעט זי ווען זי דערזעט זיי באַגינען. דאָס געלט וואָס זיי האָבן איר דערלאַנגט? ס'נאָר ווי אַ שפּענדל פאַרן פײַער. דאָס יקרות פלאַמט, נישט צו דעראָגן עס אפילו מיט אַ שדישן כוח. אויך דער בלייך־פּנימדיקער, בלאָנדער

מאַנצביל אויף די לאַנגע פיס, וואָס ערשט אַרײַנגענומען אין כאַטע, איז איר שוין גאָר אַ פּוסט אין אויפגעריסענעם מויל אַרײַן אַזש ס׳שטיקט איר. "אוך, ס׳אַראַ ענגעניש!" ווילט זיך איר דעם פּאַרפאַלק (טאַקע ביידן) אַרײַנשרײַען אין די געהירן, אַז זיי זאָלן רעכט דערהערן. ווײַזט אָבער אויס, אַז ער איז אויך אַ גרויסער נאַר, דער לאַנג אויסגעצויגענער, בלאָנדער פּאַרשוין און דאָס ווײַב זײַנס איז אַ מין קריכעריש באַשעפעניש. אפילו אַז זי רעדט דאַכט זיך אויך אַז אַ זשוק האָט זיך צערעדט, ציט אויס די ווערטער ווי גומי. אַלאַ דער אַליינינקער וואָס איז ביילעך אַרײַנגעקומען צו דער רויטאַרמייערקע דאַריאַ, טאַקע דער מענדל קיצין, איז איר רחמנות. אַליין איז ער אַוועק אין דער ביטערער זאַווערוכע און ס׳נישט באַשערט געווען אים דער טויט פון אַ קויל. וועט ער זיך דאָ אויך מאַטערן. ער איז איר ממש אַ שאָד געווען, זײַן בידנע אויסזען און זײַן ברייטגיביקייט (ער׳ט איר אָן שום פרעגענישן דערלאַנגט אין פּאַרויס אַ פולע זשמעניע טשערוואָנצעס, אָבי צו קענען באַלד זיך אויסציען אונטער איר דאַך!) און זי׳ט אויך אים איבערגעלאָזן זיך וואַלגערן אויף דער קופּע פון אירע בעזשענצעס. סײַ ווי איז איר באַשערט צרות פון זיי אַלעמען. ווו מע גיט זיך אַ ריר — שטויסט מען זיך אָן אויף פרעמדע אַקסלען און דאָס מויל קען זיך קוים אײַנהאַלטן נישט אַרויסצוקומען מיט אַ שאַרפער קללה. אויף דער נאַכט איז נאָך ערגער.

אויף דער נאַכט ווערט די הײַזקע פול מיט געלעגערס, מיט שטרויזעק. נישטאָ דעמאָלט קיין אָרט פאַר דער פּאָדלאָגע; אין אָוונט נעמט די פּאָדלאָגע בײַ צײַטנס זיך וואַרגן אונטער די שטויסן פון די פיס וואָס זוכן באַקוועמער זיך צעעפענען אַ וועג פאַר יעדן שטרויזאַק. מיד־מאַטע שטרעקן זיך דאַריאַס קוואַרטיראַנטן פריער זיך אַראָפּצולאָזן אויפן געלעגער, אויסציִען די גלידער וואָס זענען להוט רו, שלאָף. בכלל האָט די קליינע הײַזקע אַ שווערע מערכה אויך בײַ טאָג, מחמת בײַ די ווענט פאַרנעמען שטח לענגאויס פון דער פּאָדלאָגע עטלעכע קויקעס אַזוי אַז צווישן די כלומרשטע בעטן (אייגנטלעך נאָר אַ ברעט אויף עטלעכע ציגל) איז פאַראַן צו ווינציק אָרט פאַרן דיל ער זאָל קענען רעכט אָנקוקן די סטעליע צי אפילו בליקן צום פענצטער. די געלעגערס פאַרכאַפּן דעם גרעסטן טייל "טעריטאָריע" פון דער פּאָדלאָגע. ווידער דער טונקעלער, שטויביקער חלל אונטער זייערע דנאָען איז פאַרשטאָפּט מיט קלומעקעס, טשעמאָדאַנעס און שאַכטלען פון דאַריאַס שכנים. אַזוי אַרום קומט אויס אַז אויך בײַ טאָג איז די פּאָדלאָגע נישט אין גאַנצן פרײַ. אָבער אויף בײַ נאַכט ווערט דער אינצווישן פון די אייבערשטע נאַרעס־געלעגערס פאַרנומען פון די שטרויזעק און טראַנטעס וואָס גיבן אויפן דיל נאַכטלאַג אויך די אַנדערע קוואַרטיראַנטן וואָס האָבן נישט דאָס גליק צו קריגן "אַ ווינקל", צו קענען רעכט אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. די באַלעבאָסטע מיטן קלענערן ייִנגל, מיט מיטיאַן, קריכט אַרויף אויף בײַנאַכט אויפן אויוון. דער עלטערער, שוראַ, לייגט זיך שלאָפן אויפן געקאָוועטן קופערט און אין טיפנאַכט, וואָס פאַלט אויס על־פּי־רוב אַ שוואַרצע, אַ דעמפּיקע, הערט ער זיך אײַן (ער קען נישט גרינג אײַנשלאָפן, מחמת ער מוז ליגן אַליין ווי אַ באַשטראָפטער, ווייל נישט מיטן קלייגינקן מיטיאַ) אין דעם

אַנסופיקן, וויגנדיקן כראַפּען פון די פּרעמדע, אויף וועלכע די מאַמע בורטשעט אַלע מאָל אין דער שטיל.

אָן אַנדערש מאָל ברעכט אויס אין מיטן נאַכט אַ פּלוצלינגער געדודער מחמת מיט אַ מאָל הערט זיך עמעצנס אַ שווערער אַרויספאַלן פון געלעגער. פון דער אַראָפּגעזונקענער משא פון דערשראָקענעם גוף, כאַפּן זיך אויף קודם די שלעפערס אויפן דיל וואָס ווערן געטראָפן פונעם אומגעריכטן קלאַפּ. ס׳הייבט זיך אויף אַ פּינצטערע גראַטשקע אויך ביי די איבערגעוועקטע פון די אייבערשטע קויקעס. די פּריקרע סומאַטאָכע האַלט אָן אַ לענגערע צייט אָן אַ אַדורכגעבראָכטע פון זידלע־רייען און אפילו פון פוילע חכמות. אין מיטן דעם געדיכטן חושך שטילט זיך איין לסוף דער יאַריד ערשט נאָך דעם ווי לייט אויף די געלעגערס סיי אויבן, אויף די קויקעס, סיי אונטען, אופן דיל, טוישן זיך אויס מיט אַ פּאָר ניכטער כריפּענדיקע טענות און תרעומותן:

— צו אַל די רוחות, — לאָזט זיך הערן איינער — אויך ביי נאַכט איז נישטאָ קאָ׳מנוחה. וואַרפן זיך ווי די שלאַנגען די וואָס ווילן אַנגיין ווי מענטשן, מישטיינס געזאָגט!

— געזען אַ ווילדקייט? ביי טאָג קען דאָס נישט דאַרכקומען, מיזן זיי זיך אָפּרעכענען דווקא אין מיטן נאַכט, ווען אַרום שלאָפן אויסגעמאַטערטע מענטשן. אַ פּנים, מ׳באַדאַרף אַזעלכע געבן אַ לעקציע ווי צו פירן זיך. ווי די חיות רייסן זיי זיך אַרום צווישן זיך, די איידעלע לייט!

צו מאָרגנס שמועסן שוין לייט צווישן זיך אָז דער סענדער, דער דאַרער וואָס האָט אַ מאָרדע פון אַ שטשור, האָט זיך אויפן געלעגער צעקריגט מיטן ווייב מאַכטשע־דבורה, הלמאי זי האָט פאַר אים נישט אָנגעגרייט אַ בעסערע וועטשערע בעת ער איז געשטאַנען אין אַטשערעד צו קריגן אַ טאָרבע קאַשע. זי׳ט אים שטיל געענטפערט, זיך פאַרענטפערט (ס׳האָט עס אונטערגעהערט דער דערבייִקער שכן פון געלעגער, דער קליינער משה). אַ צערייצטער פון מאַכטשעס פאַרענטפערניש, האָט דער שטשור בייז זי געקנייפּט אין גראָבן פלייש, געשטויסן מיט די פויסטן ביז זי, די נאַרישע מאַכטשע־דבורה, איז אַרויסגעפאַלן פון דעם שמאָלן געלעגער און אָנגעמאַכט די גראַטשקע. דער דאַרער סענדער האָט שוין אַזאַ ״גוטן נאָמען״ ביי די בעזשענצעס. זיי ווייסן אָז דער שטשור האָט מאַכטשע־דבורהן געטאָן אַ טובה וואָס ער׳ט זי גענומען פאַר אַ ווייב. זי איז אַ שניידערקע, האָט אַלע מאָל אים געקאָרמעט, אפילו אַרויסגעשלעפּט פון דעם קויט, אין וועלכן ער האָט זיך געוואַלגערט און נישט געקענט פאַרדינען קיין גילדן. די מאַכטשע האָט אים גענומען אַ פאַרלויזטן און אַרייַנגענומען אין איר מאַמעס שטוב, ווייל ער האָט נישט געהאַט ווו דעם קאָפּ אוועקצולייגן ווען ר׳איז אוועק פון זיין קבצנישער היים אין אַ פּיצל שטעטל. אָז ר׳איז זאַט געוואָרן פון מאַכטשע־דבורהס ברויט, האָט ער אָנגעהויבן זי שלאָגן. נאָך מער, פאַר מענטשן האָט ער נאָך אויסגערעדט אויפן ווייבל, זי געזידלט: — טרעט אָפּ פון מיר, אַלטע מויד. אויך אַצינד ליגט דער שטשור אויפן ווייבס קאַרק, זאָגן די לייט. זי אַרבעט טאָג און נאַכט פאַר די

ווײַבער פון די רוסישע נאַטשאַלניקעס, אָבער ער מאַנקורירט, שטעלט אָן אַ קרומע מינע אַז ר׳איז קראַנק. קראַנק איז ער תמיד ווען ר׳מוז אַרויסגיין אַרבעטן, ווי ס׳פּאַדערט פון אַלעמען די "וולאַסט" (די מאַכט), אָבער אײַזן שטאַרק איז ער אַנטקעגן זײַן תמיד דערשלאָגן ווײַב. זי עלטערט זיך בײַ אים גיך פון שווערער האָרעוואַניע, מחמת זי מוז שטענדיק אַרבעטן אויך פאַר אים, דעם שטשור.

יעדן אין דער פרי צעגייט זיך ווי פּליסיק וואַסער די ענגעניש פון דער הײַזקע; די גרוימקייט וועקט זיך בײַנאַנד מיטן טאָג צופוסנס די מרוקעוואַטע בערג. יאָ, דער טאָג כאַפּט זיך דאָ אויף מיט אַ טומל וועלכער וועפּט אויס באַגלײַך מיטן געאײַל פון די שכנים וואָס צעגייען זיך אין פאַרשיידענע זײַטן. דעמאָלט ווערט אומליב דער וואַכיקער רעיון בכן מ׳דאַרף ווידער זיך אַרויסלאָזן עפּעס זוכן און די נשמה פּישטשעט אין טיפער פאַרהוילנקייט:

— "וועט מען דורכהאַלטן אויך דעם אַ גיהנום?"...

אויך דער נאָגנדיקער הונגער האָט זיך באַוויזן אין דעם ווײַט־ווײַטן לאַנד. פון אומעטום גרייכן שוין אַהער שווערע סכנות. זעלנערײַ האָט נישט פאַרמיטן אַפילו די דאָזיקע מיקלוימערשטע שטילקייט. אויך הי בליקט טרויער פון אַלע שויבן און די נויט רעדט מיט גוואַלדענעס פון די צעקנייטשטע פּנימער.

דער שטילער, דערדריקטער דרויסן פאַרשלינגט באַלד אין דער פרי דאַריאַס קוואַרטיראַנטן. די איינגעגעסענע שטילקייט פון טאָל טרײַבט אַרויס פון כאַטע אויך דאַריאַן וואָס איז געבליבן אָן אַ מוזשיק בײַ דער זײַט. אַטשערעדן נאָך ברויט לאָקן אַלעמען, אָבער די רייען שרעקן. דער ליידיקער, ריזיקער קאַלכאָזנער מאַרק ליגט טונקל אַקעגן דעם גראָען טאָג, ליגט ווי אַ פוילנדיקע נבלה; דער אַלטוואַרג־פּלאַץ דראָעט עפּעס און דאָך ציט ער מיט די געהיימענישן פון די פאַרלאָפענע יאָרן וואָס האָבן באַוויזן האַרט צו אַנטשטומען דאָס מויל און אויף תמיד אָנ־צושפּיצן דאָס אויג.

דאַריאַ שרעקט זיך אויפן פוסטן פעלדישן שטעג וואָס פירט זי צום אַלט־וואַרג־מאַרק. אײַ, זאָל זי כאַטש קיינעם נישט אָנטרעפן. זי מוז זיך שטאַרקן: "מ׳וועט זי אָפּשטעלן, מ׳עט פרעגן וואָס האָסטו דאָ אונטער דער פּאָלע פון דער סערמענגע?..." זי׳ט זאָגן ס׳איז איר איליאַס. זי׳ט דערווײַזן, זי מוז, צוליב די קינדער.

מיט די זאַכן, אַרויסגענומענע פונעם געקאָוועטן קאַסטן, גייט דאַריאַ אויפן אַלטוואַרג־מאַרק אַרויף. זי פאַרקויפט אַלץ וואָס לײַט קויפן. אירע שכנים בלאָנקען אַוועק אין אַנדערע ערגעצן. מיטן צויטיקן שווײַגן, מיטן שטומען כריוקען פונעם חזיר לעם דער שטוב, וואָס אָפּגעלעגן אַהינטער דעם געזונקענעם פאַרקאַנדל, בלײַבן איינע אַליין דער קליינער מיטיאַ מיטן גרעסערן ייִנגל שוראַ. שטאַרער הימל קוקט אויף זיי, דער קינדערישער נײַגיר דרימלט אײַן פאַרן לאַנגן טאָג. אַזוי שטומען זיי ביזן אויפקום פונעם נײַעם האַרמידער אין שטוב, וואָס טשוכעט זיך אויס ווען אַלע, אויך די קוואַרטיראַנטן, קערן זיך אום פון אַרומוואָגלען איבער דער שטאָט, וועלכע הייבט זיך אַרויס אין שטיינען פונעם אַנסופיקן מידבר.

דעם ערשטן, דעם צווייטן אינדערפרי האָט פול־אויגיקער נײַגיר מענדלען אַראָפּ־געטריבן פון נעבעכדיקן געלעגער וואָס איז פון סאָמע ברעטער אויף ציגל אַנגע־שפּאַרט, מיט אַ האַרט קישעלע צוקאָפּנס. פון ווענט און פון מענטשן איז ענג אין דער אַ הײַזקע, האָט ער זיך אַרומגעזען. דער דרויסן איז, פאַרקערט, גערוים און ס׳איז גאָלדיק די זון וואָס האָט פרישענקע, ווי אַ שטיק בלענדיקער טיול זיך געשטעלט אויף די שטייפע קוקורוזע־שטאַמלעך, אויך אויף די מידלעך אַנגע־בויגענע קעפּ פון די טונקלענדיקע זונבלומען. אַ פּנים, דער זומער דאַנקט שוין אָפּ. אין מעגדל קיצינען האָט פלוצלינג אַ שלעפּעריקן כליופע געטאָן אַן אומדערוואַרט קורצינק שטרעמל, גלײַך אַ פאַרשפּעטיקט שנירל רעגן־טראָפּנס וואָלט אַרויס־געשטויסן געוואָרן פון אַן אײַזערנער רינע. מסתמא איז שוין פלאַקסיק־העל אויך די צײַטיקײַט אין פעלד, — האָט זיך געניכטערט זײַן מוח. דערפון האָט אומעט געעפּנט אים די אויגן און פאַר זײַן אינעווייניקדיקער ראיה אויפגעטיקט אָל דאָס פאַרלוירענע. פאַר אים האָבן זיך אויך אַנטפּלעקט מאָגענדיקע, פאַריסורימטע פּנימער פון נאָענטע, אייגענע, דאָס גלײַכן גרימאַסעס און אפילו זאַכן, אומגעריכט אויסגעשאָטנטע אין דעם ניט אָפּטרעטלעכן געדעכעניש.

...אין גאַנצן געביין זײַנעם האָט זיך קענטיק שוין אַנגעוואָרצלט די מידי־קייט — בלויז פון דרויסן האָט עס זיך פאַרווישט קוים־קוים — מחמת עס איז דער קרן פון זײַן אייגנטלעכן מהות, אויף צו בלײַבן. דער אָרום איז טאַקע טיף צעטרייסלט, האָט אים באַנײַס אַ שטויס געטאָן די שפּירונג פון גרונטיקער פאַרלוירנקייט. אין אמתן פאַלן נאָך אויף אים די גרוילן, וועלכע ער האָט שוין אנומלט געהאַט דורכגעטראָגן איבער דער אומגעהייערער ווײַטקײַט, וואָס צווישן דעם איבערגעלעבטן דאָרט און דעם אָקערשטן דאָ. און נישט ווילנדיק רײַסט זיך דורך צו אים ווי אַ דורכלויפנדיקער בליץ דער געדאַנק, אַז דער מענטש איז דאָך אַ גבורהדיק באַשעפעניש; עס זענען אויסטערליש, צו מאָל רעטענישפול זײַנע באַגערן צו ווען לעבן, כאָטש די מענטשישע גרוילהאַפטיקייט פון זײַנע תאוות זענען אין באַנעם פשוט אומזיניק. אָ, ווי אומזיניק מ׳זעט ערשט די נאַקעטע פינצטערנישן צו וועלכע מ׳איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוקים, אָבער בלינד ווי דער אָקס אינעם אימפּעט, ווען עס רייצט אים דאָס בלוט, טאַקע דאָס מענטשלעכע בלוט דערעיקרשט. באמת: צו וואָס? ער האָט דען געהאַט כוח צו לויפן אין אַזאַ אוממעגלעכער ווײַט, און ערשט אויף צוריקוועגס — צוליב וואָס?! שאַרפע בילדער, האַלוצינאַציעס האָבן זיך אַרײַנגעביסן מיט די ציינער אין זײַן גאַנצן פילן און זען. אַן אומזיניקן איבערקער שפּירט ער אין באַנעם פונעם מין מענטש אין זײַן איצטיקן גיין און טוען. אויך ער איז נישט דער ווי עס געדענקט זיך אים — — געטראַכט דערפון, האָבן די אַלע געשעענישן אים געשטויסן ווילד אַנגרײַפעריש, טאַקע ווי מיט אָקסישע הערנער. אין אומבאַגרײַפלעכן ווידערווילן האָט ער פלוצלינג געגומען פאַרטרײַבן פון זיך דעם חומרדיקן יצר פון עסן, צו וואָס קיינער האָט אים דאָ

נישט געטריבן. ר׳איז עס געוווינט געווען, מענדל קיצין, מ׳זאָל אים פּשוט טרײַבן צום טיש עסן:

— מענע, גיי שוין עפּעס איבערכאַפּן... מענע, אַליין וועסטו זיך נישט דערמאָנען אָפּצועסן? ווײ מיר, איך ווייס נישט וואָס פריער צו געדענקען — דאָס קינד וואָס איז נאַריש, צי אים וואָס איז אָפּגעלאָזן! מענע, וואָס וועסטו טאָן, אויב איך וועל זײַן אַוועקגעפאָרן? מענע, מענע!

דאָס ווײַב האָט אים מוצא געווען פונעם טראַכטן, אַז ער באַדאַרף געדענקען אויך אין זיך; ער האָט געגנוג דעם עול פון דער פּרנסה, ווי אַזוי מ׳קריגט זי אַרײַן אין שטוב. ס׳ווײַב — ווער ווייסט ווו זי איז אַציגד, ווי זי גיט זיך אַן עצה? ס׳אָ פינצטערער יאַריד דאָרט. ס׳איז מוראדיק ס׳אומגליק (אין ברוסט גיט עס ווידער אַ דריגע, אין די שלייפן הוקעט). זיכער — באַוועגט ער זיך, פון וואָס ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, פּשוט: ס׳טראָגט אים; ס׳זיכער אַז ס׳איז באַלד אײַנ־געלאָשן געוואָרן די שריפה אין דער וואַרשעווער גאַס. אָך, ס׳אַר אַ בייזן כוח עס האָבן די דײַטשן: אַנצופליִען ווי די שפּאַרבערס, רײַסן שטיקער פון ערד און הימל, שלײַדערן קנופּן פײַער, פאַרגיסן מענטשלעך בלוט — — זי האָט זיך מסתמא רעכטצײַטיק אויסבאַהאַלטן, איבערגעקומען די שרעק פון רציחהדיקן אַנגעלויף. או־ו־ו, און אַזאַ ברעקל קינד אָפּצוהיטן!

שווערער אומעט האָט אויפגעמאָנטשעט בײַ מענדלען דאָס קלערן פון דער היים, פון ״דאָרט״. אין אומעט האָט ער, טראַכטנדיק פון דאָרט, זיך אַרײַנגעלאָזן ווי אין אַ טוכלען נעפּל, נישט אַרויסצוקריגן זיך פון אים.

עס האָט גענומען אַ שפּאַר שטיקל צײַט ביז ער האָט זיך באַזיניקט: ״מענדל, ביסט אויסגעריסן געוואָרן, אָן קאַטאָוועסן ביסטו געבליבן איינער אַליין, קענסט דעם נעכטן נישט צוריקרופן — מוזסט זען זיך דורכצודרייען, דורכשפּאַרן, ווי מעטשן שפּאַרן זיך דורך אַלע מצודות. נישטאָ קאָ׳ ברירה. מלחמה איז אַ האַרטער, הונגעריקער ביסן. מ׳קען די ציין צעברעכן, אָדער ס׳לעבן פּטרן צווישן אַ יאָ און אַ ניין״. און ווידער גענומען טראַכטן: ווער ווייסט ווו צילע איז אַציגד, ווי די קינדער לײַדן. אַוודאי, וואָס קענסטו זיך העלפן, און זיי, די אייגענע, ווי קענסטו אַנטקעגן קומען מיט אַ הילף וואָס איז זיי נייטיק. זעסט דאָך, ווי עס איז דאָ, אין דער מיקלאָמפּערשטער רויִקייט! פון יעדן מענטשישן אינהאַלט איז אויסגעליידיקט די וועלט, אָדער — אפשר — איז זי איבערגערוקט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט, ווו מיר זענען נישטאָ וווהין מיר קענען מסתמא נישט דערגרייכן. מיינסט, אַז ס׳איז נישט מעגלעך אַזוינס אַציגד ווען דער כוח פון פײַער און אכזריותן געוועלטיקן איבער הימל און ערד, מענדל? די שטוב דאָ זאָגט דיר דען גאָרנישט? אָ, די מבולבלע פּרעמדע ענגשאַפט איז פאָרט נישט קיין קינדערשפּיל.

3

ער האָט זיך מיט די פויסטן געקלאַפּט אין קאָפּ אַרײַן, מענדל קיציז: וועק זיך שוין איבער, אַנישט...

אים איז טאָקע געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג; ר׳האָט עס אָפּגעשפּירט אויף יעדן שריט, כאָטש דער געדאַנק איז געבליבן פאַרגליווערט און ער האָט אויך פאַרלוירן די עלאַסטישקייט פון די באַוועגונגען. זײַנע אויגן האָבן טעמפּ געבישטערט אַרום זיך, אָבער קנאַפּ באַנומען וואָס זיי זעען. ער האָט נאָר געשפּירט, אַז אין אים האָט זיך צעפּאַכעט אַן אימה, אַזאַ אינסטינקטיווער כוח האָט אים געטאָרעט: ״ווי אַזוי וועט ער — — ?״ אלא קיין נאָמען פאַר דער אַ שפּירונג נישט געהאַט, די אומזיכערקייט מיט זיך האָט אים שאַרף צעוואַקלט.

מענטשן פון די ווײַטסטע פרעמדן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אַהער. אַלע קריע בליע. לײַט פאַלן אויפ׳ס מויל און אַלע זוכן זיך אַ ווינקל אָפּצוהויערן ווי אונטער־געשאָסענע פייגל אין מיטן פלי. אַ קאַמער זוכט מען זיך אויס בײַ וועמענען, באַדאַי אַ שטאָל, אַבי צו קענען זיך זאָגן: ״גענוג! נישטאָ מער קאָ׳ כוח צו וואָגלען, צו לײַדן!״ אָבער דאָס אַ לאַנד האָט באַשײַמפּערלעך אויך דערשפּירט דעם שאַרפסטן ברי פון מלחמה. יעדער טאָג איז מיט אַ פאַרקרימט פּנים. אויך דאָ וווּ עס איז כלומרשט רויִק, ס׳האָבן נישט אויסגעדעמפּט די ריחות פון אויפּ־געריסענעם דינאַמיט און פוילנדיקן טויט, אלא פון אַלעמען יעלהט עס מיט ווייַ אפילו אין זייער ביטערן שווײַגן: אוּ־אוּ־וווּ, ווי מיר זענען געמינערט געוואָרן! זעט נאָר וואָס ס׳איז געבליבן פון דער דורותדיקער האַרעוואַניע און חלומען — — דער רוב אַרום זענען אומבאַקאַנטע, פאַרוואָרפענע פון דער פּרעמד, וועלכע איז פאַראַשט געוואָרן פון אכזריותדיקן כוח. מערער פון אַלץ זעען זיך נאָר מײַלער, אַ סך מײַלער צו דער פאַסנער שיסל. און גולמדיקע רייעס האָבן זיך אײַנגעשטעלט אין די גאַסן פאַר צעעפנטע געוועלב־טירן; אויף אַלצדינג רייעס, אַטשערעדן, ווײַל ס׳קלעקט נישט דאָס וואָס עס באַדאַרף דער ניצול געוואָרענער פון די מלחמה־פייערן. פון די לאַנגע מענטשן־שורות קענסטו נאָך דערזען די שריפה פון בייז וואָס איז הפקרדיק צעצונדן געוואָרן. ווילסטו, הער זיך אײַן אין די צע־יאָכמערטע רייד פון די אַ, קריג זיך מיט זיי. געזינטער וועט זײַן אויב צו וועסט זיך נישט מאַכן פאַרשטיין אַז דיך מיינט מען. זשיד איז אַלץ נאָך דער שפּאַן, וואָס שטעכט זיי אין די אויגן. ״אַזוי פיל האָט מען אויסגעשאָכטן, און נאָך אַזוי פיל זענען זיי געבליבן״, טענהן די גוטע שכנים פון זינט יאָרהונדערטער! גלײַכער נישט זיך צוהערן. זיי האָבן זיך נאָך נישט גענוג אָנגעזאָפּן מיט אונדזער בלוט, די איידעלע פון די פעלקער. אַ, וואָס מ׳מוז נאָך צוזען; אפילו אַ ווילדע חיה טשעפּעט נישט, אויב זי איז זאַט. אמת, מ׳האָט אויך זיי בשעת־מעשה אַ ביסל ווייַ געטאָן, די דאָזיקע. מ׳האָט ערגעץ אַ קראַץ געטאָן זייער הויט, אָבער צו פרעסן האָבן זיי געהאַט לרוב, אַ טויטפאַבריק האָט מען פאַר זיי נישט אויפגעבויט. דעם חסד חסד פון הריגות און פּײַנען פאַר יונג און אַלט האָט מען צוגעטײלט נאָר אונדז.

אַ פרעמדער צי אַ היגער — די אויגן האָט יעדער געמוזט אויפרײַסן אויף אַל דאָס נײַע וואָס האָט זיך דאָ געשטעלט אומשטיינס געזאָגט רויִק הי, נאָר דער דלות קאָכט בפרהסיא. ער איז המוניש שוין אַרויס אין גאַס. די קראָמען זענען לרוב פאַרהאַקט, אָבער די צעעפנטע זענען אויך האַלב־פאַרמאַכט. שטויב קוקט אַרויס

פון זייערע פענצטער. דער קאַלכאַזנער מאַרק איז פול מיט גיר נאָך ברויט וואָס איז פאַראַן נאָר אַ באַהאַלטענער אונטער אַ פּאָלע. מ׳דרייט זיך אויפן פּוסטעווענדיקן מאַרק און מ׳איז זשעדנע צו מאָל נאָך אַ ווייַסן שפּיציקן צוקער־בורעק וואָס באַווייַזט זיך אַ מאָל נאָר אַ צעשטיקלטער אויף פּאָרציעס, זיי פאַרקויפן זיך פון אונטער אַ ווייַבערישן טוך פאַר אַ פינף־רובלדיקן אַ פּענעץ. אַ פאַרסאַרגעטער מיט פאַראָפּיעיעטע אויגן האָט דער הונגער זיך אַהערגעקוליעט פון נאַקעטן סטעפּ און ער קוקט שאַרף אויף די מענטשן וואָס זאַמלען זיך אייַן אין כאַפּטעס ווי אויף שריפה־הויפנס פון די אייגענע פאַרברענטע נעכטנס. אונטן, אין טאָל, ראַיעט עס צום מערסטנס מיט די דאָזיקע; די לייַט צו גלייַך מיט די הייַזער אַרויף־שטאָט קערן זיך אָפּ יחסניש פון זיי. מענדל קיצין האָט געמיטן די הייַזער אַרויף־שטאָט, זייַטיק זיך דורכגעשלייַכט איבער זייערע אויסגעסטראַיעטע פּאַראַדעס. נאָכשפּירנ־דיק האָט אימה אַרויסגעשפּיזט אויף אים פון זייערע טירן־פענצטער, פאַרשפּאַרטע אויף ריגלען און פאַרהאַנגען. ״פון סאַמע פאַרטייִישע שישקעס אוודאי דאָס ווינ־אַרט״, — האָט ער אַלע מאָל אַ טראַכט געטאָן און אָוועקגעאייַלט ווי פון אַ פאַר־הוילענעם לויער נאָכן מענטש וואָס שפּירט יאַקבי ווערגנדיקע פּויסטן אויף זייַן האַלדז. ר׳האָט ערשט מער דערפילט זייַן אַלײנקייט, דער צעווייטיקטער מענדל קיצין און טטושטש באַנומען אַז ר׳דאַרף זיך טוליען רק צו די לייַט פון טאָל. קענטיק, אַלע זענען דאָ געליטענע, אָרעמע. זיי וועלן אים גיכער פאַרשטיין, כאָטש זיי זענען אויסטויגעוודיקער אין דעם באַדריקעניש וואָס האָט אַלעמען געטראָפן.

צו הוילן געפיל האָט עס אים געגייגט אין דער צרה, דעם מענדלען. און עס האָט אים גיכער אַ גריזשע געטאָן, ווייל צו שטאַרק האָט די נויט זיך געוואָרפן אויף אים. די נויט האָט שוין אַ שטויס געטאָן זייַן מוח: ״אמת דער הונגער שטיקט מיך שוין צו פיל, אָבער אין וועמען זיך אָנשפּאַרן אויב אַלע האַלטן זיך קוים אויף די פיס? אַז ער וועט ענדלעך זיך אָנטאָן אַ כוח דערצו און זיך אייַנברעכן פאַר אַ וועמען: — ״הערט נאָר, זייַט מיר אַ חבר מיט אַן אָפן אויער, איך בעט... — וועט מען אים גלייבן אַז בייַ אים איז אַזוי ווי ער זאָגט?״ ער קען זיך אַנדערש נישט העלפן — די אויגן לאָזן זיך בייַ אים אַראָפּ ווען ר׳באַדאַרף עפּעס בעטן בייַ יענעמען.

אַ קנאַפּער העזהביק, דער מענדל פאַר דעם מעמד וואָס האָט אים אַרייַנגעטריבן אין דחקות, בעת דווקא אין דעם וואָרגנדיקן הונגער זענען לייַט געוואָרן פאַרריסן, אַפילו פאַרחוצפּהט, גרייט צו קריכן מיט די נעגל אין די אויגן אַרייַן. יאָ, ער זעט זיי אַזעלכע. אים איז גאָר שווער. דאָס אייגענע לייַב וואָס ר׳טראָגט איז נישטאָ ווו אַהינצוטאָן. און אַ פּרוטה האָט ער שוין נישט בייַ דער נשמה; צו מאָל נישט דאָס ביסל יאָגדעס צו פאַרטרויען זיך פאַר עמעצן, בעטן אַן עצה, כאָטש אַזאַ געדאַנק האָט אין אים שוין ייִאושדיק אָנגעפינצטערט: ״שעם זיך נישט. ס׳אַזאַ צייַט ווען עפּעס קעקערס לאָזט אַראָפּ פון זייַן חשיבות. אויב נישט, גייסטו אונטער. אפילו אויסשטרעקן די האַנט איז ערשט נישט קאָ׳ חרפּה, נאָר אַ מוז״... און אַ צווייט קול האָט אים באַלערנט: שוטה, מוזסט זיך ראַטעווען. רעדן מיט באַק־

ציינער, אַנישט וועסטו איַינשלאָפן ווי אַ הינדל און פּיו. דו, דו, וואָס ביסט אַ גאַנץ לעבן פאַרפירט געוואָרן פון צעקראַכענער וויַיבערישער צערטלעכקייט, צו ערשט די מאַמע, דערנאָך זי, דאָס וויַיב! אַצינד צאָל צינדז פאַר דעם. ווי דיר, לייג דיך אַוועק אין ליימשטיבל, וואַלגער זיך אין קראַמפן און שלינג שפּיַיעכץ! — —

אויף וואָס וואַרטמען? — האָט עס אים ווידער אַ באַדזשע געטאָן. און וואָס וועט טענהן די באַלעבאָסטע, די סיביריאַטשקע אין מאַנצבילשן פּירזשאַק און אין די האַרטע שטיוול? זי'ט קלערן: אַ פּוילער דער דאָזיקער, ר'וועט נאָך צוגזלען ביַי אירע קינדער דאָס רעפטל ברויט. ער קען זי דערשטיקן ביַי נאַכט, באַרויבן און אַנטקומען. איינער אַליין אַזאַ — וואָס האָט ער אַנצוווערן?! פאַרקערט, ער וועט נאָך דעם קאָפּ זיך פאַרהיטן. "זיצן" איז היַינט גאָר אַ גוטע מערכה, עלעהיי מ'שיקט נישט אַוועק אַזאַ אויפן פראָנט געהרגעט ווערן.

צום הונגער־חלשות איז מענדל קיצינען נאָך צוגעקומען דאָס פיַינלעכע ספק אין דעם קוקן פון די ליַיט אַרום אים וואָס האָבן געמוזט אים זען טאָג־טעגלעך אין זיַין פריקרער אָפּגעזונדערטקיַיט. אַ טשודאַק, טראַכטן זיי אוודאי, און אַ פּראָ־פעסיאָנעלער הונגערער.



## נייַע ביכער

### "יִחוּס פון ליד — יחוסו של שיר"

אַ זאַמלונג לכבוד אברהם סוצקעווער אַרויסגעגעבן פון יובל־קאָמיטעט אין תל־אביב, 1983. רעדאַקציע: דב סדן, ישעיהו אברך, חוה טורניאַנסקי, חנא שמערוק. סעקרעטאַר: אלכסנדר שפּיגלבלאַט. אין בוך וואָס אַנטהאַלט 204 זייטן, קומען אַריין עסייען און ליטעראַטור־פאָרשונגען פון 22 וויכטיקע שרייבער, קינסטלער, וויסנשאַפטלער סיי אין יידיש, סיי אין עברית. פאַראַן אויך איבערזעצונגען פון ענגליש און פּויליש.

## צבי אייזנמאַן

# אַפּאָקאַליפּסאָ

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

ס׳האָט אַ דונער אין אַ בוים געטראָפֿן. ס׳איז דער טײַך פֿון זיך אַליין אַנטלאָפֿן. ס׳האָט דאָס וואַסער פֿון אימה אויסגערונען און די פֿיש מיט זיך ניט מיטגענומען. וואַרפֿן פֿיש זיך אויפֿן פֿײַכטן באָדן. ס׳קריכן זיי די אויגן פֿון די לעכער און דורך מײַלער שלינגען זיי דאָס פֿײַער. ווערן בײַכלעך אָנגעדראָלן און די איגעווײדן ברענען. ס׳ווערט אַלץ שווערער אונטערשיידן וואָס איז רויך און וואָס איז פֿיש. אַלץ אין אײנעם ווערט פֿאַרהויכט און ווערט פֿאַרווישט.

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

ס׳איז דער באַרג, דער הויכער באַרג אין די אָפּגרונטן געשפּרונגען און מיט אים איז דער הימל אײַנגעזונקען. וואַלגערן זיך אין די תהומען באַרגיקע ריפּן מיט שטײנערנע אָקסלען. שערבלעך פֿון דער לבֿנה מיטן שטויב פֿון שטערן. אַ מלאך מיט צעבראָכענע פֿליגל בייגט זײַן קאָפּ אַרונטער. אַ מלאך קלאָגט אין דער שטיל. קום, קום צום דערהערן. פֿון זײַנע אויגן קײַקלען זיך און קײַקלען גרויסע, שווערע טרערן.

טאַנץ מיט מיר. האַלט מיך צו. נעם אַרום.

שטייען הײַזער אײנס נאָך אײנס לעער, פּוסט, פֿאַרלאָזן. ס׳האָט דער בראַנדווינט אַלע מענטשן דורך די קוימענס אַרויסגעבלאָזן. ס׳האָט דער בראַנדווינט אַלץ וואָס אָטעמט, לעבט, באַוועגט זיך איבער פֿעלדער פֿונאַנדערגעשאָטן און אין דער לופֿטן איז געבליבן הענגען אַזאַ פֿעסטער, אַזאַ פֿינצטערער, אַזאַ פֿאַרפֿעסטעטער, לאַנגער שאָטן.

טאַנץ מיט מיר !

## וואַלס

איינס. צוויי. דריי.
איינס. צוויי. דריי.
וואַנעלעך. ווינדעלעך. קינדערלעך.
בענדעלעך. פענדעלעך. פערדעלעך.
מיידעלעך קרײַזן, זינגען, פּאַטשן מיט די הענטעלעך.
ייִנגעלעך האַלטן מלחמות, פירן שיפן, קריכן אויף די גלײַכע ווענטעלעך.
איידער מען קוקט זיך אום
וויאַניען, וועלקן שוין די גרעזעלעך, די בלימעלעך.
ביימער פאַרלירן שוין פון קרוין די בלעטעלעך.
זקנימלעך שאַרן מיט די פיסעלעך,
קנאַקן מיט אײַנגעפאַלענע מײַלער פוילע ניסעלעך.
זוכן מיט די שוואַכע הענטעלעך די טירן
און ווייסן ניט אַקוראַט ווו אַהין זיי פירן.
זקנימלעך ציט צו די בעטעלעך
און וואַרטן אויף מילדע וועטערלעך.
די וויִעלעך פאַרדעקן שוין די אייגעלעך
און איבער די חלומות וואַכן גוטע פייגעלעך.
איינס. צוויי. דריי.
איינס. צוויי. דריי.
איינס.



# יידישע קאפאס
# ביי די סאוועטישע שונאי ישראל

**אפענער בריוו צום גענעראל דראגונסקי**

**פון זיינע מיטקעמפער**

גענעראל דראגונסקי! מיר, אייערע געוועזענע לאנדסלייט, סיי די, וועלכע האבן געקעמפט צוזאמען מיט אייך אויף די פראנטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און באזיגט די ברוינע פאשיסטישע מגיפה און סיי די, וועלכע זענען על פי נס ניצול געווארן פון טויט אין די גאז־קאמערן ווי אויך פון די סטאליניסטישע טויט־לאגערן, געדענקענדיק אייער און אונדזער פארגאנגענהייט, ווענדן זיך צו אייך מיט אט דעם אפענעם בריוו. אין ראטנפארבאנד האבן מיר שטאלצירט דערמיט, וואס דער צוויי מאל העלד פון ראטנפארבאנד גענעראל דראגונסקי איז א ייד, אבער אצינד שטאלצירן מיר פיל פיל מער דערמיט, וואס אין דער ארמיי פון ישראל, אין אונדזער נאציאנאלער ארמיי, זענען פאראן א סך העלדן־גענעראלן און אלע זענען יידן. אצינד, דערוויסנדיק זיך, אז איר, גענעראל, זענט אוועקגעשטעלט געווארן אין שפיץ פון אנטיציוניסטישן קאמיטעט, זאל עס זיין נישט פון אייגענעם ווילן, נישט פון אייגענער איניציאטיוו, נאר אונטערן דרוק פון די מאכט־ארגאנען — זענען מיר שטארק געערגערט. קעמפן קעגן די פאשיסטן איז אייך, זעט אויס, געווען א סך לייכטער ווי מיטן רעזשים, אין וועלכן איר לעבט. דער קאמף מיטן אייגענעם געוויסן איז שווערער און שרעקלעכער און פאדערט פיל מער העלדישקייט.

איר האט דאך אונטערגעשריבן א בפירוש ליגנערישן דאקומענט, אין וועלכן סע ווערט געזאגט, אז אלע סאוועטישע יידן, וועלכע האבן געוואלט אויסוואנדערן קיין ישראל האבן שוין לאנג פארלאזט די גרענעצן פון אייער לאנד. צווישן אונדז, עלטערע לייט, וועלכע האבן איבערגעלעבט די מלחמה מיט אלע אירע אומגליקן און וויסטע פאלגן, זענען פאראן אזעלכע, וועלכע ליידן דערפון, וואס אייערע מאכט־ארגאנען זאגן אפ זייערע קינדער און אייניקלעך אין סאמע עלעמענטארסטן מענטשלעכן רעכט זיך צו פאראייניקן מיט זייערע נאענטע און טייערע קרובים און משפחה אויף דער ערד פון ישראל.

איר, גענעראל, ווייסט גאנץ גוט, נישט ערגער פון אונדז, אז א סך יידן פון

סאוויעט־רוסלאנד, האבן פשוט מורא זיך צו ווענדן מיט בקשות ארויסצופארן קיין ישראל, ווייל דאס ווערט ביי איך פארעכנט ווי פארראט און פארברעכן, האבנדיק פאר די אויגן דעם ביטערן ביישפיל און דעם גורל פון אידא נודעל, אנאטאלי שטשעראנסקי, יוסף בעגון און פיל פיל אנדערע.

איז דאך באוווסט, וואס סטאלין האט בשעתו געזאגט צום דעמלטיקן ישראל־אמבאסאדאר אין רוסלאנד, צו גאלדע מאיר: "אין ראטנפארבאנד זענען נישט פאראן אזעלכע יידן, וועלכע ווילן פארן קיין ישראל" און אין דער זעלבער צייט זענען אויף סטאלינס באפעל ארעסטירט און אומגעבראכט געווארן יידן, וועלכע האבן בפירוש יא געוואלט פארן. אויף זיין באפעל האט מען אין בירעבידזשאן געבויט באראקן צו קאנצענטרירן דארט די יידן פון גאנצן לאנד. אין קאמף מיטן נאציאנאלן באוווסטזיין פון די יידן זענען אומגעבראכט געווארן די בעסטע פארשטייער פון סאוועטישן יידנטום, שרייבער, קולטור־טוער, די סאמע סמעטענע, ווי מע זאגט, פון דער יידישער אינטעליגענץ. האט איר טאקע פארגעסן, גענעראל, דעם פראצעס קעגן די יידישע דאקטוירים, די כלומרשטע "מערדער אין ווייסע כאלאטן"? צי האט איר טאקע פארגעסן אין מארד איבער שלמה מיכאעלס?

**МИНИСТЕРСТВО ОБОРОНЫ СССР**

## СВИДЕТЕЛЬСТВО

АН № 13765

Настоящее свидетельство выдано ... капитану Абдул-Азизу Махмуду Абу-Феддаху

в том, что он ... в окт. 1975 г. поступил ... и в марте 1976 г. окончил I Высшие Офицерские курсы „Выстрел"

по специальности: командир пехотного батальона.

Настоящее свидетельство дает право на самостоятельное выполнение работ, связанных с полученной специальностью.

Начальник I Высших курсов „Выстрел"

М. П. ... „ марта 1976 г.

Регистрационный № 3012/146

**THE MINISTRY OF DEFENCE, USSR**

## CERTIFICATE

AN № 13765

This is to certify that Captain Abdul-Aziz Mahmood Abu-Fedda

entered in October 1975 and graduated from the Vystrel Academy

in March 1976;

majoring in the course of Infantry Battalion Commander

The bearer of the Present Certificate enjoys the privilege for independent activity associated with the Major Subject.

Commanding Officer

S. P.

26 March 1976

Registration No. 3012/146

א צייגעניש ארויסגעגעבן דורך דעם סאוועטישן פארטיידיקונגס־מיניסטעריום וועגן דעם, אז דער אראבישער טעראריסט אבדול ראדאך איז אויסגעשולט געווארן אויף די אפיצירן־קורסן "וויסטרעל" אלס באטאליאן־קאמאנדיר. אונטערגעשריבן פון דוד דראגונסקי.

אַ סך וואַסער איז אָפּגעפּלאָסן און אַ סך בלוט איז אָפּגערונען פון דעמלט אָן. צענדליקער טויזנטער סאָוועטישע ייִדן האָבן זיך דערקליבן צו זייער נאַציאָנאַל פאָטערלאַנד, אַרבעטן פאַרן וווילזייַן און שלאָגן זיך פאַר זייַן זעלבשטענדיקייט. מיר אָהער געקומענע, די אויפגייענדיקע האַלטן פאַר בייטיק צו מעלדן אייַך און אייַערע קאָלעגן אין אַנטי־ציוניסטישן קאָמיטעט — דאָס פאַרקויפן דאָס אייגענע פאָלק ווערט נישט געדעקט מיט קיין שום אויסצייכענונגען פון דער אומגערעכטער און אוממענטשלעכער מאַכט. די שמוציקע אַרבעט ווערט געטאָן פון שמוציקע הענט און דער אורטייל פון געוויסן איז שטרענגער און שרעקלעכער פונעם תלין אַליין.

צום שלוס ווילן מיר אייַך פאַרזיכערן, אַז דאָס פאָלק, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ צוויטויזנט יאָריקע בלוטיקע גלות־געשיכטע און דערלעבט דאָס אויפלעבן פון זייַן לאַנד, וועט אויסהאַלטן און איבערלעבן אויך אייַער פאַרראַט, גענעראַל דראַגונסקי.

(עס קומען 27 אונטערשריפטן)

## די פּוסטע דעגראַדאַציע

דער ערשטער צווישן די קאָלאַבאָראַטאָרן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם שענדלעכן דאָקומענט פול מיט גיפטיקע בילבולים אויף מדינת ישראל, מיט אַ רוף צו פאַרשטאַרקן די אַנטיציוניסטישע (לייען אנטי־יידישע) רכילות־פּראָפּאַגאַנדע און שאַפן איבער גאַנץ סאָוויעטנפאַרבאַנד "אַנטיציוניסטישע קאָמיטעטן", איז געווען גענעראַל דוד דראַגונסקי — דער צוויי־מאָל העלד פון ס"פ, וואָס האָט זיך אַמאָל קונה שם געווען מיט זיין גבורה אין די שלאַכטן מיט די היטלערישע האָרדעס. יאָ, דער זעלבער דראַגונסקי מיט וועלכן ס'האָבן בשעתו שטאָלצירט, ניט נאָר די יידן פון רוסלאַנד, — דאָס גאַנצע יידישע פאָלק . . .

אויבן האָבן מיר איבערגעדרוקט אַן אָפענע בריוו צו דראַגונסקי פון 27 זיינע געוועזענע לאַנדסלייט און מיטקעמפער אויף די פראָנטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה קעגן די נאַציס. דער בריוו איז אָנגעשריבן, כאָטש מיט קוים באַהאַלטענער פאַראַכטונג, דאָך — גאַנץ איינגעהאַלטן און אפילו העפלעך.

קענטיק, ווען די בריוו איז צונויפגעשטעלט געוואָרן זענען צו אירע מחברים נאָך נישט דערגאַנגען די ידיעות, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין דער ישראל־פּרעסע, ידיעות וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די יידישע וועלט־עפנטלעכקייט: קאָרעספּאָנדענטן האָבן מיט־געטיילט, אַז בשעת דער מלחמה "שלום הגליל" האָט מען ביי הויכראַנגיקע אַראַבישע טעראָריסטן צווישן די געפאַנגענע מחבלים, געפונען אַטעסטאַציעס וועגן דעם אַז זיי האָבן באַקומען סאָוועטישע טעראָר־און דיווערסיע־אויסשולונג ביי די אָפיצירן־קורסן "וויסטרעל". די אַטעסטאַציעס האָט געחתמעט ניט קיין אַנדערער ווי דער שעף פון יענע קורסן — דער צוויי מאָל העלד דוד דראַגונסקי . . .

ווילן מיר דערמאָנען די לייענער פון "ירושלימער אַלמאַנאַך", וועגן דעם, אַז פאַר

אונדז איז דאָס אויך פריער קיין סוד נישט געווען. אינעם נומ. 9 פון אונדזער אויסגאַבע פאַרן יאָר 1977 האָבן מיר, אונטער דער רובריק „בילדער און קאָמענטאַרן", צווישן אַנדערן פאַרצייכנט אייניקע פאַקטן :

> דוד דראַגונסקי איז איינער פון די ווייניק־געציילטע פרעזידיום־מיטגלידער פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, וואָס איז שפּעטער, נאָכן מאָרד איבער מיכאָעלסן און נאָך דער ליקווידאַציע פון קאָמיטעט, לגמרי נישט גערודפט געוואָרן. פאַרקערט, ער האָט מיט דערפאָלג פאַרגעזעצט זיין מיליטערישע קאַריערע : געווען הויפּט־קאָמאַנדיר פון דרום־קאַווקאַזער מיליטער־קרייז, שפּעטער אָנגעפירט מיט די העכערע אָפיצירן־קורסן, וועלכע זענען באַקאַנט מיטן נאָמען „ווישטרעל" (דער שאָס). אויף די דאָזיקע קורסן האָט מען אויסגעשולט אויך ניט ווייניק אַראַבישע מחבלים — טעראָריסטן, דיווערסאַנטן, קינדער־מערדער...
>
> ס'איז שווער צו וויסן וואָס טוט איצט, אויף דעם געביט, דער באַיאָרטער שוין גענעראַל דראַגונסקי, חוץ זיינע עפנטלעכע יידיש־אַפּשטאַמלערישע אַרויס־טרעטונגען און וואָיאַזשן קעגן די „ציוניסטישע בלוט־פאַרגיסער"...
>
> („די קאַריערע פון אַ... העלד", ז. 178)

איצטער ווייסן מיר שוין, אַז ער איז ביז צו לעצט געווען טעטיק „אויף דעם געביט". סיי אין וואָרט און סיי אין טאַט איז דראַגונסקי פאַרבליבן דער טרייסטער משרת פון סאָוועטישער שנאת ישראל, ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון פולסטער דעגראַדאַציע אַלס ייד און אַלס מענטש — פון דעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן — ביז צום פאַשיסטישן אַנטי־יידישן קאָמיטעט.

י. ק.

## יוסף אורמאַן

# ווער איז ער, דער יורי קאַלעסניקאָוו ?

### 1. דאָס "פּײַנע תכשיטל" פון באַלגראַד

איינער פון די נײַע, אויפגעקומענע "דעה־זאָגערס" אין מאָסקווער אַנטיסעמיטישן קאָמיטעט איז, ווי ער אַליין און זײַנע מ.ג.ב. בעלי־בתים שטעלן אים פאָר — דער "שרײַבער" יורי קאַלעסניקאָוו.

ווער זשע איז ער טאָקע, אין דער אמתן, אָט דער פאַרשוין ? פריִער פאַר אַלץ הייסט ער נישט יורי, זײַן פאָטער איז נישט געווען אַנטאָן, זײַן פאַמיליע־נאָמען איז נישט קאַלעסניקאָוו און אודאי איז ער נישט קיין שרײַבער . . .

הייסן, הייסט ער גאָר אורי, אָדער ווי מ'פלעגט אים רופן אין שטוב און אויף דער גאַס — אורא, זײַן פאָטער האָט געטראָגן אַן עכט־ייִדישן נאָמען — טוביה און זײַן פאַמיליע־נאָמען איז גאָלדשטיין.

ביי אונדזערע לעצטע באַגעגענישן, האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז אָט דער "שרײַבער" איז פאַרבליבן דער זעלבער פינצטערער עם הארץ ווי אין די קינדער־יאָרן זײַנע . . .

ער איז געבויגן און געוואַקסן אין דער בעסאַראַבער שטאָט באַלגראַד, דער פאָטער איז געווען אַ בעל הביתישער מענטש און האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. ער איז געווען אַ שטיל מענטשל און אַ שטיקל לא יוצלח אין זײַנע געשעפטן.

זײַן איין־און־איינציק קינד האָט מען אָנגערופן בײַם ברית־מילה אורי נאָך זייער פאַרשטאָרבענעם קרוב אורי באַראַנאָווסקי, אַ ייִד אַ משכיל מיט אַ ברייטער ייִדישער האַנט . . .

געלערט האָט דער פײַנער תכשיט דוקא נישט אין דער "תרבות"־שול וווּ ס'האָבן געלערנט דאָס רוב בנין ומנין פון די ייִדישע אָרטיקע קינדער. נאָר אין דער מלוכישער אָנפאַנגס־שול. אַזוי אַרום, אַז ער האָט נישט באַקומען קיין שום ייִדישן, נישט גערעדט שוין נאַציאָנאַלן, חינוך.

נאָכן ענדיקן די אָנפאַנגס־שול, איז ער אַריין לערנען אין דער באַלגראַדער מענער־גימנאַזיע, אָבער נאָכן 2טן לערניאָר האָט מען אים אויסגעשלאָסן פאַר נישט מצליח זײַן אין די לימודים. צו יענער צײַט פאַרלאָזט דער פאָטער די משפחה און פאָרט אַריבער קיין בוקאַרעסט און דער קליינער אורא מיט זײַן מוטער בלײַבן אין דער שטוב פון זײַן זיידן בנימין זיסמאַן.

פון קליינווײַז חברט ער זיך נישט מיט קיין ייִדישע קינדער און ווען כמעט

די גאַנצע ייִדישע יוגנט פון דער שטאָט, אין עלטער פון 8 ביז 16־17 יאָר, האָבן זיך דערצויגן אין די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: החלוץ הצעיר, גורדוניה, מכבי, ביתר, איז ער געבליבן אויסער די ראַמען, פלעג באַנוצן זיך נאָר מיט דער רוסישער אָדער בולגאַרישער שפּראַך (אין דער שטאָט באַלגראַד האָבן געוווינט אַ סך בולגאַרן).

נישט האָבנדיק קיין שום באַשעפטיקונג, קיין מלאכה האָט ער אויך נישט געלערנט, פלעגט ער פּוסט־און־פּאַסעווען איבער די גאַסן און ווען מ׳האָט געשאַפן אַן אויטאָבוסן־סטאַציע, פלעגט ער זיך דרייען ביי דער סטאַציע, אונטערטראָגן אַ פּעקל, לויפן אַ גאַנג, קויפן סיגאַרעטן פאַר די פּאַסאַזשירן. איין צײַט האָט אים די מוטער אַרײַנגעגעבן פאַר אַ לערן־ייִנגל אין דער מאַנופאַקטור־קלייט פון שטאָטישן גביר יוסף געסער, האָט ער אויך דאָ זיך נישט אויפגעהאַלטן קיין סך צײַט, ווייל דער בעל־הבית איז געווען אַ פּונקטועלער און אַן אַרבעטסזאַמער און דאָס האָט ער אויך געפאָדערט פון זײַנע אָנגעשטעלטע. ער האָט געפאָדערט מ׳זאָל אַרבעטן און צו דעם איז אורא נישט געווען צוגעפּאַסט. ער פאַרלאָזט די אַרבעט און אפשר האָט מען אים משלח געווען צוליב נישט קיין ריינע זאַכן, וועגן וואָס מע פלעג זיך טאַקע שושקען צווישן ייִדן.

ער וואַקסט אָן שום תכלית. ס׳קומט אונטער דאָס יאָר 1940. בעסאַראַביע און די שטאָט באַלגראַד ווערן "באַפרײַט" דורך דער רויטער אַרמיי. ס׳הייבט זיך אָן די צווייטע וועלט־מלחמה און דאָס ייִנגל, וואַלגערט זיך אויף די עוואַקואַציע־וועגן ביז ער קומט אָן — אַלס אַ מינדעריעריקער — אין דער פּאַרטיזאַנער־איינהײַט, מיט וועלכע ס׳האָט שפּעטער אָנגעפירט קאָוופּאַק און דער שטאַב־שעף איז געווען דער יונגער דאָן קינאַ־רעזשיסער און שפּעטערדיקער שרײַבער ווערשיגאָראַ.

## 2. אין מאָסקווע פּידלט אויך ניט...

בײַם ענדיקן די מלחמה, קומט ער, ווער ווייסט ווי אַזוי, קיין מאָסקווע. ער הייסט שוין נישט אורא גאָלדשטיין, נאָר יורי אַנטאָנאָוויטש קאָלעסניקאָוו. אַלע זײַנע יאָרן האָט ער געוואָלט פּטור ווערן פון דער שווערער משא — ייִד, ער פלעגט זיך שעמען מיט דעם נאָמען ייִד, איצט האָט ער געקלערט, אַז ס׳איז געקומען די העכסטע צײַט. ער איז אַ פּאַרטיי־מיטגליד און האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקענט טון. — זיך אַרײַנדרייען אין די פּאָליטישע ספּערעס. תיכף נאָכן דעמאָ־ביליזירן זיך פון די פּאַרטיזאַנער שטופּט ער זיך אַרײַנצוקומען אין דעם סאָוועטישן שפּיאָנאַזש־דינסט. מ׳האָט אים אויסגענוצט אין אַ שליחות קיין רומעניע און נאָכן דורכפאַל פון זײַן שליחות, ווערט ער ענדגילטיק באַזײַטיקט פון די אַרמיי־רייען. נאָר זײַן טעמפּער קאָפּ האָט נאָך אויך איצט גאַרנישט פאַרשטאַנען און ווען ער ווענדעט זיך מיט דער פּראַגע צו אַן אָנפירער פון דער מ.ג.ב., אַ ייִדן — איינעם פון די לעצט־פאַרבליבענע דאָרט — פאַר וואָס באַציט מען זיך צו אים אַזוי, ער איז דאָך אַ פּאַרטיי־מיטגליד, אַ קעמפער אין די פּאַרטיזאַנער־רייען, האָט אים יענער געעפנט די אויגן: דוראַק, וואָס פאַרשטייסטו נישט, דו ביסט דאָך אורא

גאָלדשטיין און דײַן פּאַרטיי־ביכל מיטן נאָמען יורי קאַלעסניקאָוו איז גוט צוליב עפּעס אַנדערש...

אונדזער „העלד" באַמיט זיך אַפילו משדך זײַן מיט אַ קריסטלעך מיידל, כּדי פאַרווישן זײַן ייִדישקייט. און דאָס מיידל איז געווען אַ ווײַטע קרובה פון מאַלענקאָווס משפּחה. אָבער ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז אַ פּשוטער „זשיד" גאָלדשטיין, האָט מען אים אויך פון דאַנעט משלח געווען.

וואָס זשע טוט מען? עסן דאַרף מען דאָך! ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ וועגן אים האָט זיך אײַנגעגעבן דורכצושמוגלען 2 אויטאָס, האָט ער אָנגעהויבן פירן „לינקע" פּאַסאַזשירן צום וונוקאָוואָער עראָדראָם. אָבער אין גיכן דערטאַפּט מען און מ׳פאַרטרײַבט אים. ער קומט אָן אַלס אַ נאַכט־מעכאַניקער אין „אינטוריסט", אָבער אויך פון דאַנעט פאַרטרײַבט מען אים, ווײַל ער איז גאָר קיין מעכאַניקער נישט. און ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין שום „זכות אבות". ער פּרוּווט נאָך אַרײַנצוקומען אַלס אַ פּקיד אין דער רומענישער אָפּטיילונג פון ראַדיאָ, אָבער זײַן עם הארצות „שטייט אים ביי" אויך דאָ...

וואָס זשע טוט מען פאַרט? ער פאַרקויפט איין אויטאָ, קויפט אַ קעלער־שטיבל און האָט חתונה נישט פאַר מאַלענקאָווס קרובה, נאָר פאַר אַ טאָכטער פון אַ טראַמוויי־קאָנדוקטאָרשע, אַ פאַרקויפערין אין „וואָיענטאָרג". נאָר צו פּרנסה קומט מען נאָך נישט.

דאַן פאַלט אים אײַן אַ שפּאָגל נײַע אַוואַנטורע:

ער ווענדעט זיך צו ווערשיגאָראַ און יענער אויס רחמנות, שרײַבט אים אָן אַ רעפעראַט וועגן פאַרטיזאַנער־לעבן, ער נייט זיך אויף אַ סטאַלינקע־אַנצוג, קויפט שיינע שטיוול און מיט דעם באַגאַזש הייבט ער אָן אַרומצופאָרן איבער די אַפּרו־הײַזער פון אַרום מאָסקווע און אומגעגנט, לייענענדיק פון פּאַפּיר דאָס אָנגעשריבענע.

אָבער די גאָלדענע טעג ענדיקן זיך אויך, וויפל קען מען דרייען אַ מוח מיט אַזאַ מין סחורה?

### 3. ווי מע ווערט אַ „שרײַבער" ביי לײַטן?

דאַן באַשליסט ער... ווערן אַ שרײַבער. צוגעשניטן און אויפגענייט: ער באַגעגנט אַ געוויסע ליטעראַרישע מיטאַרבעטערין פון דער „פּראַוודאַ" און מיט איר הילף — ווערט ער... אַ שרײַבער.

צונויפצושטעלן אַ בוידעם־קלאָץ־מעשה איז ער דאָך געווען פייִק פון קינדווייַז אָן. צו דעם פאַרברעכערישן מוח זײַנעם איז דערגאַנגען, אַז די טעמע־בורזשוי און עקספּלואַטירטער אַרבעטער איז אַ גאַנגבאַרע סחורה, איז פאַר וואָס טאָקע נישט אַ פּרוּוו טאָן די כּוחות?... זײַן גאַנצער „אינטעלעקט", אַלע זײַנע שיטערע „אָנ־שווינגען" האָבן זיך צו אים צוגעקלעפּט, בעת ער פלעגט האַלב־דרימלענדיק הערן די „שמועסן" פון פּאַליטרוק אין דער פּאַרטיזאַנקע, קיין ביכל האָט ער אויף זײַן לעבן אויך נישט געלייענט, איז דאָס איינציקע, וואָס באַמבלט זיך ערגעץ אין

געדעכעניש — די שטאָט באַלגראַד און אירע איינוווינער... און דאָ פּאַרקאַכט ער אַ קאַשע — זאָל גאָט שומר ומציל זײַן! נישט געשטויגן און נישט געפלויגן — „ציוניסטן", „קאָמוניסטן", „רומענישע נאַציסטן", (די „אײַזערנע גוואַרדיע") זײַ אַלע פיגורירן אין זײַנע געשרײַבעכצן ווי בלייכע שאָטנס אָן אַ לײַב־און־לעבן, זײַ אַלע דרייען זיך אַרום און האַלטן אין איין אַרויסברענגען צײַטונגס־מעסיקע, בלוט־לאָזע, שטאַמפּירטע פּראָזע. די גאַנצע תוכחה גיסט ער אויס אויף די „בלוטדורשטיקע עקספּלואַטאַטאָרן" ווי ער באַצייכנט אייניקע באַלגראַדער ייִדן, וואָס האָבן בײַם לעבן בפירוש געאַרבעט מיט זייערע צען פינגער בכדי צו מפרנס זײַן זייערע משפּחות... דאָס דאַזיקע שרײַבעכץ טראָגט ער אונטער זיין ליטעראַרישער נקבה און יענע פאַרריכט קודם די גראַמאַטישע גרײַזן, פאַרפּראַוועט עס מיט אַ ביסל קאָלאָריט און פּרוּווט זיך צוגעבן אַ געוויסע פאָרעם. אָבער, ווײַזט אויס, אַז די געוועזענע „פּראַוודאַ"־מיטאַרבעטערין האָט אויך ווייניק־וואָס געקענט אויס־פּלעכטן פון אַזאַ מין „מאכל" און אפשר איז זי אַליין אויך ניט געווען פון די פויגלדיקע סטיליסטן, ווער ווייסט? יעדנפאַלס, ווען אונדזער פאַרשוין ברענגט זײַן „ווערק" צום קעשענעווער שרײַבער־פאַראיין, געפינט ער דאָרט נישט קיין איין ליטעראַט וואָס זאָל וועלן אים געבן זײַן רעקאָמענדאַציע אין וועלכן ס'ניט איז פאַרלאַג.

וואָס זשע טוט מען ווײַטער? — ווענדעט ער זיך צו קאָווּפּאַקן און יענער, פאַרשטייענדיק אין ליטעראַטור פּונקט ווי דער „מחבר", שרײַבט אַ בריוו צום ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון מאָלדאַוויע, אויך אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן, און דער לעצטער פאַראָרדנט אָפּצודרוקן דאָס ביכל. איצט איז דער וועג אָפן: יורי קאָלעס־ניקאָוו ווערט אַ „שרײַבער" און ער באַמיט זיך אַרײַנקוועטשן צווישן די פּילצאַליקע ליטעראַרישע גאָרנישטן אויף דער אונטערשטער באַנק פון סאָוועטישן „אָלימפּ". יורי האָט נישט באַדאַרפט זײַן קיין גרויסער חכם, כדי דערשפּירן, אַז די גאַנצע סאָוועטישע „אידעאָלאָגיע" דרייט זיך ביי הײַנטיקן טאָג אויף דער אָקס פון שנאת ישראל אונטער דעם דעקמאַנטל פון אַנטי־ציוניזם און גאָר גיך גייט ער אַריבער אויף אַנטי־ישראלריקער טעמאַטיק און פאַרנעמט זײַן פּלאַץ צווישן דער גרויסער באַנדע סאָוועטישע פּען־פאַגראָמשטשיקעס. פון דאַן גייט עס אים גאַנץ גוט — ער האָט, ברוך השם, פּרנסה...

און אַז מען האָט געהייסן פון „אויבן" שאַפן דעם אַנטיסעמיטישן קאָמיטעט איז וועמען קען מען נאָך אויסנוצן אַזוי לײַכט ווי אַזאַ גאָרנישט ווי יורי קאָלעסניקאָוו? אמת ער שטייט אינעם צעטל פון די ייִדישע קאַפּאָס אויפן סאַמע לעצטן אָרט, דערפאַר אָבער פאַרגייט ער זיך אויף דער לעצטער פּרעסע־קאָנפערענץ אויפן העכסטן פאַלצעט פון רכילות:

„די ציוניסטן האָבן בשעת דער מלחמה מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס און אַדאָלף אייכמאַן איז אין ירושלים אין 1961 אומישנע פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, כדי ער זאָל נישט קענען פאַרעפנטלעכן די הייליקע סודות וועגן דער קאָאָפּעראַציע צווישן ציוניזם און נאַציזם."

יורי קאַלעסניקאָוו איז ווײַט נישט אָריגינעל.

שרײַבט דען דער פּאַגראָמשטשיק ביגון אַנדערש אין זײַנע פּאַשקווילן? אַזוי שרײַבט אויך דער ייִדן־אָפּשטאַמיקער נאַציסט צעזאַר סאָלאָדאָר אין זײַן עקל־האַפטן ביכל „דיקאַיאַ פּאָליע״.

זיי חזרן זיך איבער, די פּען־רוצחים, ווײַל דער מאַטעריאַל קומט פון איינעם און זעלבן ברודיקן קוואַל: פון דער סאָוועטישער געהיים־דינסט — ק.ג.ב.

## 4. זײַן „דאָסיע״

א באַזונדער קאַפּיטל אין קאַלעסניקאָווס ביאָגראַפיע איז זײַן פּראָוואָקאַ־טאָרישע אַרבעט צוזאַמען מיט אַ צווייטן אויסוווּרף, אַ קעשענעווער אונטערוועלט־מענטש — דוד באַנדאַר האָבן זיי געהאַט אַן אויפגאַבע פון דער ק.ג.ב. צו אַרבעטן צווישן די געוויסע אַקטיווע ציוניסטן פון דער אַמאָליקער בעסאַראַביע, וועלכע האָבן נאָך דער מלחמה געוווינט אין מאָסקווע. יעדערן אויף זײַן געביט און צו־געטיילטן שטח.

זיי פּלעגן זיך אַרײַנדרייען אין די הײַזער פון די אַמאָליקע אַקטיווע ציוניסטן, וועלכע זענען אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט אַפילו אין די אומשטענדן פון רוסלאַנד.

זיי פּלעגן ברענגען צו די נאַיִווע מענטשן צײַטונגען, זשורנאַלן אויף עברית און ייִדיש, אַרויסגעגעבענע אין מדינת ישראל, אַ לוח, אַ פאָטאָ־אַלבאָם מיט ישראליקע בילדער. מיטן אויסרייד אַז דאָס באַקומט ער פון זײַנע חברים, פּלעגט קאַלעסניקאָוו אַרײַנברענגען נאָר אין די אוונטן, צוליב „מער זיכערקייט״. נישט איין מענטש איז שפּעטער אַרעסטירט געוואָרן אויפן סמך פון „פאַקטישער״ ציוניס־טישער פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַלן, וועלכע מ׳האָט ביי אים געפונען בעת דער אונטערזוכונג און ווען דער קרבן פּלעגט דערמאָנען קאַלעסניקאָווס נאָמען אויף דער „אויספאָרשונג״ פּלעגט דער אויספאָרשער אַפילו נישט וועלן הערן פון דעם נאָמען און אין פּראָטאָקאָל על אחת כמה וכמה נישט אַרײַנשטעלן. ער איז דאָך געווען זייער געשיקטער אַגענט.

ער איז אויך געווען פאַרבונדן מיט נאָך איין אונטערוועלטניק — אידל יאַגאָלניצער פון דער שטאָט באַלגראַד, וועלכער איז געווען אַ באַצאָלטער ק.ג.ב.־אַגענט און ווען זיי האָבן אים שוין נישט באַדאַרפט איז ער פּלוצים „פאַרפאַלן״ געוואָרן. דער פאַרשווין האָט געקענט עברית און פּלעגט אַרבעטן איבערהויפּט אין דער לענין־ביבליאָטעק. זיינע קרבנות פּלעגט ער זאַמלען צווישן די דאַרשטיקע נאָך אַן עברית־וואָרט, וועלכע פּלעגן באַזוכן די ביבליאָטעק.

ווהין ער איז פּלוצים „פאַרפאַלן״ געוואָרן ווייסט אפשר זײַן קאָלעגע, דער „שרײַבער״ יורי קאַלעסניקאָוו — איינער פון די קאַפּאָס ביים מאָסקווער אַנטי־סעמיטישן קאָמיטעט...

## אבא סטראַזשאַס

# אַ רעפּליק אויף אַ "רעפּליק"

אין "סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 6 פאַרן יאָר 1983 איז אונטער דער רובריק "אונדזער רעפּליק" דערשינען אַן אַרטיקל פון געגריקאַס זימאַנאַס (ער פיגורירט אין דער ליטווישער פּרעסע אויך אונטער אַנדערע נעמען — הײַנריך, גיינריך, געניאַ, העגריקאַס... זײַן כשר'ן ייִדישן נאָמען — זימאַן, האָב איך נאָך געוווּסט אין די חדר־יאָרן).

זימאַנאַס "רעפּליק" איז אין גרונט געווידמעט מײַן פּערזאָן און איז אַ רעאַקציע אויף אַן אינטערוויו מיט מיר, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט מער ווי דרײַ יאָר צוריק אין דער אַמעריקאַנער ליטווישער מאָנאַט־שריפט "אַקיראַצשיי", וועלכע ס'גיט אַרויס אַ ליטווישע דעמאָקראַטישע באַוועגונג. דער עיקר פון דעם געשפּרעך באַשטייט אין מײַן באַהויפּטונג, אַז צו דער עליה האָט מיך געשטויסן די אַנטי־ייִדישע העצע, וואָס בושעוועט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין וועלכער מע צווינגט אויך ייִדן אַנטייל צו נעמען.

איך קלײַב זיך נישט צו רעאַגירן אויף פּערזענלעכע באַליידיקונגען פון אַ מענטשן, וואָס איז געגנוג פאַרהאַסט פּײַ בײַ ייִדן — ווי אַ געמיינער משרת פון סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם, סײַ בײַ די דעמאָקראַטיש־געשטימטע ליטווינער ווי דער טרײַער וואַרטזאָגער פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע־מאַכט אין דער ליטע.

ס'איז נישט מעגלעך אויסרייניקן דאָס גאַנצע מיסט וואָס איז אָנגעוואָרפן אין זימאַנאַס "רעפּליק", — סײַדן מע זאָל זיך שטעלן קאָפּ־אַראָפּ, ווײַל די גאַנצע "יצירה" זײַנע שטייט אויך סײַ לאָגיש און סײַ פאַקטאָלאָגיש מיט די פיס אין דער לופטן... דאָך ווילט זיך מיר אָפּמערקן אייניקע טרויעריקע סימפּטאָמען:

1. זימאַנאַס האָט זײַן גאַנצן "מאַטעריאַל" געשעפּט פון די פאַלסיפיצירטע "אויספאָרשונגס־אַקטן", וואָס זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן קעגן מיר אין פעבריאַר פון 1952—1953, ד.ה.: אין דער צײַט פון בלוט־בילבול אויף די ייִדישע דאָקטוירים. צי דען זענען פאַר ייִדן צוריק געקומען יענע שרעקלעכע יאָרן? אויך די "אַרגומענטאַציע" איז גענומען געוואָרן פון יענע צײַטן, פאַר וועלכע דער אמת איז גאָר ניט וויכטיק, בעיקר איז וואָס טיפער צו באַליידיקן און באַשמוצן מיט די ווילדסטע אויסטראַכטענישן. "די ציוניסטן, — שרײַבט זימאַנאַס, — האָבן טאָקע געהאָלפן די היטלעריסטן אין זייער פּראָגראַם פון אומברענגען ייִדן".

די ערד פון נײַנטן פאָרט אין קאָוונע. פון פּאַנאַר, אוישוויץ, טרעבלינקאַ, שטוטהאָף... איז אָנגעזאַפּט אויך מיטן בלוט פון הונדערטער טויזנטער ציוניסטן...

די דאָזיקע ערד וואָלט געדאַרפט שרייַען צו גאָט: ווי קומען צו אונדזער פאָלק אַזעלכע שרצים!

צווישן די אומגעבראַכטע ציוניסטן זענען פאַראַן נישט ווייניק אַזעלכע וואָס האָבן מיט גרויסע שוועריקייַטן, אין די גרעסטע געפאַרן, זיך דורכגעריסן דורך אַ פייַנטלעך־רוצחישער וועלט און געקומען אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אָבער זיי זענען צוריק געשיקט געוואָרן לויט זימאַנאָס באַפעל, נאָר דערפאַר, ווייַל זיי זענען געווען ציוניסטן, אָדער זיי האָבן נישט געקענט באַצייַטנס זיך פאַרשאַפן קיין געווער. "ביי אונדז איז ניט קיין אָרט זיך אויסצובאַהאַלטן!" — האָט ער געשריגן און געיאָגט די יידן צוריק אין געטאָ, צוריק צום זיכערן טויט.

ווער ווייסט, פאַר וואָס איז ביי אים אין וואַלד דורך אַ פאַררעטערישער קויל אין פּלייצע דערשאָסן געוואָרן די פּאַרטיזאַנקע מירה גאַניאַנסקי... איר פּאָרטרעט איז אַרויסגעהאָנגען אין מוזיי פון "לוחמי הגיטאות" און שרייַט צו גערעכטיקייַט.

וועגן די "מעשים־טובים" פון זימאַנאָסן האָב איך פיל געהערט פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך צוזאַמען געלערנט אויף די קורסן פון לעטישן פּראָנט, פון אַנדערע — אויך שפּעטער, נאָך דער מלחמה.

דער העלדישער פירער פון קאָוונער געטאָ־ווידערשטאַנד, דער קאָמוניסט חיים יעלין וואָס איז צום סוף אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, איז געווען אַ קרישטאָל־ערלעכער מענטש. מיר זענען מיט אים גוט באַקאַנט געווען נאָך פון די גימנאַזיע־יאָרן. ער וואָלט אוודאי געהאָט וואָס צו דערציילן וועגן דער טראַגעדיע פון די אַרויסגעיאָגטע יידן פון די דורניצקער וועלדער.

2. סימפּטאָמאַטיש פאַרן אומקערן זיך צום פּעריאָד פון 1952—1953 איז דער טייל פון זימאַנאָס "רעפּליק" אין וועלכן ער שילדערט די געשיכטע פון אַן אַרטיקל אין דער ליטווישער "פּראַוודאַ" ("טיעסאַ"), וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין מערץ 1953, זימאַנאָס איז געווען דער הויפּט־רעדאַקטאָר. ער דערקלערט, אַז רעאַגירנדיק אויף מיין ביטע (אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, קרום דערציילט) האָט ער דעם אַרטיקל כלומרשט ניט געדרוקט, וואָס ער באַדויערט איצט... דאָס איז אָבער ווידער אַ חוצפּה'דיקער ליגן, — ס'איז דאָך נישט שווער פעסטצושטעלן אַז דאָס אַרטיקל איז יאָ דערשינען אין דער "טיעסאַ". אָבער זימאַנאָס ווייס ניט פון קיין חרפּה! אין יענעם אַרטיקל בין איך כאַראַקטעריזירט געוואָרן, אַלס אַגענט פון "אינטערנאַציאָנאַלן ציוניזם" און דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם. בקיצור, עפּעס ווי אַ נאָענטער פעטער פון טרומען אַליין. אָבער עס איז גאָרניט צום לאַכן: פערזאָנען, וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיר פיגורירט אין יענעם אַרטיקל האָבן באַקומען האַרץ־אַטאַקעס און גאָר יונג אַוועק פון דער וועלט. איך קען אָנרופן דעם אַדוואָקאַט יודל חריט און דעם וויסנשאַפטלער טאָמים...

און וויפל נאָך אַזעלכע רכילותדיקע אַרטיקלען פון זעלבן סאָרט האָט ער פאַרעפנטלעכט?!

זיי אַלע האָבן געשמעקט מיט "גולאַג". דאָס איז אין בעסטן פאַל. מיין מזל

האָט מיר צוגעשפּילט, וואָס דערוויַיל איז אוועק פון דער וועלט סטאַלין, שפּעטער האָט אַ הויכראַנגיקע פּאַרטיי־קאָמיסיע אָפּגעוואָרפן אַלע באַשולדיקונגען און "חטאים", וועלכע ס'וואָרפט מיר איצט ווידער אויס זימאַנאַס...

יעדער מענטש, וואָס האָט ווען געלעבט אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווייס גענוי, אַז דאָרטן געפינט זיך ניט קיין איין רוס, אוקראַיִנער, ליטווינער א.אַ. וואָס זאָל ניט אידענטיפיצירן דעם באַגריף "ציוניסט" מיטן באַגריף "ייִד". דערפאַר קען מען זיך ניט. ווי זימאַנאַס טוט, פאַרענטפערן, אַז מיט דער העצע מיינט מען "ניט ייִדן, נאָר ציוניסטן". די פאַרגאַנגענהייט באַווייַזט קלאָר, אַז ביַי יעדער געזעל־שאַפטלעך־פּאָליטישן קריזיס, וואָס קיין מלוכה איז פון אַזעלכס ניט באַוואָרנט, איבערזעצט דער המון די העצ־אַרבעט פון דער "אינטעליגענץ" אין מערדערישער פּראַקטיק. און ווען איך דערמאָן זיך אין די "זימאַנעס", קען איך ניט טראַכטן וועגן מייַנע ברידער אין מזרח־אייראָפּע אָן קיין שווערער זאָרג פאַר זייער וויַיטער־דיקן גורל.

3. אַז עס מערקט זיך אַ טענדענץ איבערחזרן דעם פּעריאָד פון 1952—1953 באַווייַזן אויך די מעטאָדן, מיט וועלכע זימאַנאַס באַנוצט זיך. אַזוי ווי אין יענער צייַט רעכנט ער צו אַלע מייַנע דערגרייכונגען און פאַרדינסטן לכף חובה, דערצו נאָך די באַרימטע אַנטיסעמיטישע באַשולדיקונג, אַז די ייִדן האָבן זיך אין דער צייַט פון וועלט־קריג אויסבאַהאַלטן אין טיפן הינטערלאַנד, כאָטש עס איז סטאַ־טיסטיש באַקאַנט אַז מער ווי אַ האַלבער מיליאָן ייִדן זענען געווען אין דער רויטער אַרמיי. דער פאַקט, אַז די ייִדן שטייען אויף די ערשטע ערטער, צווישן די פעלקער פון ראַטן־פאַרבאַנד, אין צאָל פון "גבורים פון ראַטן־פאַרבאַנד", אין צאָל פון באַקומענע אָרדנס און מעדאַלן, ווערט דערקלערט, אַז מען האָט די דאָזיקע אויס־צייכנונגען געקויפט אויפן מאַרק אין טאַשקענט. אין איינקלאַנג מיט די ווילדע הלשנות, וואָס זענען צוזאַמענגעקליבן געוואָרן אין דעם דערמאָנטן "רעקאָרד" פון 1952/53, דערמאָנט זימאַנאַס מייַנע קריגס־אויסצייכנונגען גראָדע אין דעם זעלבן אַנטיסעמיטישן קאָנטעקסט. ער פאַרגעסט אָבער צו דערמאָנען, אַז צוליב אַזוינע "פערזענלעכקייטן" ווי ער, בין איך פּלוצלינג אויסגעשלאָסן געוואָרן פון מיליטער, צוליב פּאָליטישן אומצוטרוי, און איך האָב חדשים־לאַנג געמוזט קעמפן פאַר מייַן רעכט, אַנטיילצונעמען אין דער מלחמה קעגן די נאַצישע חיות, ביז איך האָב געקענט צוריק קומען אין דער ליטווישער דיוויזיע. אַלע ווילדע רדיפות קעגן מיר, זענען, לויט זימאַנאַסן, געווען אַ גערעכטע שטראָף פאַר מייַן כלומרשטער שולד.

בכלל האָב איך ניט גערן צו ריידן וועגן מייַנע אייגענע ענינים. אָבער זימאַנאַס האָט מיך צוריקגעבראַכט צו דער לאַגע פון 1952/53 און האָט דערוועקט מייַנע לייַדן פון יענער צייַט. יסורים האָבן אַ שטאַרק געדעכעניש! דערצו האָט דאָ אויף מיר געווירקט דער פאַקט, אַז דער זעלבער פאַרשוין, וואָס האָט דעמאָלט אויף מיר געשאָטן פעך און שוועבל, וויסנדיק, אַז איך קען אים ניט ענטפערן, וויל אויך הייַנט אַרויפלייגן אויף מיר זייַן צענזור. ער ווייסט, און האָט עס אויך געלייענט

אין מײַן געשפּרעך מיט דער ליטווישער צײַטונג, אַז, "כאָטש איך בין ניט, ווי ער, אַ זון פון אַ גרויסן גוטבאַזיצער, האָב איך אָבער גענוג זעלבסט־ווירדע כ'זאָל זיך ניט פאַרנעמען עפנטלעך מיט מײַנע אייגענע ענינים". אָבער יעדע צוריק־האַלטונג האָט איר גרענעץ.

**און איצט אייניקע באַמערקונגען:**

1. עס שײַנט מיר, אַז זימאַנאַס, דער "טעאָרעטיקער" פון מאַרקסיזם, גלויבט ניט שטאַרק אין דעם כּוח פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע צו איבערצײַגן. ייִדן, וואָס זענען געווען באַווירקט פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע און באַאײַנפלוסט פון ענטוזיאַזם, בשייכות מיטן גרויסן ניצחון איבער נאַצי־דײַטשלאַנד, זענען טאַקע בלב ונפש אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי (אויך איך) זענען געבליבן איר טרײַ, ביז זיי האָבן געמוזט זיך איבערצײַגן, אַז די באַזונדערע אַקציעס פון אַנטיסעמיטישער העצע, זענען ניט קיין צײַטווײַליקע און צופעליקע דערשײַנונג. אַלטע קאָמוניסטן, ווי מײַן גוטער פרײַנד פייבוש לעוויטאַל ז"ל, האָבן עס פריִער פאַרשטאַנען און האָבן זיך גענומען דאָס לעבן. אַנדערע זענען גאַנץ פּאַסיוו געוואָרן און זיך געלאָזט ציִען מיטן שטראָם. נאָך אַנדערע האָבן, ניט געקוקט אויף דער גרויסער ריזיקע, עולה געווען קיין ישראל. אָט די לעצטע רופט זימאַנאַס "קאַריעריסטן", כאָטש ער ווייסט גוט אַז דעם נאָמען פאַרדינען נאָר די ווייניקע "דרעסירטע ייִדן" וואָס זענען גרייט צו דינען אפילו דעם טײַוול.

2. ס'וואָלט געווען גוט ווען זימאַנאַס זאָל געווען וואָרענען זײַן "כאַוער", וואָס האָט אים געזאָגט, אַז מײַן אײנציקע מעלה איז, וואָס איך קען דײַטש (יענער קען דאָס, נעבעך, אויך ניט), ער זאָל ניט גנבענען מאַטעריאַלן פון מײַנע מאַנוסקריפּטן (כּמעט 2000 זײַטן), וואָס איך האָב געמוזט איבערלאָזן אין ליטווישן אוניווערסיטעט (מען האָט דאָך מיר ניט דערלויבט מיטנעמען דעם רעזולטאַט פון 20 יאָר אַרבעט אין די רײַכע אַרכיוון פון ראַטן־פאַרבאַנד, און אויך אין מערזעבורג — ד.ד.ר.). ווי איך בין נאָר אַוועקגעפאָרן, האָט זיך דער דאָזיקער "כאַווער" גענומען פיל "באַשעפטיקן" מיט מײַן טעמאַטיק.

3. ווען איך האָב צײַט, וואָלט איך דעם גרויסן "טעאָרעטיקער" געלערנט אַ פּרק מאַרקסיזם. ציטירנדיק אַ געוויסע באַהויפּטונג פון העגעל האָט מאַרקס געזאָגט, אַז היסטאָרישע דערשײַנונגען קענען זיך טאַקע איבערחזרן אַ צווייט־מאָל. אָבער דאָס ערשטע מאָל איז דאָס אַ טראַגעדיע און דאָס צווייטע — אַ פאַרס ("דער 18־טער ברומער פון לואי באָנאַפּאַרט"). זימאַנאַס וויל איבערחזרן דעם פּעריאָד פון 1952/53 און באַמערקט ניט דערבײַ, אַז ער דערמאָנט נאָר אַ טראַגעדיע, אַליין בלײַבנדיק העסלעך און לעכערלעך אין אַלע זײַנע באַהויפּטונגען. און איך האָב דאָך נאָר באַרירט אַ טייל פון זײַנע ווילד־קאָמישע השגות.

4. פאַרפּולקאָמענדיק זײַן אויטאָפּאָרטרעט ווי אַ לץ, ענדיקט זימאַנאָס זײַן "היסטאָרישן" אַרטיקל ניט מיט דער "מאַמען", ווי דאָס איז דער רוסישער שטייגער, נאָר להבדיל אלף הבדלות, מיט מײַן שוויגער ז"ל. ער נעמט איר אַרויס פון קבר און לאָזט איר עדות זאָגן, אַז זי איז ניט עולה געווען צוזאַמען מיט מיר, ווײַל "זי האָט ניט געוואָלט אָטעמען מיט דער זעלבער לופט" ווי איך. מײַן שוויגער — אַלמאַ קאַמענעצקי ז"ל — איז געווען די איינציקע טאָכטער פון איינעם פון די ערשטע דירעקטאָרן פון קאָוונער העברעאישער גימנאַזיע (שוואַבעס) — קאַפּל וואָלאָצקי ז"ל, דעם מחבר פון איינעם פון די ערשטע לערנביכער פאַר עברית ספר־למוד עם שנוני מכתב..., מהדורה שביעית, (ורשה 1899). זי איז געווען אַ הויך־געבילדעטע און נאַציאָנאַל־געשטימטע פרוי. אַזאַ חדל־אישים ווי זימאַנאָס האָט ניט קיין מאָראַלישע רעכט דערמאָנען איר נאָמען (אוי גאָטעניו, מיט וועלכע עפּיטעטן זי פּלעגט עס באַגלייטן זײַן נאָמען!!). זי איז טאַקע ניט עולה געווען צוליב פּערזענלעכע סיבות. זימאַנס שוועסטער איז אָבער געווען איינער פון די ערשטע אין דער עליה פון ראַטן־פאַרבאַנד. זעט מען טאַקע געַנוי, וועמ ס'האָט ניט געקענט אָטעמען מיט וועמענס לופט!...

מילא, ווי זאָגט דאָרט אַן אַראַביש ווערטל: דער כלב בילט און דער קאַראַוואַן גייט זיך ווײַטער זײַן וועג.

## העניק, גענדריק, שמענדריקאָס...

אין פאַרגלייך מיט די ערשטע צוויי קאַלאַבאַראַטאָרן איז זימאַנאָס אַן אינטעלעקטואַל. דראָגונסקי איז שוין לאַנג פאַרשטיינערט געוואָרן אין אַ סאָוועטישן סאָלדאַפּאָן און ער האַנדלט אין הסכם מיט זייער מיליטערישן סטאַטוס, לויט וועלכן מע טאָר נישט צווייפלען און ניט ווידערשפּעניקן, בעת דער העכערער קאָמאַנדיר גיט אָפּ אַ באַפעל. און ווער איז נאָך העכער פון צע־קאַ און קאַ־גע־בע?

באַפעלט מען — קוועטשט מען מיט טאַנקען די ציווילע בירגער פון פּראַג, שטיקט מען מיט גאַז־באָמבעס די באַפעלקערונג פון אַפגאַניסטאַן, גרייט מען אַראַבישע טעראָ־ריסטן זיי זאָלן אומברענגען יידישע קינדער...

אָבער זימאַנאָס איז, חלילה, נישט אַזאַ כאַטש פאַראַן צווישן זיי פיל ענלעכס. זימאַנאָס איז אַן אינטעלעקטואַל!

און אוודאי קען מען אים. אויך נישט פאַרגלייכן צום וואולגאָרן גראָבן יונג, דעם רויט־געבאַקענעם "שרייבער" קאָלעסניקאָוו. יענער האָט אייגנטלעך איבערגעכיטרעוועט די סאָוועטישע מאַכטהאָבער: אָט דער טויגעניכץ האָט זיך דערשלאָגן צו דער פּריווילעגירטער הויך באַצאָלטער נאָמענקלאַטור פון אַ סאָוועטישן ליידיקגייער מיט די סאַמע פּרימיטיווסטע מיטלען. און פאַרקויפן האָט ער דאָך נישט וואָס. אפילו קיין שטיקל נשמה פאַרמאָגט עס, דאַכט זיך, אויך נישט!...

אָבער זימאַנאַס, איז, חלילה, נישט קאַלעסניקאָוו כאַטש... אויך צווישן די בײדע איז פֿאַראַן געגנוג ענלעכס.

זימאַנאַס איז אַן אינטעלעקטואַל!

ער פֿאַרשטייט אפילו אין די קלײנע אותיותלעך! ערגעץ גלימערט דאָך אין זכרון (אמת, אויסער זײַן ווילן) דער מאַמעס אַ וויגליד, אַ יידישער פֿאָלקס־ניגון... דעם טאַטנס דאַווענען... אונדז שטעלט זיך פֿאָר, אַז אין זײַן לעבן האָט ער נישט וויניק געליטן פֿון קאַשמאַרפֿולע חלומות אין די פֿינצטערע נעכט און אויג־אויף־אויג מיט זיך אַליין. ביין, ביין — ער האָט נישט געליטן פֿון דעם, וואָס זײַענדיק אַ "שישקע" ביי די סאָוועטישע פּאַרטײזאַנער האָט ער צוריקגעטריבן צו די דײַטשישע מערדער הונדערטער יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון געטאָ און זיך דערשלאָגן צו זײַן פּאַרטיזאַנער־אײנהייט. זײַן שרעקלעכסטער קאַשמאַר איז געווען דווקא זײַן יידיש־אָפּשטאַמיקער קאָמפּלעקס. הערט נאָר אַ מעשה: אַפֿילו די ערשטע לעקציעס וועגן "מאַרקסיזם און קלאַסנקאַמף" האָט ער באַקומען אויף יידיש ביי אײנעם אַ קאָוונער... בונדיסט!

לויט זײַן "רעפּליק" אין "סאָוו. היימלאַנד" איז לגמרי נישט צו זען אַז אים מאַטערט דאָס געוויסן פֿון דעם וואָס אין די פֿינצטערע יאָרן פֿון סאָוועטישן יידנטום (1948—1953) איז ער געווען פֿון די וויניק־געציילטע יידן, וואָס האָבן ממש מיט סאַדיסטישער הנאה זיך אײנגעשלאָסן אין דער העצע קעגן יידישן פֿאָלק — די "פּאַספּאָרטלאָזע בראָדיאַגעס" און "די מערדער אין ווײַסע כאַלאַטן"...

אים באַדאַרף מאַטערן אַן אַנדער זאַך, וואָס דווקא די זעלבע בעלי בתים, וועמען ער דינט אַזוי טריי, האָבן אים אַרויסגעשליידערט פֿון דער ליטווישער "פּראַוודאַ" ("טיעסאַ") און באַפֿוילן אים זיך צוריקקערן צו זײַן יידישן אָפּשטאַם, אַרויסשטעלן זיך ווי אַ ייד, וואָס רעדט כלומרשט אין נאָמען פֿון סאָוועטישע יידן אין "אַנטי־ציוניסטישן קאָמיטעט"...

ס'קען דאָך טאַקע באמת פּלאַצן די גאַל און דעריבער טאַקע אַזוי פֿיל גאַל און גיפֿטיקע זידלערייען אין זײַן יידיש־געשריבענער "רעפּליק" פֿון "סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 6, 1983.

צווישן דער קלאַסישער צאַלרײַכער גאַלעריע ליגנער זענען איצט אין רוסלאַנד פֿאַרבליבן נישט מער ווי דריי קאַטעגאָריעס:

דער ערשטער מין ליגנער איז אַ "באַגײַסטערטער" ליגנער, אַ מין "פֿאַנטאַ־סופּערמען" (פֿאַרשטייט זיך אין די ראַמען פֿון דער סאָוו. אידעאָלאָגיע, צום געגעבענעם מאָמענט). דער מין טיפּ, אַז ער פֿאַרבראַקט אַ ליגן, הייבט ער אַליין אָן צו גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע ריינער אמת. דעם דאָזיקן מין זעט מען שוין זינט נאָך כרושטשאָוון, אַלץ זעלטענער און זעלטענער...

דער צווייטער מין ליגנער איז אַן "אָרגאַנטשיק", — ווי דער גרויסער רוסישער סאַטיריקער סאַלטיקאָוו־שטשעדרין האָט אים אַ מאָל באַצייכנט — ער באַדאַרף נישט איבעריק קלערן, ווו ס'ליגט דער הונט באַגראָבן, אין צ.ק. קלערט מען שוין פֿאַר אים...

בקיצור — ווי מע דרייט אים דאָרט אָן — אַזוי ליגנערט ער...

פֿאַראַן נאָך אַ דריטער מין ליגנער — אַן אינטעלעקטואַלער! ער ווייסט שוין דווקא יאָ ווו דער ריינער אמת איז און דערפֿאַר טאַקע... ליגנערט ער.

העבריק שמענדריקאַס איז אַן אינטעלעקטואַל!

אַט גיט ער אייך למשל אַ זאַג אין דער זעלבער "רעפליק" :

"די יידן פון וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך קעגנגעשטעלט די פאַשיסטן נאָך דערפאַר, וואָס דאָרט זענען געווען ווייניק ציוניסטן און ס׳האָבן די אָנפירערשאַפט געפירט אין גרונט קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן" . . .

ס׳קען דאָך נישט זיין — וועט זיך וווּנדערן יעדער מינדסט קינד אויף דער פרייער וועלט, ס׳קען דאָך ניט געמאָלט זיין, אַז געוויִנדריק זאָל נישט געווען אַריינקוקן כאָטש אין עפּעס וואָס פון די פילצאָליקע מאַטעריאַלן וועלכע געפינען זיך סיי אין וואַרשעווער וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, סיי אין ירושלימער "יד ושם", סיי אין מוזיי פון קיבוץ "לוחמי הגיטאות", וועלכן ס׳האָבן פאַרלייגט און אַנטוויקלט די ניצול געבליבענע אַקטיווע קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, בראש מיט די געוועזענע שטאַבס־מיטגלידער פון אויפשטאַנד, — די נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע יצחק (אַנטעק) צוקערמאַן, און צביה לובעטקין ז״ל (ציוניסטן !).

גאַנץ מעגלעך, אַז דער זימאַנאַס האָט אַפילו באַזוכט אַט דעם וווּנדערלעך־שיינעם קיבוץ, בעת זיינע וואָיאַזשן קיין ישראל מיט דער ברכה פון זיינע ק.ג.ב.־בעלי־בתים און לויט די איינלאַדונגען פון זיינע באַיווע בוזעם־פריינד דאָ אין לאַנד. מעגלעך אַז ער האָט אויך באַזוכט "יד מרדכי", דעם קיבוץ וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מרדכי אַניעליעוויטש — דעם לעגענדאַרן הויפּט־קאָמאַנדיר פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. איז דען מעגלעך, אַז געוויִנדריק זאָל נישט געווען הערן דעם נאָמען פון אַט דעם ציוניסט ? האָט ער נישט אַריינגעבליקט אין די רינגלבלום־אַרכיוון ? ווייסט ער נישט, אַז די מיינסטנס אַקטיווע און אָרגאַניזירטע קעמפער פון יידישן ווידערשטאַנד זענען געקומען פון די ציוניסטישע פאַרטייען : פועלי ציון, השומר הצעיר, דרור, בית״ר, גורדוניה, אויך פון בונד . . .

אמת, אַז אויך קאָמוניסטישע עלעמענטן האָבן בייגעשטייערט צום ווידערשטאַנד און ס׳וואָלט נישט ווירדיק געווען פאַרשווייגן אָדער פאַרמינערן די העלדישקייט, פון אַזעלכע קעמפער־קדושים ווי יוסף לעוואַרטאָווסקי, ציִ אַנדזשעי שמידט . . .

גערעכט איז פּראָפעסאָר סטראַזשאַס, ווען ער זאָגט אַז ס׳איז נישט מעגלעך פאַנאַנדער־שאָרן דאָס גאַנצע מיסט וואָס זימאַנאַס האָט אַנגעוואָרפן אין זיין "רעפליק". אַזוי פיל גיפט־מישונג, אַזוי פיל בלוטיקע רכילות קעגן יידן, זענען נישט קיין נייעס אין דער מאַסן־פּראָדוקציע פון ביכער, "פאַרשונגען", בראַשורן א.ד.ג. סיי אַ מאָל — בעתן נאַציזם און סיי איצט — ביי די סאָוועטן. אָבער דאָ איז דאָס קאָנצענטרירט אין איין אַרטיקל, געשריבן מיט יידישע אותיות !

דאָך איין זאַך לוינט זיך אָפּמערקן : זימאַנאַס זאָגט אַז אויפן ציוניזם האָט מען בכלל כמעט ווי ניט רעאַגירט ביז דאַן :

"ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנטער־פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט אין דער ליטווישער פּרעסע קעגן די ציוניסטישע רכילות" . . .

איז ערשטנס — דאַרף מען צוגעבן, אַז די "ליטווישע פּרעסע" איז ווייט נישט סעפּעראַט פון דער גאַנצער פיל־שפּראַכיקער פיל־מיליאָניקער סאָוועטישער פּרעסע. און אָנגעהויבן האָט זיך די דאָזיקע "קאָנטער־פּראָפּאַגאַנדע" גענוי אין יאָר 1948 מיטן קאַמף קעגן "קאָס־

מאַפּאַליטיזם", מיט באַשולדיקן יידישע דאַקטוירים אין מאָרד און שפּעטער מיט אומברענגען די גרונטשעפער פון דער יידישער קולטור, קונסט, געזעלשאַפטלעכן געדאַנק . . .

די דאָזיקע "קאָנטר־פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט" זעצט אויך פאָר "סאָוועטיש היימלאַנד". דער זעלבער זשורנאַל, וואָס האָט פּראָקלאַמירט די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער, אַלס "אונדזערע אָוועס" (אבות), נאָך וועלכע זיי האָבן קיין מאָל נישט געשטעלט קיין יאָרצייט־ליכט, קיין מאָל נישט געזאָגט אפילו קיין סימבאָלישן קדיש, נאָר פאַרקערט — מיט זימאַנאַס אַרטיקל באַרעכטיקן זיי הינטערוויילעכץ דעם שרעקלעכן מאַסן־מאָרד פון דער יידישער קולטור אין יאָר 1952.

מעגלעך, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט וויליק און די רעדאַקטאָרן האָבן אַזוי ווייט נישט געקלערט . . .

אָבער הענריק זימאַנאַס האָט זייער גוט געוווסט וואָס ער טוט. דערויף איז ער דאָך אַן אינטעלעקטואַלער . . . שמענדריק !

און אפשר איז ער גאָר פיל געפערלעכער, פיל העסלעכער אפילו פון אַ געוויינלעכן שמענדריק וואָס ליידט פון זיין יידיש־אַפּשטאַמיקן קאָמפּלעקס ? . . .

י. ק.

# קולטור-כראָניק

**פּאַריזער ייִדישע שרײַבער אויסגעצייכנט מיט זילבערנע מעדאַלן**

ד"ר נח גריס, משה וואַלדמאַן און יחזקאל קאָרענהענדלער האָבן באַקומען אויסצייכענונגען פון שטאָט־ראָט אין פּאַריז, פאַר זייערע שעפערישע טעטיקייטן אויפן געביט פון דער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך האָבן זיי באַקומען זילבערנע מעדאַלן. אויף אַ פּײַערונג איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן די אָנערקענונג מצד דער קולטור־אָפּטיילונג בײַם "האָטעל דע וויל", ווו ס'איז באַטאָנט געוואָרן ווי אַן "אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר ייִדיש און דעם שאַפער אין דער דאָזיקער שפּראַך".

אויסצייכענונגען האָבן אויך באַקומען אַ ריי נישט־ייִדישע שרײַבער, ווי אויך מאָלער און וויסנשאַפטלער, וועלכע האָבן זיך פאַרדינט געמאַכט פאַר דער פראַנצויזישער קולטור.

**פינף באַלוינטע שרײַבער**

די ליטעראַטור־פאָנדן בײַם אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק האָבן פּרעמירט פינף שרײַבערס :

1) מלכה חפץ־טוזמאַן. 2) שלום הערץ. 3) נח גריס (פאַריז). 4) חיים מאַלטינסקי (ישראל). 5) שמואל צעסלער (אַרגענטינע).

## מאַרטין בירנבוים / ניו-יאָרק

# צוויי לידער

### ס'איז דער רעגנבויגן

ס'איז דער רעגנבויגן ניט מײַן ברודער;
ע ר איז אַן אילוזיע,
פֿאַרביק — נאָר אַן דויער.
די לבנה —
זי איז מײַן צאַרטע שוועסטער,
צו איר קען איך קומען
און אויסזינגען מײַן פֿרייד פֿאַר איר
און אויסזינגען פֿאַר איר מײַן טרויער.

די זון
איז נאָר אַ האַלב-געטרײַע.
איך האָב זי ליב!
שטענדיק כ'האָב צו איר געווענדט זיך —
נאָר מיט אַ חשד
פֿאַר איר שרפֿענדיקן פֿײַער . . .
און ניט איין מאָל האָב איך פֿון איר פֿלאַם
דאָס פּנים — און אַפֿילו די נשמה
אויך פֿאַרברענט זיך . . .

די שטערן זענען מײַנע פֿרײַנד —
די מענטשן מײַנע —
אייביק ציטערדיקע
און ווײַט אויך און דערשראָקן . . .
צי בלאַסע,
צי צעפֿינקלטע זיי שײַנען,
זיי ציען שטענדיק מיך,
זיי ווינקען,
זיי רופֿן מיך און לאָכן.

### די וואָלקנס

זענען מײַנע טרויער-שלייערס,
זיי הילן מיך אײַן
אין וואָלן שווערע און גרויע —
נאָר ז י י
זענען נעענטער צום לעבן,
זיי פֿאַרשטיי איך —
און גרינגער איז מיר
ז י י אָממערסטן צו געטרויען...

יולי 1981.

### פּלוצים

ס׳האָט פּלוצים אויפֿגעהערט אין מיר
דאָס רוישן,
ווי ס׳וואָלט אַ וואַסערפֿאַל זיך אָפּגעשטעלט;
ווי ס׳וואָלט אַ שטורעמווינט
אויף רו, אויף שטילקייט,
זיך געוואָלט פֿאַרטוישן;
ווי ס׳וואָלט זיך אײַנגעשטילט אַ פֿיבער
און מיט אים
אַ גאַנצע, פֿיבערדיקע וועלט...

ווייס איך ניט
צי ס׳איז אַזוי מיר גרינגער,
צי גאָר איך
נאָך דעם אײַנגעשטילטן ברויז?
צי האָב איך —
אַ באַרוישטער פּונעם לאַנגן זינגער —
זיך צו פֿיל
צי ניט גענוג אַנטבלויזט —?

נאָר אין דער "רו"
פֿאַראַן איז אויך
אַ פּחד און אַ יערן...

און אַ בענקשאַפֿט
נאָך דעם זשומענדיקן וואַלד . . .
צי קען זי — אַט-די פֿרעמדע שטילקייט —
עפּעס אומדערוואַרטס מיר נאָך באַשערן ?
צי וואַרט ערגעץ אין מיר
אַ כוואַליע,
אַ װוּנדער-ווינט
אין אַ ווינקלדיקן אויסבאַהאַלט — ?

צי איז אין דעם שווײַגן
אויך פֿאַראַן אַ ניגון, —
וואָס עס זאַמלט זיך פֿאַר אים
אין רו
דאָס ריינע וואָרט ?
צי — סוף-כל-סוף —
געוועלטיקן עס וועט די שטילקייט
און אין גאַנצן מיך באַזיגן
און בלײַבן כ׳וועל אין איר
אין גלײַכגילט אַ פֿאַרהילטער,
און פֿון מײַן דערגאַנגענקייט
זיך ווייטער שוין ניט רירן פֿונעם אָרט — ?

יוני 1983.

## אהרון פריאל

# דער העלד האָט געוויינט



„איך האָב נישט געוויינט, ווען מײַן מוטער איז געשטאָרבן, איך האָב נישט געוויינט, ווען מײַן ברודער און שוואָגער זענען אַוועק פון דער וועלט און איך האָב אויך נישט געוויינט, ווען מען האָט מיך דער־נידעריקט און באַליידיקט. איך האָב נישט געוויינט פון ווייטיק ווען איך בין פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין דער מלחמה, און קיין טרערן נישט פאַרגאָסן ווען איך בין שווער קראַנק געוואָרן. מײַן מאַמע, עליה השלום, פלעגט זאָגן: „מײַן וואָלפקע האָט אַ שטיין אויפן אָרט פון האַרץ". דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן ווען איך האָב זיך צע־וויינט, איז געווען ווען מײַן פרוי האָט מיר מודיע־געווען אַז איך האָב באַקומען אַן עליה־דערלויבעניש קיין ישראל". —

אַזוי האָט געשילדערט אין אַ בריוו צו זײַנע קרובים אין לאַנד זײַנע געפילן אין יענע טעג, אין מיטן יולי, דער רעזערוו־אָפיציר וואָלף ווילענסקי, העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, דער דרייסטער און שטאָלצער ייִד, אַבסאָלווענט פון דער „אָרט"־שול און חניך פון השומר הצעיר אין ליטע, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון זײַנע דרײַסיק יאָר דינסט אין דער סאָוועטישער אַרמיי באַקומען איבער דרײַסיק אויסצייכענונגען און מעדאַלן און וועמענס נאָמען איז אײַנגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אינעם לוח פון די „אויסגעצייכנטסטע תלמידים" וואָס האָבן געענדיקט די מיליטערישע פרונזע־אַקאַדעמיע אין מאָסקווע.

סוף 1972 האָט קאָלאָנעל ווילענסקי זיך באַפרײַט פון אַקטיוון דינסט אין דער סאָוועטישער אַרמיי. זײַן לעצטער אַמט איז געווען קאָמענדאַנט פון דער אָפיצירן־שולע בײַם ווילנער אוניווערסיטעט. זײַן אַרויסטריט פון דער אַרמיי איז צוזאַמענגעפאַלן נאָענט צו דער דאַטע ווען ער און זײַן משפחה האָבן געבעטן אַרויספאָר־דערלויבענישן קיין ישראל. זײַן גאַנצע משפחה — זון, טאָכטער, זײַן ברודערס משפחה, אייניקלעך און קינדער זענען עולה געווען גלײַך נאָך דער יום־כיפור־מלחמה.

די דערציִונג וואָס די ווילענסקיס האָבן באַקומען — געננוי ווי אַ סך חניכים פון די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען אין דער ליטע — איז געווען ייִדישקייט, טראַדיציע און ציוניזם. פאַר אַ סך פון זייַנע באַקאַנטע און קאַמפּס־חברים סימ־באַליזירט ער דעם שטאָלצן ייִד, דעם אידעאַל פון אַ שטאַרקן מאַן וואָס האָט קיין מאָל נישט פאַרלייקנט זייַן אָפּשטאַם און געלאָזט הערן זייַן "ניעט" אויך בייַ דער אַנוועזנהייט פון מיטגלידער פון פּאָליטביוראָ, ווען ער איז געווען אַ הויכער אָפיציר און איז אויפגעפאָדערט געוואָרן עפנטלעך צו חתמענען אַ פּעטיציע וואָס טאַדלט ישׂראל ווי אַן אַגרעסאָר בעתן זעקסטאָגיקן קריג.

"פּאָלקאָווניק ווילענסקי, מיר ווענדן זיך צו אייַך דער ערשטער בייַ דעם מעמד איר זאָלט אונטערשרייַבן די פּעטיציע" — האָט זי אָנגערופן צו אים דער שליח פון פּאָליטביוראָ פון מאָסקווע מיט אַ גרייטן טעקסט אין האַנט, כדי צו חתמענען אויף אים ייִדן מיט אַ פּאָזיציע אין דער ליטע.

"מייַן ענטפער איז ניעט, איך שרייַב דאָס נישט אונטער" — האָט דערויף געענטפערטר ווילענסקי.

וואָלף בן לייבל ווילענסקי איז געבוירן געוואָרן אין 1919 אין קאָוונאָ, ליטע. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג. ייִדיש איז געווען די שפּראַך סייַ אין דער היים, סייַ אין דער שולע, אין טאָגטעגלעכן לעבן, אין די יוגנט־באַוועגונגען און אויך דערנאָך אין דער סאָוועטישער אַרמיי בעת ער איז געווען קאָמענדאַנט פון אַ פּאָלק אין דער ליטווישער דיוויזיע וואָס האָט געקעמפט קעגן די נאַציס בעתן צווייטן וועלטקריג, אַ דיוויזיע וווּ אַ סך זעלנער זענען געווען ליטווישע ייִדן.

ווילענסקי דער אַבסאָלווענט פון דער פאַך־שולע פון "אָרט" אין קאָוונע איז אַרייַנגעטראָטן אין "השומר הצעיר" און ווי אַ סך אַנדערע חברים פון די ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען האָט ער זיך געגרייט צו עליה קיין ארץ־ישׂראל.

דער מלחמה־אויסברוך האָט אים נישט דערמעגלעכט צו פאַרלאָזן ליטע. אין 1941 האָט ער זיך מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי, און ער איז געווען צווישן די ערשטע וואָס זענען אַרייַנגעטראָטן אין דער "ליטווישער דיוויזיע" וואָס איז אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד און מאָביליזירט די ליטווישע בירגער, צווישן זיי אַ סך ייִדן, וואָס האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון דער ליטע, איידער די דייַטשן זענען אַהין אַרייַן. דער רוב ייִדן זענען געווען געוויינלעכע זעלנער, בעת דער רוב אָפיצירן זענען געווען רוסן און ליטווינער. אין די רייען פון דער דיוויזיע האָט מען אָבער גערעדט ייִדיש, און די אַטמאָספער איז געווען אַ ייִדישע.

ווי אַזוי ווילענסקי האָט באַקומען די העכסטע סאָוויעטישע אויסצייכענונג האָט אונדז דערציילט זייַן זון אריה ווילענסקי, איצט אַ הויכער אָפיציר אין צה"ל:
"אין האַרבסט 1944 האָבן אָפּטיילונגען פון דער סאָוועטישער אַרמיי באַוויזן צוריקשטויסן די דייַטשן כמעט פון גאַנץ ליטע. בלויז אין פּאָרט מעמעל (קלייפּעדאַ), אויפן באַלטישן ברעג, זענען נאָך געבליבן גרויסע דייַטשע כוחות. כדי צו האַמעווען

די סאָוויעטישע אָפּענסיווע איז אָהין אַראָפּגעבראָכט געוואָרן דער ס.ס.־קאָרפּוס "הערמאַן געהרינג" וואָס האָט סטאַציאָנירט אין וואַרשע און איז באַטראַכט געוואָרן ווי איינע פון די בעסטע דײַטשע אַרמייען. דעם 12טן אָקטאָבער האָט די אַרמיי מיט פאַרשטאַרקטע אָפּטיילונגען פון טאַנקען און אַרטילעריע אָנגעהויבן די אָפּענסיווע אויף דער סאָוועטישער אַרמיי וואָס האָט געלאַגערט פון אַלע זײַטן. דער אינפאַנטעריע־פּאָלק 249 אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַיאָר ווילענסקי האָט באַוויזן אויסצוהאַלטן צוויי מעת־לעת און נישט קאַפּיטולירט פאַר די כסדריקע דײַטשישע אַטאַקעס. דאָס איז געווען אַ מלחמה פון מעטים קעגן רבים, אויף לעבן און טויט. אויך דער קאָמענדאַנט איז געוואָרן פאַרוווּנדעט, אָבער לסוף האָט ער באַוויזן גובר־זײַן דעם שונא. אַ שווער פאַרוווּנדעטער האָט ווילענסקי געלאָזט די דײַטשע זעלנער וואָס נעענטער צוקומען צו דער פּאָזיציע. וואָס איז געווען אין זײַן באַזיץ און געעפנט אויף זיי אַ פײַער ערשט ווען זיי זענען געווען גאָר נאָענט. ווילענסקי אַליין האָט מיט זײַן מאַשין־געווער אַזוי דערשאָסן 37 דײַטשן און באַשעדיקט פּיל טאַנקען וואָס זענען אַרויס פון קאַמף. די דײַטשן האָבן זיך בלית ברירה צוריקגעצויגן. ווילענסקי מיט זײַנע ווייניקע זעלנער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן פון די עדות־דערקלערונגען פון די געפאַנגענע, אַז די דײַטשן האָבן אין דער שלאַכט פאַרלוירן מער ווי אַ העלפט פון זייערע כוחות און פאַר דעם האָט ווילענסקי באַקומען די העכסטע אויסצייכענונג פון דער סאָוועטישער אַרמיי: העלד פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

דער אמת איז — גיט צו רחל ווילענסקי, די פרוי פון אַריה, — אַז וואָלף ווילענסקי האָט באַקומען צוויי מאָל די דאָזיקע העכסטע אויסצייכענונג. דאָס פּראָבלעם האָט זיך בלויז דערוועקט ווען עמעצער אין העכסטן סאָוויעט, וואָס באַשטעטיקט אָפיציעל די אויסצייכענונגען, האָט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט ווי איז דאָס געמאָלט אַז דווקא אַ ייִד זאָל באַקומען צוויי מאָל די העכסטע סאָוויעטישע אויסצייכענונג.

דער זון אין ישראל מיט זײַן משפחה, וואָס לעבט אין ראשון לציון האָט אין די לעצטע צען יאָר כמעט יעדע וואָך געקלונגען קיין ווילנע, רעדן מיט די עלטערן, מיט דער האָפענונג צו הערן די בשורה, אַז זיי האָבן שוין באַקומען די געגאַרטע אַרויספאָר־דערלויבעניש. סײַ וואָלף ווילענסקי סײַ זײַן פרוי שייִנע זענען קראַנקע מענטשן, און אָנהייב זומער האָט וואָלף דורכגעמאַכט אין ווילנער שפּיטאָל אַן אָפּעראַציע אויף די נירן. צו דער משפחה קיין ישראל האָט ער געשריבן, אַז ער האָט מסכים געווען דורכצומאַכן אַזאַ שווערע אָפּעראַציע "בלויז כדי געזונט צו ווערן און קאָנען אײַך אין גיכן זען אין ישראל".

די ידיעה, אַז ער האָט ענדלעך באַקומען די דערלויבעניש האָט דערפרייט די גאַנצע משפּחה. דאָס איז נישט געווען קיין לײַכטע זאַך, און עס זענען בויטיק געווען אַ סך אַ סך אינטערווענצן אין משך אַ צענטליק יאָר די סאָוויעטן זאָלן

דערלויבן דעם אַרויספאָר פון נאָך אַ העלד. אין גאַנצן האָבן 144 ייִדן* באַקומען אַזאַ אויסצייכענונג און בלויז דרײַסיק פון זיי זענען בײַם לעבן. דרײַ פון זיי זענען ייִדן פון ווילנע, און ווילענסקי איז דער דריטער ייִד פון די אויסגעצייכנטע וואָס האָט באַקומען די אַרויספאָר־דערלויבעניש.

וואָלף און שיינע ווילענסקי זענען ענדלעך אָנגעקומען אין לאַנד מיטברענגענדיק מיט זיך בלויז אַ קליינע וואַליזע מיט וואָלפס איבער דרײַסיק אויסצייכענונגען און מעדאַלן, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זײַן העלדישן דינסט אין משך פון דרײַסיק יאָר אין דער סאָוועטישער אַרמיי. דאָ האָט ער אויך באַוויזן, נישט געקוקט אויף זײַן שווערן געזונט־צושטאַנד, זיך צו באַטייליקן אין וועלט־צוזאַמענפאָר פון ייִדישע קעמפער וואָס איז פאָרגעקומען אין אָקטאָבער אין ירושלים, און זיך באַגעגנט מיט הונדערטער באַקאַנטע מיטקעמפער וואָס האָבן געדינט אונטער זײַן קאָמאַנדע וואָס לעבן און האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אין ישראל. צווישן זײַנע פיל משפחה־מיטגלידער האָט ער אויך געטראָפן אַן אייניקל — די 15 יעריקע יהודית מיט וועלכער ער האָט די גאַנצע צײַט אָנגעהאַלטן אַ פאָסט־פאַרבינדונג צושרײַבנ־דיק יעדעס מאָל די ווערטער "מײַן בליק איז געווענדט צו אײַך"...

(לויטן "מעריב")

* לויט די לעצטע סטאַטיסטישע אָנגאַבן — 147. זע דעם בוך אין רוסיש "יעווריי — געראָי סאָוויעטסקאָוואַ סאָיוזאַ" (יידן — העלדן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד") פון גרשון שפּירא. תל־אביב 1982.

רעדאַקציע

# לייבוש בענדאַוווסקי

## פּאַקטן און ציפערן

אין רוסלאַנד פאַרשווּעכט מען, אָדער אין בעסטן פאַל — פאַרשווייגט מען, — דעם אויס־נאַמלעכן העראָיזם פון יידישן פאָלק, בעת דער 2טער וועלט־מלחמה אין די שלאַכטן קעגן די נאַציסטישע מערדער־אַרמייען. אויך אין די אָפיציעלע "אַנטיציוניסטישע" פּוב־ליקאַציעס דייט מען אָן גאַנץ דורכזיכטיק, אַז "יידן האָבן געקעמפט קעגן דייטש אין . . . טאַשקענט" . . . אָבער ציפערן און פּאַקטן, — די מערהייט באַשטעטיקטע, אין זייער צייט, אויך פון דער סאָוועטישער אויבער־קאָמאַנדשאַפט — דערציילן וועגן גאָר עפּעס אַנדערש: אַנדערטהאַלבן מיליאָן סאַלדאַטן און אָפיצירן האָבן געדינט אין די אַנטיהיטלערישע אַרמייען פון רוסלאַנד, אַמעריקע, קאַנאַדע, פראַנקרייך, פּוילן, בעלגיע, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויע, האָלאַנד און אַנד.

פון אַ האַלבן מיליאָן יידן־שלאַכטלייט אין דער סאָוועטישער אַרמיי זענען באַלוינט געוואָרן מיט אָרדענס און מעדאַלן פאַר זייערע העלדישקייטן העכער 70 טויזנט, צווישן זיי האָבן באַקומען די העכסטע אויסצייכענונג — "העלד פון סאָוועטן־פאַרבאַנד" — הונדערט זיבן און פערציק סאַלדאַטן און אָפיצירן. אויך אין די געטאָס און לאַגערן האָבן יידן, ביי דער מינדסטער מעגלעכקייט, געקעמפט קעגן די דייטשישע רוצחים. זיי האָבן זיך געראַנגלט אין די געטאָס וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט, זיי האָבן אָרגאַניזירט און באַטייליקט זיך אין אויפשטאַנדן אין די טויט־לאַגערן טרעבלינקע, סאָביבאָר, אוישוויץ, 9טער פאָרט און אין צענדליקער קלענערע געטאָס און טויט־לאַגערן.

אין אָקטאָבער 1983 זענען געקומען קיין ירושלים פאַרשטייער פון 14 לענדער — מלחמה־און ווידערשטאַנד־וועטעראַנען. זיי זענען געקומען זיך באַטייליקן אין אַ פייערלעכן צוזאַמענקום בכדי צו באַערן דעם אָנדענק פון די הונדערטער טויזנטער געפאַלענע יידן — אַנטינאַצי־קעמפער.

*

סוף אָקטאָבער 1983 איז נישט ווייט פון אַשקלון געפלאַנצט געוואָרן אַ וואַלד לזכר די געפאַלענע אין שלאַכט קעגן נאַציזם 200 טויזנט יידיש־סאָוועטישע זעלנער, אָפיצירן און גענעראַלן, צווישן זיי — 52 העלדן פון ס"פ.

דער וואַלד איז געפלאַנצט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון ישראל־פאַרבאַנד פון שלאַכטלייט, פּאַרטיזאַנער און קריגס־אינוואַלידן פון דער אַנטינאַצי־מלחמה.

*

צוזאמען מיט וואלפקע ווילענסקי וווינען ביי היינטיקן טאָג אין מדינת ישראל נאָך צוויי העלדן פון סאָוועטנפאַרבאַנד: פעלזענשטיין ירחמיאל (מיליאַ) און קלמן שור.

כדי זיך דורכברעכן און עולה זיין קיין ישראל האָבן זיי באַדאַרפט זיין באמת צוויי מאָל העלדן פון יידישן פאָלק.

אין קומענדיקן אַלמאַנאַך־נומער וועלן מיר פאַרעפנטלעכן קורצע ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען וועגן אונדזערע דריי גיבורים.



## נײַע ביכער

שמעון הלקין (מהדיר) — משירת שמואל הלקין, תרגומים מיידית. דאָס איז אַ זאַמלונג לידער און פראַגמענטן פון דראַמאַטישע פאָעמעס פונעם יידישן דיכטער אין ראַטנפאַרבאַנד שמואל האַלקין ז״ל, צונויפגעשטעלט און אליין איבערזעצט (30 פון 74 איינסן!) דורכן באַוווסטן העברעישן פאָעט, פראָפ שמעון האַלקין. פאַרזען מיטן בילד פון מחבר, מיט ״ביאָ־ביבליאָגראַפישע עיקרים אי־נעם לעבן פון שמואל האַלקין״ און מיט אַן אַרײַנפיר פון שמעון הלקין. פאַרלאַג ״עקד״ תל־אביב, תשמ״ב—1982. 132 ז״ז. ווייכער איינבאַנד.

י. צ. רימון — לידער. אַרײַנפיר פּרופ׳ דב סדן. איבערזעצט פון עברית: י. בערקמאַן. פאַרלאַג ״ישראל־בוך״ תל־אביב, 1983. 104 ז״ז.

ביי דער געלעגנהײַט באַגריסן מיר אונדזער מיטאַרבעטער דעם פאָעט יונה בערקמאַן מיט זייער געלונגענע איבער־זעצונגען פון רימונס דיכטונג.

# אויף דער וואַך פון זכּרון.

זאַמי פעדער

## מיין תפילה

אין די קינדעריאָרן מײַנע, ווען איך דערמאָן זיך, ווי מיר האָבן אין חדר, שבֿועות־צײַט, געלערנט "אַקדמות" און דערבײַ אויסגעזונגען מיט אונדזערע קינדערשע קולעכלעך — די געוואַלטיקע צאָל שרײַבערס, פּענעס און טינט, וואָס מען וואָלט באַדאַרפֿן האָבן, כּדי צו באַשרײַבן — די אימפּאָזאַנטע גרויסקייט און הערלעכקייט פֿון "אַדושם".

אין דער דער דעמאָלטסדיקער צײַט האָב איך די דאָזיקע שילדערונג — פֿון דעם אומגעהייערן פאַרנעם פֿון דער צאָל שרײַבערס, פּענעס און טינט, כּדי צו באַשרײַבן די אײַנדרוקספֿולע גרויסע געטלעכקייט, נישט געקאָנט באַנעמען.

הײַנט נאָך דער שואה־תּקופֿה (1933—1945), זענען די אַלע צאָלן און ציפֿערן, וואָס איך פֿלעג דעמאָלט אויסזינגען אין "אַקדמות", געוואָרן ווייניק און נישטיק אין פֿאַרגלײַך צו דער צאָל לײַדן און פּײַן, וואָס דאָס ייִדישע פֿאָלק איז אויסגעשטאַנען אין דער היטלער־תּקופֿה און לײַדן נאָך הײַנט פֿון דער דאָזיקער שרעקלעכער צײַט און וועלן נאָך לײַדן פֿיל, פֿיל דורות.

אין חדר האָבן מיר געלערנט "אַקדמות" זינגענדיק און פֿריילעך, הײַנט קלאָג איך אויס מײַן "אַקדמות" צו מײַן באַשאַפֿער — דעם "אַקדמות" פֿון אונדזער גרויסן ווײ און בראָך.

"גרויסער האַר, אַקדמות מילין — איידער איך באַגער צו רעדן וועל איך צוערשט פֿון דיר מיין האַר, נעמען אַ דערלויבניש און אַ רשות.

אוי, מײַן האַר, באַשאַפֿער פֿון דער וועלט, לאָז מיך אויסקלאָגן פֿאַר דיר מײַן צעווייטיקט און פֿאַרבלוטיקט האַרץ. דו, מײַן האַר, האָסט הימל און ערד באַשאַפֿן; דו האָסט די זון, די לבֿנה און די שטערן באַשאַפֿן; דו האָסט פֿײַער און וואַסער באַשאַפֿן; דו האָסט דאָס ווערעמל און די חיה באַשאַפֿן; דו האָסט דעם מענטשן און די פֿעלקער באַשאַפֿן; אויך אונדז — דײַן געליבט פֿאָלק ישׂראל, האָסט דו באַשאַפֿן. גרויסער האַר מײַנער, גרויס זענען אַלע דײַנע שאַפֿונגען. דו האָסט סײַ גוטס און סײַ

שלעכטס באַשאַפן — דו האָסט דעם גוטן מלאך און דעם שטן באַשאַפן, אויך אַדאָלף היטלער י״ש איז דײַן שאַפונג, מײַן האַר.

דערפאַר קלאָג איך אויס פאַר דיר, מײַן האַר, דעם גרויסן בראָך אונדזערן — די פּײַן און די לײַדן, וואָס דײַן שאַפונג אַדאָלף היטלער י״ש האָט אָנגעטאָן דײַן געליבט פאָלק ישראל. ווי נעמט מען אַזאַ פאַנטאַסטישן ״אקדמות״ מיט די אומגעהײַערע נישטבאַנעמענדיקע צאָלן און ציפערן, כדי דאָס אַלץ צו באַשרײַבן ?... די מענטשן פון דער וועלט, וואָלטן באַדאַרפן טויזנטער דורות לאַנג זײַן בלויז שרײַבער, כדי צו קאָנען באַשרײַבן די אַלע אַכזריותדיקע פאַרפּײַניקונגען און לײַדן פון אַ יעדן איינציקן י:ד, מיט די כל מיני גזירות און מיתות משונות — פון אויסהונגערן, הענגען, שיסן, פאַרגאַזן, אָדער גלאַט פאַרפּײַניקן צום טויט און דאָס גרויס און קליין — טאַטעס, מאַמעס, ברידער, שוועסטער, זין און טעכטער, קינדער, קליינע קינדער און עופהלעך וואָס זענען ערשט אַרויס פון זייער מאַמעס טראַכט. די נאַציס האָבן זיי בײַ זייערע קינדערעשע פּיסעלעך אָנגעכאַפּט, און מיט אַ טײַוולאָניש־לאַכנדיקן פּרצוף, די קעפּעלעך פון די דאָזיקע אומשולדיקע עופהלעך אין דער וואַנט צעשמעטערט, אַז דער אַרויסגעשפּריצטער מוח און בלוט זייערס האָט דעם נאַציס שמוציק הירזשענדיקן פּרצוף באַשפּריצט.

גרויסער האַר מײַנער, דײַן גיהנום איז אַ גן־עדן אַקעגן דעם, וואָס דאָרט איז דעמאָלט געווען.

אוי, האַר מײַנער, דײַן פאָלק ישראל האָט דיך, דורך די צוויי טויזנט יאָר גלות־אַפּריכטן און קידוש השם, קיין מאָל נישט פאַרראַטן. דרײַ מאָל אין טאָג דיך געלויבט און צו דיר תפילה געטאָן.

אתה בחרתנו מכל העמים — דו האָסט אונדז אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער.

אהבת אותנו — דו האָסט אונדז ליב.״

גרויסער האַר מײַנער, דײַן געליבט פאָלק ישראל האָט דיך אין די ערגסטע געטאָ־ און קאָצעט־יאָרן נישט פאַרגעסן — אויך נישט, ווען מען האָט זיי פאַרפּײַניקט, דערשאָסן, געהאָנגען, פאַרגאַזט, אָדער מיט אַנדערע מיתות משונות דערמאָרדעט. זיי האָבן אין זייער נויט צו דיר, מײַן האַר, גערופן — אויסשרײַענדיק: ״שמע ישראל, ד׳ אלוקנו, ד׳ אחד!״ — נאָר דו, מײַן האַר, האָסט געשוויגן — דײַנע ״שערי שמים״ זענען געווען פאַרמאַכט — עס האָט קיינער דעם לעצטן ״שמע ישראל!״ נישט געהערט; און אויב יאָ, איז דער ״שמע־ישראל־געשריי״ פון קרבן אין זײַן אייגן בלוט דערטרינקען אָדער דערשטיקט געוואָרן.

גויל אילו רקיע קני כל חורשתא...

ווען אַלע דײַנע הימלען וואָלטן געווען פאַרמעט און אַלע וועלדער וואָלטן געווען פענעס; אַלע ימים, טײַכן און קוואַלן וואָלטן געווען טינט, אַלע ערד־אײַנוווינער וואָלטן געווען שרײַבערס — וואָלט עס נישט געסטײַעט צו באַשרײַבן די לײַדן און פּײַן פון דײַן פאָלק ישראל.

גרויסער האַר, אין די תפילות שטייט געשריבן, אַז דו ביסט אַן אל רחום וחנון — טו איך תפילה צו דיר, מײַן האַר, דערהער מײַן געבעט — לא על צדקותינו

אנחנו מפילים תחנונינו לפניך, כי על רחמך הרבים — טאַ, בעט איך דיך, מײַן האַר, גיב מיר כוח, געזונט און יאָרן, צו קאָנען כאָטש אַ קליין ביסעלע פאַרשרײַבן, דאָס, וואָס איך, אויך אײנער פון דײַן פאָלק ישראל, איז אַדורכגעגאַנגען, וואָס דאָס איז בלויז אַ קלײנטשיק טראָפּעלע אינעם געוואַלטיקן גרויסן ים פון צרות און פּײַן, אין דאָזיקן עמק־הבכא פון דער שואה־צײַט.

גרויסער האַר, איך וואָלט באַדאַרפן זײַן אַ "ירמיהו הנביא" און האָבן די כוחות פון אַ "שמשון הגיבור" און די יאָרן פון אַ "מתושלח", כדי צו קאָנען אויסקלאָגן און פאַרשרײַבן, כאָטש אַ קלײנעם טייל פון די דאָזיקע לײַדן און פּײַן. טאַ בעט איך דיך, מײַן האַר — עפן אויף דײַנע שערי שמים פאַר מײַן געבעט — העלף מיר, איך זאָל קאָנען מײַן ווילן אויספירן. און זאָלן די דאָזיקע פאַרצייכענונגען מײַנע בלײַבן צווישן די אַנדערע שואה־ספרים און וויי־געשרייען פאַר די קומענדיקע דורות — צו געדענקען דעם פסוק: "זכור את אשר עשה לך עמלק־היטלר!"

הרצליה, י"ב שבט תשמ"ב (5טער פעברואר 1982)

## נײַע ביכער

**אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן** — "ביראָ־בידזשאַן פון דער נאָענט". זכרונות, געשעענישן, פּערזענלעכקייטן. אַרויסגעגעבן דורכן ליטעראַטור־פאָנד א"נ פון ד"ר שמואל און רבקה הורוויץ ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים. פאַרלאַג ה. לייוויק, תל־אביב 1983. 224 ז"ז.

**בנימין לובעלסקי** — "יידן אין שפּאַנישן בירגערקריג", פאַרצייכענונגען פון אַ יידישן פרייוויליקן. ה. לייוויק־פאַרלאַג. תל־אביב, 1984, 266 ז"ז.

**יאָסל לערנער** — "לידער און מעשהלעך מיט אַ גוטן מיין". ה. לייוויק־פאַרלאַג, ת"א, 1983. 128 ז"ז.

**שלמה רויטמאַן** — "לירישער אָטעם". צווייטער באַנד, סאָנעטן. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, ת"א 1984. 128 ז"ז.

**אשר שטשוטשינסקי**—"האַרבסטיקער שניט". דערציילונגען. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, ת"א, 1983. 251 ז"ז.

**מאיר יעלין** — "באָרוועס איבער שניי". דערציילונגען. ה. לייוויק־פאַרלאַג, ת"א, 1984. 254 ז"ז.

**חיים ראַפּאַפּאָרט** — "אין די לאַבירינטן פון גורל". דערציילונגען. פאַרלאַג י. ל. פּרץ. ת"א, 1983. 271 ז"ז.

## יוסף ראָגעל (מאָנטרעאָל)

### ווידוי

איידער איך וועב אויס מײַנע שורות
סײַ בײַ נאַכט,
סײַ בײַ טאָג —
איז אַ תּפֿילה צו גאָט
ס׳ערשטע וואָס איך זאָג.
און — נאָר פֿון ווערטער
וואָס בליען אויף אין מײַן נשמה —
סײַ אין חלום,
סײַ בעת איך בין וואַך —
וועב איך אויס לידער
צאַרטע, שטילע
און — נישט קיין סך . . .
ווײַל : —
יעדעס וואָרט איז פֿון גאָט אַליין באַשערט
און קיין שום איבעריק וואָרט
טאָר נישט זיין געמערט . . .

(פֿון דער סעריע: ״תּפילות אין אָוונט״).

### קום און לאָמיר גיין

קום און לאָמיר גיין !
ס׳וועט קיינער נישט הערן . . .
כ׳וועל פֿון מײַן העמד אַ שטריק דרייען ;
אָט-אַ דאָרט בײַם סלופּ, וועל איך דעם שטריק פֿאַרדרייען.
איך — מיטן פּנים אויסגעדרייט ;
דו — וועסט דעם שטריק ציען . . .
קום און לאָמיר גיין !
כ׳וועל מײַן שטיקל ברויט

בײַ דער זײַט אַנידערלײגן;
ס׳וועט אַ הונגעריקער זיך קוויקן.
איך וועל גליקלעכער זײַן —
כ׳וועל שלאָפֿן,
שלאָפֿן . . .
ס׳שלאָפֿט מײַן היים שוין אויך אַזוי.
ס׳שלאָפֿט שוין ס׳גאַנצע הויזגעזינד.
נאָר די וועט אין אונדזער הויז וויינען,
וואָס זיי זענען אַן לשון געבוירן? . . .

(פֿון דער סעריע: "ווידוי פֿון אַן אוישוויץ־נומער".)

## אַ טרויעריק ליד

אַ טרויעריק ליד איז מײַן פּנים.
צוויי קוואַלן טרערן — מײַנע אויגן;
זיי דערציילן
אַלע סודות פֿון מײַן לעבן.
די קנייטשן אויף מײַן שטערן —
אַ שריפֿט,
וואָס נאָר איך אַליין פֿאַרשטיי.
און — אפֿשר נאָך —
איין מלאך, אָדער צוויי . . .



ש. בר עוזי

# פון מיינע זכרונות

צוריק מיט עטלעכע טעג איז אָנגעקומען נאָך איין עטאַפּ פון מזרח אין דער צאָל פון ביז 200 מענטשן. מיר האָבן שוין פון פריִער געוווּסט וועגן דעם, ווײַל סע זענען פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן ערטער אין פאַרשידענע באַראַקן פון אונדזער לאַגער אויפן חשבון פון "צוזינויפרוקן" און אײַנפּרעסן זיך אין דער. אַזוי אויך, ענגשאַפט.

ווען דער עטאַפּ איז אָנגעקומען האָבן מיר זיך, ווי יעדעס מאָל, געלאָזט צום טויער, אָוועקגעשטעלט זיך פון ביידע זײַטן און צוגעקוקט צו דעם נײַעם "קאָנ־טיגענט" — אפשר וועט מען טאַקע דערזען עמעצן פון אייגענע וואָס מען האָט אויך צוגענומען? דער גאַנצער עטאַפּ איז באַשטאַנען פון עלטערע מענטשן, אָפּ־געשוואַכטע, דיסטראָפיקעס, קאַליקעס וואָס האָבן זיך קוים געשלעפּט מיט זייערע אָרעמע קלומעקלעך, כמעט באָרוועסע, אָנגעטאָן אין אַלטע געלאָטעטע קליידער. אַ טייל, וואָס האָט שוין קיין כוח ניט געהאַט זיך באַוועגן האָט מען געבראַכט צופירן אויף פּירלעך אײַנגעשפּאַנט אין פערד (פאַר דער צײַט פון מײַן געפינען זיך אין דעם אינוואַלידן־לאַגער איז דאָס געווען נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער עטאַפּ).

אויב אין יענע צײַטן האָבן זיך אויף דעם צענטראַלן סיבירער אײַזנבאַן־מאַגיסטראַל אָן אויפהער געטראָגן, איינער נאָכן צווייטן, עשעלאָנען אָנגעפּאַקטע מיט אַרעסטירטע אין דער ריכטונג פון מערב קיין מזרח אָדער צום ווײַטן צפון־מזרח — איז דער עטאַפּ, להיפך, אָנגעקומען פון ווײַטן מזרח (מיר האָבן זיך געפינען נאָר עטלעכע קילאָמעטער פון דער צענטראַלע אײַזנבאַן־ליניע אַ ביסל מערבדיקער פון דער סיבירער שטאָט קראַסנאָיאַרסק).

יעדער נײַ־אָנגעקומענער עטאַפּ רופט אַרויס בײַ דער לאַגער־באַפעלקערונג אַ שטיקל אויפלעבונג — נײַע באַקאַנטשאַפט, שמועסן, אויספרעגענישן וועגן באַקאַנטע, וועגן לעבן אין די אַנדערע לאַגערן, צאָל אַרעסטירטע, אַרבעט, די גרויס פון די "פּײַקעס" ברויט און נאָך פיל פראַגן אָן אַ סוף, אָבער דאָס געדויערט נישט לאַנג. נאָר אין עטלעכע טעג אַרום ווערט מען שוין צוגעוווינט צום "סדר היום" און גלײַך ווי מען וואָלט שוין יאָרן דאָ אָפּגעווען צוזאַמען.

אַזוי ווי אַלע פריערדיקע, אַזוי אויך איז דער איצטיקער עטאַפּ "פאַנאַנדער־געשטופּט" געוואָרן אין די פילצאָליקע באַראַקן און אַ טייל קראַנקע — אין שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון לאַגער און מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט די

הארציקע מאַמע־דאָקטאָרן ברוסקינאַ עלאַ גריגאָריעוונאַ אַן אָפּשטאַמיקע פון וויניצע, וועלכע האָט אויך באַקומען אירע 10 יאָר.

אויף צו מאָרגנס נאָכן אָנקומען פונעם עטאַפּ ווערן די מענטשן דורכגעזיפּט און אויסגעסאָרטירט דורך אַ ספּעציעלער קאָמיסיע מיטן אָנטייל פונעם לאַגער־דאָקטאָר און פאַרשטייער פונעם סאַניטאַר־אָפּטייל. די אַרעסטאַנטן וואָס האָבן נאָך כאָטש אַ קליינע מעגלעכקייט עפּעס צו טאָן (לויטן געזעץ "ווער עס אַרבעט נישט — האָט נישט קיין רעכט אויף עסן") — ווערן זיי פאַנאַנדערגעטיילט אין פאַרשידענע בריגאַדעס, וואָס אַרבעטן אין די פּראָדוציר־צעכן פון גרינגע אויסאַרבעטונגען. דאָס שוין אַנגעוויזענע געזעץ איז חל אויך אויף אַזעלכע אַלטע לײַט, וואָס פיל פון זיי באַוועגן זיך קוים. וואָס אַן אמת, איז אין באַימער אינוואַלידן־לאַגער נישט געווען קיין שווערע פיזישע אַרבעט פאַר אינוואַלידן (ביז צו דער מלחמה אין יאָר 1941).

אויך אין דעם לאַגער, אפילו בײַ גרינגער אַרבעט איז די שטערבלעכקייט געווען גרויס אויפן חשבון פון די אַלטע לײַט און גרויסער צאָל דיסטראָפיקער וואָס האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט ווי שאָטנס איבער דער זאָנע.

דער "סטאַראָסטע" פון אונדזער באַראַק אַבאַסאָוו אַלי — אַלעקסאַנדער וואַסילע־וויטש, וואָס איז אויף דער פרײַ געווען דירעקטאָר פון אַ טעאַטער אין דער שטאָט באַקו און אויך פאָלקס־אַרטיסט פון אַזערבײַדזשאַנער רעפּובליק, האָט פאַראָרדנט זיך אַ ביסל "צונויפרוקן" און מאַכן פּלאַץ פאַר אַ "צענדליק פון נײַ־געבראַכטע אינוואַלידן פון לעצטן עטאַפּ. אין אונדזער באַראַק האָבן זיך געפינען מער ווי 150 מענטשן האַבנדיק 2 שטאָקיקע נאַרעס אַן שעניקעס (מאַטראַצן). מ'האָט אונטער־געשפּרייט וואָס איינער האָט פאַרמאָגט.

איינער פון די נײַ־אָנגעקומענע אין אונדזער באַראַק איז געווען גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש ק. אַן אָפּשטאַמיקער פון דער שטאָט אָרדזשאָניקידזע אויף צפון־קאַווקאַז. ער איז געווען אַ קאַליקע און נישט אַרויסגעלאָזט דעם שטעקן פון זײַן האַנט. מ'האָט אים געגעבן אַן אָרט נישט ווײַט פון מיר, ווו איך בין געלעגן בשכנות מיטן הארציקן אַלטיטשקן יודל בן שלמה פײַנשטיין (אַ ייִד פון שטעטעלע קאָפּעל אין ווײַסרוסלאַנד), וועלכער האָט אויך באַקומען 10 יאָר פאַר "אַגיטאַציע", ווײַל ער האָט אַ מאָל, פאַרן קריג, געהאַלטן אַ בודקע (געוועלבל) פון לעדער און דערפאַר "געקרוינט" געוואָרן מיטן נאָמען נעפּמאַן", אָפּגעוועזן זײַן טערמין "פון גלעקל ביזן גלעקל", פּינקטלעכער — פון 18־טן יולי 1937 ביזן 18־טן יולי 1947. ער לעבט נאָך איצטער אין טיפן עלטער. דאָס אָרט איז געווען בײַם עק פון דער נאַרע ווי ס'האָט אויך געהאַט זײַן אָרט דער באַראַק־סטאַראָסטע אַבאַסאָוו. מיר האָבן זיך אַלע אינטערעסירט מיטן נײַ־אָנגעקומענעם גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש, וועלכער האָט אַרויסגערופן פאַר זיך סײַ סימפּאַטיע און סײַ מיטלייד ווען ער האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן זײַן פּײַנפולן וועג, ביז ער איז אָנגעקומען צו אונדז אין באַימער אינוואַלידן־לאַגער אַדורכמאַכנדיק די טראַגעדיע פון וולאַדיוואָסטאָקער דורכגאַנגס־לאַגער (פּערעסילקע).

וואָס האָט ער דערציילט ?

אין דער ווײַטמזרחדיקער שטאָט וולאַדיוואָסטאָק איז געווען איינער פון די גרעסטע אויפן ווײַטן מזרח אײַנטיילונגס-לאַגערן — אַ "פּערעסילנע-פּונקט" פאַר אַרעסטאַנטן, וועלכע האָט "געליפערט" אַרעסטאַנטן פון גאַנצן לאַנד צום צפון-מזרח און פון דאָרט מיט די שיפן ביז צו די ברעגן פון דער ווײַטער קאָלימאַ-געגנט דורכן יעגער־ים און ווײַטער נאָך צו די הרי חושכדיקע געגנטן, ווו די נעץ פון די קאָנצענטראַציע־און אויסמאַטערונגס-לאַגערן איז גוואַלדיק גרויס. פון מערב, דורך דער צענטראַלער סיבירער אײַזנבאַן-מאַגיסטראַל זענען כסדר, און אָן אויפהער, בײַ טאָג און בײַ נאַכט, אָנגעקומען לאַנגע עשעלאָנען אָנגעפּאַקטע מיט פאַרמישפּטע אַרעסטאַנטן אין דעם אָנגעוויזענעם אײַנטיילונגס-פּונקט "פּערעסיל-קע", וועלכע האָבן געדאַרפט איבערגעשיקט ווערן ווײַטער מיט די שיפן. די שטאָט מאַגאַדאַן בײַם ברעג פון יעגער־ים האָט זיך שוין דעמאָלט געבויט מיט דער הילף פון די הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פאַרמישפּטע אַרעסטאַנטן-שקלאַפן, וועלכע האָבן אויך איינצײַטיק געבויט די גרעסטע שטעט און זאַוואָדן אין די ווײַטע געגנטן ווי קאָמסאָמאָלסק, נאַכאָדקע, צפונדיקע שטעט און ניקל-גרובן פון דודינקאָ און נאָרילסק און פיל פיל נאָך גרעסערע שטעט און פאַרשידענע "גרובנס". (די געקומענע האָבן געוווסט צו דערציילן אַז נאָר די שטאָט קאָמסאָמאָלסק (וועלכע ס'האָבן כלומרשט געבויט קאָמסאָמאָלצעס) שטייט אויף אַ פערטל מיליאָן סקעלעטן אומגעקומענע דאָרט אין דער צײַט פון בויונג אין יענער מאָרד־תקופה). צוליב די גרויסע פרעסט וואָס האָבן אין יענעם ווינטער געהערשט — איז דער יעגער־ים פאַרפרוירן געוואָרן און די שיפן האָבן זיך נישט געקאָנט דורכשלאָגן צו די קאָלימאַ־ברעגן. מען האָט געוואָרט... נישט געוואָרט אָבער, האָבן די אָנגע-שטאָפּטע מיט אַרעסטאַנטן עשעלאָנען, כסדר אונטערגעיאָגטע דורך די אונטערשטע עשעלאָנען וואָס האָבן געשטראָמט נאָך זיי אָן אויפהער. נישט נאָר די ב'ק'וו'ד' האָבן געהאַט פּלענער וואָס מען האָט באַדאַרפט אומבאַדינגט אויספילן. אויך די אײַזנבאַנער האָבן געהאַט זייערע פּלענער, שטרעבנדיק איבערפילן זיי, ווערן סטאַכאַנאָווצעס און אפשר אויך ראַפּאָרטירן סטאַלינס מיטהעלפער דעם "כאָוער" קאַגאַנאָוויטש, וועלכער האָט דאַן אָנגעפירט מיט דער אײַזנבאַן-נעץ אין לאַנד, ראַפּאָרטירן וועגן גרויסע דערגרייכונגען בײַט איבערפירן "לאַדונגען מיט אַ פאַר-גיכערטן טעמפּ".

דער צעטיילונגס-לאַגער — "פּערעסילקע" אין וולאַדיוואָסטאָק, האָט אַלעמען אײַנגעשלונגען. דאָס ענגשאַפט אין די באַראַקן איז געווען שרעקלעך. מען האָט כסדר און אָן אויפהער צוגעבויט נײַע באַראַקן און אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. אַ טייל אַרעסטאַנטן זענען דאַן אָפּגעשיקט געוואָרן אין די לאַגערן וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרומיקע געגנטן און פאַרנומען זיך מיט בויען און נאָך אַ מאָל בויען (אײַנשליסנדיק אויך די "יידישע" געגנט ביראָ-בידזשאַן). אָבער אויך דאָס העלפט נישט. די צאָל געבראַכטע פאַרמישפּטע אַרעסטאַנטן אין וולאַדיוואָסטאָקער צעטיילונגס-לאַגער — "פּערעסילקע", האָט שוין דערגרייכט פיל פיל צענדליקער

טויזנטער און קיין אויסוועג האָט מען נישט געפונען. מען האָט אַלץ געוואַרט ביז ס׳וועלן אָנקומען מעכטיקע אײַזנבערעכער און דורכפירן די שיפן געלאָדענע מיט דער אָנגעזאַמלטער מענטשן־מאַסע דורכן פאַרפרוירענעם יעגער־ים צו די ברעגן פון מאַגאַדאַן און קאָלימער קאַנט.

ביז ס׳איז אָנגעקומען הילף פון יעזשאָווס אַדמיניסטראַציע — האָט זיך אין דעם צעטיילונגס־לאַגער פון וולאַדיוואָסטאָק, אָנגעשטאָפּט מיט דער גרויסער מענטשן־מאַסע, האָט זיך באַוויזן דער ״אויסלייזער״ — אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן לאַגער מיט זיין באַפעלקערונג...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע מאַסן־שטערבלעכקייט. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. דאָס האָט אַ ביסל ״פאַרגרינגערט״ די זאָרג פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע אין דער פראַגע פון אָפּשיקן די לעבעדיקע קרבנות ווײַטער אויף צפון אין די לאַגערן.

ווי עס האָט ווײַטער דערציילט גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש — ביז 30 בריגאַדעס פון דעם איבערגאַנגס־לאַגער האָבן זיך פאַרנומען נאָר מיט גראָבן גריבער פאַר די ״בערג״ מיט מתים, וואָס זענען כסדר אָנגעפּולט געוואָרן מיט נײַ־געבראַכטע, וואָס האָבן זיך ״אָפּגעטראָגן״ פון די שטיקנדיקע באַראַקן און באַדאַרפט דאָ געבראַכט ווערן צו ״קבורה״ אויף דעם, אַזוי גערופענעם, ״בית הקברות״. צו איז עמעצער בכוח געווען פאַראייביקן דאָס שוידערלעכע בילד פון אַזאַ פאַלקס־מאַרד און הפקרות אונטער דער אָנפירונג פונעם ״אַלמעכטיקן פאָטער פון אַלע פעלקער״?

אין איינעם פון די באַראַקן, פאַר די אויגן פון אונדזער גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש האָבן אין אָנגסטן אויסגעהויכט זייערע נשמות דער פוילישער שרײַבער ברונאָ יאַסענסקי —אויטאָר פון בוך ״דער מענטש בײַט זײַן הויט״ און אויך זײַן חבר — פּאָעט פּרץ, מיט וועלכן ער האָט זיך קיין מאָל נישט געשיידט און געלעבט צוזאַמען פון זינט זייער צוזאַמענקומען אין די אַרעסט־באַדינגונגען.

די צעמישונג פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע איז געווען אויסערגעוויינלעך. דער גאַנצער מעדיציניִשער פּערסאָנאַל פון צווישן די לאַגערניקעס איז געווען מאָביליזירט און האָבן מיט מסירות נפש געאַרבעט טאָג און נאַכט. קיין ״פּרעמדע״ מעדיקער פון דער פרייַ זענען אין לאַגער נישט צוגעלאָזט געוואָרן, ווען דער טיפוס האָט געבושעוועט.

דער צופלוס פון מענטשן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די עטאַפּן זענען אין לאַגער נישט דערלאָזט געוואָרן. אַלע עשעלאָנען וואָס האָבן געשטראָמט פון מערב, זענען נישט דערפאַרנדיק צום אָרט — פאַרנאַנדערגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן פון מזרח־סיביר, צפון און ווײַטן מזרח.

— ווי נאָר די עפּידעמיע האָט זיך אָנגעהויבן אײַנשטילן — דערציילט ווײַטער גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש — האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן פאַרשידענע קאָמיסיעס בראש מיט דאָקטוירים און פאַרשטייער פון פאַרשידענע ב׳ק׳וו׳ד׳־אינסטאַנצן און געמאַכט אַן אָפּקלויב פון אינוואַלידן, דיסטראָפיקער, אָפּגעשוואַכטע און עלטערע מענטשן

און בכלל נישט פעיִקע צו שווערער אַרבעט, און זיי אָפּגעשיקט אין פאַרשידענע לאַגערן צוריק אויף מערב קיין סיביר.

ביז דער צייַט האָבן זיך שוין באַוויזן אייַזנבערעכער און מיט זייער הילף האָט מען אָנגעהויבן דורכפירן שיפן מיט די אָנגעלאָדענע אַרעסטאַנטן דורכן יעגער־ים אין קאַלימער געגנט און פון דאָרטן אין די ווייַטערדיקער נעץ פון די לאַגערן אין די אייביק־פאַרפרוירענע ערטער ווי ס׳געפינען זיך אויך די גאָלד־גרובן־לאַגערן.

אונדזער סטאַראָסטע פון באַראַק — דער אָזערבײַדזשאַנער אַבאַסאָוו אַלי — האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו די דערציילונגען און געמאַכט אַן אויספיר וועגן סטאַלינען און זייַן טעטיקייט, אַז ער איז געווען אַ הערשער פון צעשטערונג און פאַרטיליקונג, פאַרגלייַכנדיק אים מיט די שרעקלעכסטע טיראַנען פון דער מענטשהייַט.

אָט מיט אַזאַ עטאַפּ פון אַקטירטע אינוואַלידן, עלטערע און אָפּגעשוואַכטע פון וולאַדיוואָסטאָקער איבערגאַנגס־לאַגער — פונקט נאָך די שרעקלעכע טיפוס־עפּידעמיע וואָס האָט אָפּגעקאָסט צענדליקער טויזנטער לעבנס פון אומשולדיקע און פאַרפּייַניקטע — איז אונדזער מיטשמועסער אסיר גריגאָרי אַלעקסעיעוויטש אָנגעקומען אין אונדזער סיבירער אינוואַלידן־לאַגער.

באַיִם — סיביר — 1940



חנן קיעל / ניו יאָרק

# פינף לידער

## אלישע

כ׳וועל זיך אַרומגאַרטלען מיטן גלייִקן וווּנדער,
זיך איינהילן אין מאַנטל פֿון נביא אלישע
און פֿאַרבעטן די בלינדע אַראָמער צו אונדזערע
געדעקטע טישן.
אויף דיר
מיר וואַרטן אין היילן פֿון שימל און מאָך,
איבער פֿעלדער שווייַגן די קופּערנע הימלען,
ס׳טרויערן בערג אויף אונדזער בראָך.
מיר וועלן אויסגיין פֿון הונגער
מיט אונדזערע פֿאַלשע געטער.
וויי און ווינד,
אַז מצורעים ווערן אונדזערע רעטער.
מיט דיר כ׳וועל גיין אויף פֿאַרוואַרלאָזטע וועגן,
אין בלויען וווּנדערלאַנד
פֿון זעטיקער גוטסקייט און רעגן.
מייַן חלום וועט אָנקלאַפּן אין אלישעס טיר
און צוריק לעבעדיק ווערן פֿון זיין באַריר.

## אַ יריד אין הימל

אין פֿאַרטייַעטן גראָז בייַ דער וואַרטע ציטערט מייַן חלום אין דרימל,
דער מוטנער טייַך פֿאַליעט מיט בלעטער פֿון בלוטיקע האַרבסטן;
אַליין, בייַם אויסגעברענטן סנה אויף וועמען וואַרטסטו?
יאָרן דערטרונקענע גלימערן אין שטערן-געווימל.

אין עמוד-אש גאָטס הייזעריקע שטים צעגליט
הערט אפֿשר בלויז דער בליץ און שטעכנדיקער האָגל;

מײַן װעלט פֿאַרשניטענע איז מיר אַ צאַרטע חברטע אין װאָגל,
ערגעץ װאַלגערט זיך דאָס גאָלד פֿון אונדזער ניט געענדיקט ליד.

מיט דיר, מײַן שאָטן, געאָרעמט אויפֿן אַלט-יונגען שליאַך
כ׳װעל נע ונדעװען אין דער לבנהדיק-פֿאַרליבטער נאַכט
מיר אײַנרעדן אַ פֿאַרשפּעטיקטן יריד אין הימל,
אויפֿן גראָזיקן ברעג אַ צאַנקנדיקער חלום און דרימל.

אין מוטנעם טײַך פֿאַליעט זיך חוהלעס ליאַלקע פֿאַרװיינט
און דאָ, אויף אַ פֿרעמדער חתונה כליפּעט מײַן פֿידל אַליין.

**עד עלות השחר**

גיב מיר אַ שטראַליקן סימן, זײַ מבטיח,
אַז די גרענעץ אַריבער כ׳בין בשלום
מיט מײַן אַנטלאָפֿענעם איך.

אַז כ׳האָב טאַקע אַריבערגעשפּרײַזט
דעם יװן מצולה,
און ניצול געװאָרן פֿון דער מאיומדיקער שריפֿה.
צי איז ניט אַ טעות דער רעגנבויגן,
אַ דמיון-שפּיל פֿאַר מײַנע פֿאַרבלענדטע אויגן ?

נעם צו פֿון מיר די אַלטע הכנעה
און דורותדיקן גלגול פֿון קאַפּקאַס גזר,
װען זיי משפּטן מיך דעם אומשולדיקן נאַר.

פֿון אויסבריען קינדער, באַשירעם,
אין ליכטװאָלקן ניט צעװערעמטן פֿון האַס ;
מיט אורפֿרייד פֿון פֿליגל אין ערשטן פֿלי
צוריק מיך פֿאַרקנס.

גיב אַ שטראַליקן סימן דעם באַצויבערטן גייער
אויף דראָטן װאַקלדיקע שװאַכע,
אַז נאָך ציטערן יום-כּיפּורדיקע הענט
אין בענטשונג איבער מיר
עד עלות השחר.

## ווינטן שלאָפֿן ניט

שניי-בוראַנעס יאָגן נאָך מײַנע יאָרן,
אַנטלאָפֿענע פֿון ווײַסן מדבר-העק,
ווינטן, בילנדיקע שפּיר-הינט, רײַסן מײַנע טעג,
וואָס זענען קוים אַנטרינען פֿון נעכטיקע געפֿאַרן;
איצט ווער איך אויף ס׳ניַי אַרײַנגעוועבט
אין בלענדיקע ווירוואַרן.
איצט בין איך אַ שפּילנדיק-גרימירטער לץ
אַרײַנגעקנוילט אין כּישוף-קרײַז,
אַ געפֿאַנגענער אין אויסגעשפּרייטער צויבער-נעץ,
גורל-צײַט שאַלטעוועט מײַן קליינע וועלט,
מאָנט פֿון מײַנע שטילע טעג אַ ניט-געצאָלטן חוב;
וועל איך אײַנדרימלען אויף זײַנע הענט
און חלומען אַ נײַעס אַנטלויף.

## ווײַסער חלום-דאָרף

פֿון די שניי-באַרגיקע נעכט
אין אויסגעלאָשענעם חלום-דאָרף
כ׳וועל אַראָפּנידערן אויף גליטשיקע טרעפּ.

וועלן מיך דערקענען ווינטיקע טאָפּאָלן
דער אײַז-פֿאַרקאָוועטער ברונעם
מיטן עמער פֿאַרגליווערטן און שעפּ
און די רויכיקע זיעמלאַנקע אין הפקר-סטעפּ.

אויפֿן דאַך פֿון אַלטן אַלעקסיי
וועט קרייען דער פּחד — אַ הייזעריקע
קראָען-טשאַטע;
דער הונגער וועט מיך חבריש אַרײַנבעטן
אין כאַטע.

אין טומאַן-פֿאַרטשאַדעטן
וועלן אײַנגעפּעלצטע זיידעס מיך דערוואַרעמען
מיט רוסישן אומעט וואָס ניגונט אין ווינט
מיט געקלאָג פֿון צעפֿרווירענע הינט.

## הערשל וויינרייך-ווינאַקור ז"ל

# די זעונג פון מיין קינד רייטנדיק אויף זיין הילצערן פערדל

די דיאַלעקטישע פילאָסאָפיע דערקלערט אַלע אויסטערלישע געשעענישן אַלס נאָרמאַלע, סאָציאַלע און געשיכטלעכע דערשיינונגען, וואָס זענען אָפּהענגיק פון דריי אַטריבוטן: סיבה, נויטוועדיקייט און צופאַל. איך בין געווען אַ קאָמוניסט און איך האָב געגלויבט אין דער אַ דיאַלעקטיק. איך בין אָבער אויך געווען אַ ייִד און די מעטאַפיזיק פון תורת משה האָט פון מיין נשמה אַרויסגעשריגן דעם שפּרוך פון קהלת: "אין כל חדש תחת השמש!"

און נאָך אַ פּסוק האָט זיך אין מיין נשמה און מחשבה איינגעוואָרצלט:

"בעל כרחך אתה חי, ועל כרחך אתה מת". — קעגן דיין ווילן מוזסטו לעבן און קעגן דיין ווילן מוזסטו שטאַרבן. "אָ" האָב איך אין זיך געברומט שטיל "איך זע גאָטס חסד און איך זע גאָטס משפּט. איך זע ווי די זון ווערט געבוירן פאַר טאָג און אירע גאָלדענע שטראַלן טרוקענען אויס די טרערנדלעך מאָרגן־טוי פון דעם גרינעם גרעזעלע. "און ווידער האָט זיך ביי מיר אַ געדאַנק געפּלאָנטערט ווי אַ שלאַנג אַרום אַ בוים, אַז: "דאָך דרייט זיך די ערד"...

פיר יאָר איז מיין ייִנגעלע אַלט געווען, ווען איך האָב אים דאָס לעצטע מאָל געזען און אים אַ קוש געטאָן. איך פלעג טראַכטן, אַז מיין קינד איז אַ מזלדיקס, ווייל ער איז געבוירן געוואָרן פּונקט אין דעם זעלבן טאָג ווען אין גאַנץ סאָוועט־רוסלאַנד האָט מען געפּראַוועט דעם הונדערט־יאָריקן געבורטסטאָג פון דעם גרויסן רוסישן דיכטער, דעם קלאַסיקער פון דער רוסישער ליטעראַטור, אַלעקסאַנדער פּושקין. נו, האָב איך און מיין כאַווערטע,ביידע גרויסע ליבהאָבער פון דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור, באַשטימט, אַז מיר זאָלן אונדזער ערשט, היינט געבוירן, קינד אַ נאָמען געבן נאָך אַלעקסאַנדער פּושקינען. און אַזוי איז פאַרשריבן געוואָרן אין דעם קינדס מעטריקע: אַלעקסאַנדער... אָבער גערופן אונדזער קינד האָבן מיר אַ ביסל געענדערט, פאַרצויגן און מיט פיל ליבשאַפט, אַזוי ווי עלטערן טוען דאָס געוויינלעך. מיר האָבן אים גערופן אַלינקאַ!...

און אין דער אמתן, אונדזער ערשטלינג איז געווען זייער אַ געראָטן קינד און מיר ביידע האָבן עס שטאַרק ליב געהאַט. און אַלעקסאַנדער־אַלינקאַ האָט אויך שטאַרק ליב געהאַט זיינע טאַטע־מאַמע. זיין בלאָנד קעפּעלע פלעגט זיך טוליען צו מיר און צו זיין מאַמען. זיינע קאָרע אייגעלעך האָבן מיט ליבשאַפט אַרויפגעקוקט צו אונדז. זיינע שיינע צאַרטע הענטעלעך האָבן אַרומגענומען מיין האַלדז, און זיינע הייסע ליפּעלעך האָבן זיס געקושט מיינע באַקן. זיין שיין קלינגעוודיק קולכל

פלעגט אַזוי ליבלעך זיס, ווי אַ זינג־פּייגעלע, אויסזינגען אין רוסיש און אין יידיש:

"פּאַפּאַפּאַטשקאַ"־טאַטעלע, גאַזעטאַ פּראַוודאַ פּריבעלאַ, — די צייטונג פּראַוודאַ איז אָנגעקומען!"

ער האָט צוגעטראָגן די צייטונג צו מיר און אַזוי אַ גייענדיק מיט דער צייטונג אין זיינע הענטעלעך, האָט ער געלייענט די נייעס פון די גרויסע צייטונגס־קעפּ, "פּאַ־סקלאַדאַם", זילב ביי זילב און אות ביי אות: "צען־טראַל־ני קאָ־מי־טעט פּאַר־טי... פּאַס־טאַ־נאַ־וויל־ - - " דער צענטראַלער קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט באַשלאָסן...

אונדזער נחת איז געווען גאָר גרויס, ווייל צו פיר יאָר האָט ער שוין געוווסט יעדער בוכשטאַב און צו ביסלעך זיך שוין אַפילו אַריינגעטראַכט אין ביכלעך...

אין דער צייט האָב איך מיט מיין כאַווערטע סאָפּיאַ (אָדער סאָניעטשקע, ווי איך פלעג איר רופן) געלעבט אין דער, פון דער רויטער אַרמיי, אָקופּירטער שטאָט ביאַליסטאָק. דאָס איז אַ פּוילישע פּראָווינץ־שטאָט, וואָס איז איבערגעוועלטיקט געוואָרן פון פּוילן צו רוסלאַנד נאָך דעם "שלום"־אָפּמאַך פון דעם סאָוועטישן רוסלאַנד מיט דעם נאַצישן דייטשלאַנד. ניט איך און ניט מיין כאַווערטע זענען געווען גליקלעך צו לעבן אין אַן אָקופּירטער שטאָט פון אַ פרעמד לאַנד. אָבער, אַז מען איז קאָמוניסטן און די פּאַרטיי הייסט פאָרן און זיך באַזעצן אין דעם אָקופּירטן לאַנד, פאָרט מען און מע מאַכט ניט קיין טענות...

אַלעקסאַנדער (אַלינקע) איז אַלט געווען דריי יאָר, ווען מיר האָבן אים געבראַכט קיין ביאַליסטאָק. איצט איז ער שוין פיר יאָר אַלט. אין זיין קורץ לעבן האָט דאָס קינד שוין דורכגערייזט אַ פּאָר צענדליק טויזנט מייַלס פון איין עק רוסלאַנד ביזן צווייטן עק, און מיט אַ צוגאָב צו אַ געוועזענער פּוילישער שטאָט וואָס הייסט ביאַליסטאָק. אָבער געבוירן געוואָרן איז גאָר אַלינקע ערגעץ ווייט־ווייט, אין אַ ווילדערניש, אַזש ביי די גרענעצן פון יאַפּאַן און כינע, ערגעץ אין אַ ווילדער טייגע־און־בערג־וואַלד וואָס מע האָט אַ נאָמען געגעבן ביראָבידזשאַן, אויף אַהין האָט מען געהייסן פאָרן און זיך באַזעצן. עס האָט באַדאַרפט הייסן, אַז דאָרט וועט זיין אַ יידישע סאָוועטישע רעפּובליק... עס איז אָבער געווען אַ צוגעטראַכטער חלום און אַ פּלאַנירט־פּאַרפירערישער ליגן. יידן האָבן דאָרט געדאַרפט זיין דער פּאַרפּאַסט, די גרענעץ־קאָזאַקן, וואָס זאָלן פאַרטיידיקן סאָוועט־רוסלאַנד פון אירע שונאים, די יאַפּאַנעזער און די קיטייצעס...

אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פון דעם גאַנצן ביראָבידזשאַנער פּראָיעקט אַ פוסטער בוידעם מיט אַ פאַרגליווערטן טייך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טרויעריק באַרימטע סטאַלינסטישע משפּטים און אַרעסטן מיט צעשיסונגען פון די יאָרן 1936 ביז 1938. מע האָט אַרעסטירט און צעשאָסן יידן אין ביראָבידזשאַן פּונקט אַזוי ווי מע האָט דאָס געטאָן אין אַלע שטעט און דערפער פון דעם גרויסן און אומענדלעכן סאָוועט־רוסלאַנד. און ווער עס איז נאָך ניט אַרעסטירט געוואָרן,

דערוויַיל, האָט זיך געראַטעוועט מיט אַנטלויפן ווּהין נאָר די אויגן האָבן און די פיס האָבן געטראָגן.

דאָרט, אין אָט דעם אַ ביראָבידזשאַנער גיהנום, איז אין 1937 יאָר, מײַן זון אַלעקסאַנדער געבוירן געוואָרן, און פון דאָרט, פון דעם אַ גלות ביראָבידזשאַן, בין איך מיט מײַן כאַווערטע סאָפיאַ און מיט אונדזער פיצל קינד, אַלינקאַ, אַנטלאָפן. מיר האָבן זיך באַזעצט צוריק אין אָדעס, אין דער שיינער שטאָט ביים שוואַרצן ים ווו איך און מײַן כאַווערטע האָבן פון קינדווײַז אָן געלעבט.

אָבער צו לאַנג זענען מיר אין אָדעס ניט געבליבן. עס האָט עפּעס ווידער פּאַסירט:

עס האָבן זיך אָנגעקליבן צו פיל אַלטע לײַט אין די פּאַרטיי און רעגירונגס־אַמטן פון דער סאָוועטישער הויפּט־שטאָט מאָסקווע. האָט מען געזוכט יונגע און גוטע קאָמוניסטן זיי צו פּאַרבײַטן. און אַז מע זוכט געפינט מען. איך מיט מײַן כאַווערטע זענען מיט "מזל" באַשטימט געוואָרן צו באַזעצן זיך אין מאָסקווע. מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן אויסצוואַרעמען אונדזערע מאָסקווער בענקלעך אויף אונדזערע מאָסקווער אַמטן ווי עס האָט זיך אָנגערוקט אַ נײַע "יאָזדע"...

איצט איז דאָס געווען דער "שלום"־אַפּמאַך צווישן היטלער און סטאַלין. דערבײַ האָט מען זיך צעטיילט מיט פּוילן האַלב אויף האַלב. די פּוילישע טייל, נעענטער צו רוסלאַנד איז פּלוצלים געוואָרן רוסישע טעריטאָריע. די טייל וואָס איז נעענטער צו דײַטשלאַנד איז געוואָרן דײַטשלאַנד... האָט מען באַדאַרפט האָבן יונגע מענטשן צו באַזעצן די נײַ־אָקופּירטע שטעט און דערפער. סײַ פון דײַטשלאַנד און סײַ פון רוסלאַנד האָט מען געשיקט יונגע פאַשיסטן און יונגע קאָמוניסטן צו באַזעצן די פריש־אָקופּירטע ערטער און אײַנפירן, אין איין אָרט אַ פאַשיסטיש־נאַציש־דײַטשישע הערשאַפט, און אין אַ צווייט אָרט אַ קאָמוניסטיש, סאָוועטישע אָרדענונג.

איך האָב געדאַרפט אַרבעטן אין אַ סאָוועטישער צײַטונג. מײַן כאַווערטע האָט געמוזט אַרבעטן אין אַ סאָוועטיש־רוסישן דערצײַונגס־אַנשטאַלט.

און אונדזער קינד, אַלעקסאַנדער, אַלינקאַ?... וואָס ווייסט אַ קינד פון אַ ממזרישער סאָוועטיש־רוסישער אָדער נאַציש־דײַטשישער פּאָליטיק מיט מלחמה?... פאַרן קינד איז געווען אַלץ־איינס, אבי עס איז ניט געווען הונגעריק און אַבי עס האָט געהאַט זײַנע קינדערשע ווילטאַגן. פון שפּילעכלעך און קאָלירטע ביכעלעך... אַ, עס איז געוואַקסן אַ שיין, אַ געראָטן קינד. ער איז שוין איצט אַלט געוואָרן פיר יאָר און מיר האָבן פיל נחת פון אים געהאַט. ניט נאָר שפּילט ער זיך מיט זײַנע צאַצקעס און ער "לייענט" זײַנע קאָלירט־באַפּוצטע ביכלעך, נאָר ער כאַפּט שוין אויך אויף אותיות און ער הייבט שוין אָן ביסלעכווײַז אויך צו לייענען און צונויפשטעלן, "פּאַ סקלאַדאַם", זילב נאָך זילב גאַנצע ווערטער און אפילו גאַנצע זאַצן... שטעלן זיך בײַ מיר, און בײַ מײַן כאַווערטע, טרערן אין די אויגן פון דעם נחת וואָס מיר האָבן פון אונדזער קינד.

—"אַ, ער איז דאָך אַ מזיק!... אין גאַנצן געראָטן אין דיר, מײַן טײַערער כאַווער", — האָט מיר סאָפּיאַ אַ גליקלעכע געזאָגט — "אַז ער דערזעט אַ בוך אָדער אפילו אַ צײַטונג, ווערט ער דערציטערט און ער קוקט אין דעם אַרײַן, ווי אַ דערוואַקסענער, וואָס זוכט עפּעס גוטס און נייעס אין דעם געדרוקטן וואָרט. נישט אמת, כאַווער מײַנער ?..."

הע, אַ געדאַנק ווי אַ בליץ איז אין מײַן מחשבה אַדורך : "כאַוועד און ניט מאַן. פאַר וואָס ?" איך געדענק, אַז מײַן מאַמע פלעג רופן מײַן טאַטן : "מײַן ליבער, מײַן טײַערער מאַן!" אָבער נישט כאַווער. צי איז טאַקע בעסער צו זײַן אַ כאַווער אײדער אַ מאַן ? — האָט מיך איצט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו עגבערן... אָבער אָט די מחשבה איז פּלוצים ווי זי איז צו מיר געקומען, אַזוי פּלוצים — אויך פאַרשוווּנדן.

אין איינער אַ פרײַער מינוט פון מײַן אַרבעט, האָב איך זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ קראָם פון קינדערשע שפּילצײַג און האָב דאָרט אײַנגעהאַנדלט אַ "פערדל". אַ גרויס הילצערן פערדל מיט אַן אמתער גרויער פערדן־פעל באַקלעפּט. מײַן קינד, אַלעקסאַנדער, אַלינקאַ, איז זייער צופרידן געווען פון מײַן מתנה. עס איז פאַר אים געווען אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש. ער איז געוואָרן זייער פריילעך און אויפגעהײַטערט. ער האָט זיך באַלד אַרויפגעזעצט אויף דעם "פערדל" און ער האָט אָנגעהויבן צו רײַטן. ער האָט געגוואַלדעוועט, געשריגן און געלאַכט. מע האָט אים באַדאַרפט מיט געוואַלד אַפּרײַסן פון זײַן פערדל, כדי ער זאָל גיין עסן און שפּעטער כדי ער זאָל גיין שלאָפן... און אין די גאַנץ־פריִע שעהן, ווען איך פלעג גיין צו מײַן אַרבעט, אין רעדאַקציע און איך בין צוגעקומען צו אים און אים אַ קוש געטאָן, איז ער אַזוי פאַרטיפט געווען אין דעם "רײַטן" אויף זײַן "פערדל", אַז ער האָט אפילו ניט געהאַט קיין צײַט און געדולד אַ קוק צו טאָן אויף מיר. ווי ער פלעגט נאָר אויפשטיין פון שלאָף — אַזוי האָט ער זיך גענומען צום "רײַטן" אויף זײַן "פערדל".

צו אַ וועלכע ווײַטן, צו אַ וועלכע מקומות איז ער מיט זײַן פערדל, אין זײַן קינדערשער פאַנטאַזיע אַוועקגערײטן דאָס בלײַבט שוין אויף אייביק זײַן קינדערישער סוד. ווער ווייסט צי די קינדער, רײַטנדיק אויף זייערע הילצערנע פערדלעך, פאַר־גאַלאָפּירן זיך נישט אַזש ביז צו די הימלשע ספערן ?... ווער ווייסט דאָס ?...

איך האָב אין איינעם פון יענע טעג געמוזט אָפּפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין מינסק וועגן אַן ענין פון דער צײַטונג, אין וועלכער איך האָב געהאַט אַ וויכטיקן אַמט.

איך בין אַרײַנגעקומען אין מײַן קינדס פריוואַטן צימער און געוואָלט מיט אים זיך געזעגענען. איך האָב דאָס זעלבע געטאָן יעדער אינדערפרי איידער איך בין געגאַנגען צו מײַן אַרבעט. אַלינקאַ האָט מיר גיך אָפּגעפּאַטערט מיט אַ הייסן קוש און מיט אַ "דאָסווידאַניע פּאַפּאַ" — אַ גוטן טאָג טאַטעלע. און ער האָט זיך צוריק אויפגעכאַפּט אויף זײַן פערדל. אָבער דאָס מאָל איז ער אַזוי פאַרטאָן און פאַרנומען געווען, אַז ער האָט מיך כמעט ווי ניט באַמערקט. אָבער איך האָב אים אַ שטאַרקן

קוש געטאָן, מיט אַ זאָג: ״איך פאָר קיין מינסק און איך וועל דיך זען אין אַ וואָך אַרום״.

אַלינקאַ האָט ניט רעאַגירט אויף מײַן קוש און ניט אויף מײַנע ווערטער. איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר... נאָר פּלוצים איז דאָס קינד זייער שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין פערדל און מיט אַ שרעקלעכן אימפּעט איז ער צוגעלאָפן צו מיר און מיך אַרומגעכאַפּט מיט זײַנע בײדע הענטעלעך אַרום מײַנע פיס און מיט אַ שרעקלעכן יאָמערדיקן געשריי אָנגעהויבן, עפּעס ווי אַ מין באַזעסענער, פון אַ מוראַדיקער גרויל־זעונג, צו געוואַלדעווען:

״פּאַפּאַטשקאַ ניע אוכאַדי!... טאַטעלע גיי ניט אַוועק!...״

איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אַזאַ פּלוצימדיקער, אויסערגעוויינלעכער און עפּעס אַ ווילד־שרעקלעכער אימפּעט עס איז באַפאַלן מײַן קינדס נשמהלע.

״מײַן גאָט״, האָט אַ געדאַנק אַ פינקל געטאָן אין מײַן מוח. ״האָט דאָס קינד עפּעס אַ מין פאַנטאַסטישע וויזיע, אַ זעונג געהאַט?...

ווײַזט אויס אַז יאָ...

איך האָב קוים זיך באַפרײַט פון מײַן קינדס הענטלעך און איך בין אַוועק...

אין וועג, אין דעם צוג, וואָס איז געפאָרן פון ביאַליסטאָק קיין מינסק, איז עפּעס געשען. מע האָט דערהערט שיסעריי. עס איז געוואָרן אַ בהלה, אַ פּאַניק. געשרייען און געוואַלדעווען. און באַלד האָט מען זיך דערוווּסט. דײַטשישע עראָפּלאַנען ״מעסערשמידן״ באַוואַרפן מיט באָמבעס דעם צוג אונדזערן. סטײַטש, וואָס קומט דאָ פאָר? ערשט ניט לאַנג צוריק האָט דאָך סטאַלין מיט היטלערן אונטערגעשריבן אַ שלום־פּאַקט, איז וואָס גאָר פּלוצים באַשיסט מען אונדזער צוג?... עס איז קלאָר געוואָרן. היטלער האָט פאַרראַטן סטאַלינען. איין גרויסער מערדער האָט איבער־געכיטרעוועט אַ צווייטן גרויסן מערדער. דאָס איז געווען דער רעאַלער אמת.

צוריק קיין ביאַליסטאָק האָב איך שוין ניט געקענט פאָרן. איך האָב געמוזט אַוועק אין דער רויטער אַרמיי און קעמפן קעגן היטלערס דײַטשלאַנד. די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט מײַן כאַווערטע און מיט מײַן קינד, אַלעקסאַנדער, אַלינקאַ, און שפּעטער ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און איך בין אַרויס פון די שלאַכטן אַן אינוואַליד, אָבער דאָך אַ לעבע־דיקער, האָט איך זיך ווי עס איז דערשלאָגן צו ביאַליסטאָק, די שטאָט וואָס איז שוין צוריק געוואָרן אַ פּוילישע שטאָט און מער ניט קיין סאָוועטיש־רוסישע. איך בין אַוועק צו דעם הויז, וווּ איך האָב פריער געוווינט מיט מײַן ווײַב און קינד. דאָרט האָט איצט געוווינט איינער אַ פאַרביסענער פּאָליאַק וואָס פון אים האָב איך קיין גוט וואָרט ניט געקענט אַרויסבאַקומען. איך האָב זיך אָנגעפרעגט בײַ הונדערטער מענטשן און בײַ צענדליקער אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. קיינער האָט גאָרניט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן וועגן אַלינקען מײַן קינד און וועגן סאָפיאַן זײַן מוטער. זיי זענען ביידע פאַרשוווּנדן ווי אין וואַסער אַרײַן אָדער ווי אין אַן אומבאַוווּסטן גרוב באַגראָבן. און אַזוי אַ האָב איך שוין מײַן כאַווערטע און מײַן קינד מער ניט געזען. און דאָן איז אויפגעשווומען אין מײַן געדעכעניש מײַן לעצטע זעונג פון מײַן

קינד. און דאָס איז דער אמת. אַלעקסאַנדער, מײַן אַלינקאַ, האָט געהאַט די ווירק־לעכקייט דערזען. ער האָט דערפילט, אַז דאָס געזעגנט ער זיך מיט מיר, זײַן טאַטן, אויף אייביק. דאָס קינד האָט אַ זעונג געהאַט און קיינער האָט דאָס ניט פאַר־שטאַנען. אַ, דאָס "פערדל", דאָס הילצערנע פערדל האָט אים צו די הימלען פאַרטראָגן.

ליבער גאָט, ווי עס ווײַזט אויס, האָט דאָס אַזוי געמוזט פּאַסירן. ווי עס ווײַזט אויס ביסטו גערעכט און דײַן משפט איז גערעכט. דיאַלעקטיק און מעטאַפיזיק. אַלץ גייט פאַרבײַ. און נאָר דו, מײַן גאָט, דו ביסט אייביק. און כאָטש די ערד דרייט זיך טאַקע. איז דאָך: "אין כל חדש תחת השמש".

מלחמות, רעוואָלוציעס, מרידות זענען געווען און וועלן שטענדיק זײַן ביז... עס וועט אַ מאָל קומען די גאולה... ביז משיח וועט אַ מאָל קומען!... משיח?... אפשר!... יאָ, און אפשר איז משיח אַ נאָמען פון ניט איין פערזאָן נאָר פון אַ גאַנצן קאָלעקטיוו, פון אַ באַוועגונג, וואָס געוויסע מענטשן רופן דאָס ציוניזם!... אפשר?...

*

**כבוד זײַן אַנדענק.**

דערמיט מערקן מיר אָפּ דעם אָנדענק פון דעם ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם יידישן שרייבער הערשל ווײַנרויך (ווינאָקור). די דערציילונג דרוקט זיך צום ערשטן מאָל. אין 1982 איז דערשינען אין ניו־יאָרק זיין זאַמלונג "ווען די זון פאַרגייט און די מוזע וויינט". זיין לעצט בוך, ווי ער אַליין האָט עס פאַרצייכנט. צום סוף פון זיין טרויעריקער הקדמה צום בוך האָט ער געשריבן:

"און ביי מיין פאַרענדיקן די אָ הקדמה, וויל איך ווינטשן מיינע קאָלעגן שרייבער, אַז זיי זאָלן נאָך לאַנגע יאָרן אָנגייען מיט זייער יידישער שאַפונג פון קינסטלערישער ליטעראַטור און דאָס יידישע וואָרט פון קונסט און פון אמת זאָל דערגרייכן פיל פיל יידישע דורות. אָמן.

הערשל ווײַנרויך־ווינאָקור."

כבוד זיין אָנדענק!

חיים קעניגער / פּאַריז

# שטילע וואַסערן

*

דו ביסט, צי דו ביסט נישט ?
גלייבן אין דיר, צי צווייפלען ?
ווער און וואָס זאָלסט נישט זײַן —
אפילו נישט מער,
ווי דער לבנה-אָפּשפּיגל פון אַ ווינטערדיקן פּייזאַזש,
אַ טויטער בוים מיט סטאַרטשענדיקע צווײַגן,
אפילו נישט מער,
ווי אַ וואָרעם אײַנגעביסן אין נעכטן — —
אַנטפלעק זיך פאַר מיר
ווען באַפאַלן איך ווער
פון אומרו.

## די מוזיק פון שטיינער

די מוזיק פון שטיינער
אויף דער פידל פון צײַט
וועט אויסשפּילן איינער
פון דער אייביקער ווײַט.

די מוזיק פון שטיינער
פון מײַן ברודערס טויט
וועט אויסוויינען איינער
אַן פלייש און אָן הויט.

די מוזיק פון שטיינער
אויף דער אַשיקער ערד

וועט אויסקלאָגן איינער
און נישט ווערן דערהערט.

*

די ערד איז באַלאָדן מיטביימער,
די ביימער מיט פּירות פֿון גאָט.
איך שטער דעם גן-עדן-פֿאַרבאָט
אין נעבטיקער שטילקייט געהיימער.

די פֿרוכט וועל איך אַלע צעטיילן
פֿאַר ברידער פֿון מײַן נע-ונד,
און זאָלן זיי עסן צו זאַט,
און זאָל זייער עלנט זיך היילן.

ביז שמייכלען זיי וועלן אין נעפּל,
און ס׳וועט זיי דערקענען מײַן בליק.
ווען ס׳קומען די ברידער צוריק —
איז ווייניק די ערד מיט די עפּל!

מער וויל איך מיט זיי זיך נישט שיידן.
דאָס איז דאָך דער אָנהייב פֿון טרוים,
מיט צײַטיקע פּירות דער בוים —
דער אומקער צוריק אין גן-עדן.

*

אין פֿאַלדן פֿון אַ נעץ
שלאָגט דער זומער-פֿויגל
מיט מידע פֿליגל
די דערינערונג
פֿון ווײַטע לענדער,
ווו דער רעגן איז וואַרעם
און די בלומען בליִען שנעל.

*

אויפֿשטעכן מיט נאָדלען פֿון קעלט
די יאָרן באַגראָבענע אין שניי,

אין אַ צפּונדיקער וועלט —
און אויפוועקן מיט געשריי.
אויפשטייען אין פּרילינג דעם שניי
און די נאַקעטע קוסטעס פון דאָרט.
באַווייזן דעם וועג פון וויי
אין אָפגעהאַקטן וואָרט.

## שטילע וואַסערן

כ׳הער זיך איין אין שטילע וואַסערן
ווען זיי ציטערן און רינצלען
ביים מינדסטן בלאָז פון ווינט.
כ׳זע דאָס וואַסער אין ווינט,
כ׳געדענק דאָס אָרט פון לייכטע טריט.
דער מאַמעס ווערטער
ביים בענטשן ליכט
צו מיינע זיבן יאָר:
יתום מיינער,
דיין גורל איז וואָר!

## צעאַקערט פעלד

טרויעריק צעאַקערט פעלד —
פון דיר שרייט אַרויס מיין וועלט.
ווען איך גיי לעבן דיר,
דערמאָן איך זיך:
מיר זענען געווען אַ מאָל פיר,
האָט מען דריי פאַרזייט אין דער ערד —
און איך ווער פון איר נאָך געגערט.
נאָר תמיד ווען איך עס מיין ברויט,
ווערט פון ווייטיק געררונצלט מיין הויט.
אַ פעלד, דער אַקער פון פויער
דאַרף גיין איבער דיר אין טרויער.

וואַרשע־פּראָגע, 1945

## אַדורכגייער

ווען דו וועסט זײַן אַן אַדורכגייער
און די נאַכט וועט זײַן אָן אַ ברעג —
וועט שײַנען דורכן נעפּל דײַן פּנים.
דײַן שטילקייט,
פֿון אַ שאָטן געבוירן,
וועט זײַן גרויס ווי דער הימל
און דײַנע אויגן וועלן שײַנען
אין די שטערן פֿון דער אייביקייט.

## ווען דער ווינט איז שטיל

ווען דער ווינט איז שטיל
טוליען זיך די ביימער.
די פֿייגל פֿליִען מיר אַנטקעגן.
איך הער זיי מיט אימה
נאָר אין מיר זיצט אַ סאָווע.
זי שווײַגט.
זי געדענקט אַלץ.
זי וועט נאָך זאָגן.

# שרײַבער און ווערק

מאיר חרץ

## אָפּרופֿן

**"עסייען פֿון האַרבסטיקן געמיט" פֿון יוסף אַקרוטני**

עס קלינגט ווי אויסגעטראַכט, ווײַל חלומות לאָזן זיך נישט באַשרײַבן און די מערסטע באַשרײַבענע חלומות זענען טאַקע אויסגעטראַכטע. חלומות זענען נישט באַגלייבט, ווײַל קיין עדות, וואָס זאָל באַשטעטיקן, אַז עד האָט געזען דײַן חלום, קאָנסטו נישט שטעלן און דאָך שטעל איך זיך אײַן צו דערציילן אײַך אַ מאָדנעם חלום.

כ'האָב זיך אַנומלטן אויפגעכאַפּט פֿון שלאָף און נישט נאָר האָב איך נישט פֿאַרגעסן מײַן חלום, ווי מע פֿאַרגעסט, געוויינלעך, חלומות בײַם ערשטן קוק אין אַ ליכטיק פֿענצטער, נאָר איך בין גאָר פֿון חלום נישט אַרויס. כ'בין אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און געזוכט, געוואָלט נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן אויפֿן בוך "לידער פֿון האַרבסטיקן געמיט" כ'האָב אַזאַ בוך אין ערגעץ אין שטוב נישט געטראָפֿן און דאָ ערשט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פֿון... חלום. כ'האָב זיך דערמאָנט אין בוך פֿון יוסף אַקרוטני "עסייען פֿון האַרבסטיקן געמיט", וואָס איך האָב געלייענט מער ווי מיט אַ יאָר צוריק. מײַן חלום איז עס געווען דער בייגל, וואָס האָט מיך זאָט געמאַכט נאָכן אויפֿעסן אַ גאַנץ ברויט, נאָך מײַן לאַנגסטיקן איבערלייענען, הייסט עס, דאָס בוך עסייען, ס'איז דער בייגל, וואָס האָט מיר געפֿעלט כדי צו קענען אויספֿולן מײַן באַגער צו שרײַבן וועגן בוך. דאָ האָב איך אָבער זיך אָנגעהויבן צו גריבלען: פֿאַרוואָס האָב איך ערשט די נאַכט געחלומט דאָס בוך, אַז געלייענט האָב איך עס ווייס איך ווען און גלײַך זיך דערמאָנט, אַז אַ טאָג פֿריער האָב איך אָרטאָגראַפֿיש צוגעגרייט צום דרוק י. אַקרוטניס דערציילונג "ווען דער מענטש פֿאַלט ווי אַ שטיין" פֿאַרן "ירושלימער אַלמאַנאַך" און דערבײַ שטאַרק הנאה געהאַט פֿון זײַן קערנדיקן לשון, פֿונעם אָפּקלײַב פֿון די באַלויכטענע דעטאַלן. גרונטיק, מהותדיק. י. אַקרוטני איז נישט נאָר אַ ביז גאָר אָריגינעלער עסייִסט, נאָר אויך אַ באַדײַטנדיקער פּראָזע־קינסטלער און כ'האָב זיך ווידער גענומען גריבלען — אַן עסייִסט און אַ דערציילער און קיין גרויסער חילוק צווישן זײַנע דערציילונגען און עסייען איז נישטאָ. די גרענעצן זענען אָפֿענע און איר באַמערקט נישט אפילו ווו זיי זענען. פֿון וואַנען זשע קומט אין מײַן חלום דער פֿאַרבײַט פֿון עסייען אויף לידער, פֿון וואַנען האָט זיך גענומען "לידער פֿון האַרבסטיקן געמיט"?

מיט קיין חלומות פירט מען נישט קיין ויכוחים. סע געשעט גאַרנישט אָן אַ סיבה. אויך חלומות, אויך ווען דער חלום פאַרדרייט דעם נאָמען פון אַ בוך.

צו קיין אָפּשאַצונגען וועגן דעם אָדער יענעם בוך באַזונדער קען זיך י. אַקרוטני אין זײַנע עסייען נישט באַגרענעצן, אַפילו נישט וועגן מרים אולינאָווערס איינציקן און באַרימטן לידערבוך "מײַן באָבעס אוצר". אויף דער לײַוונט פון דער שטאָט לאָדזש פירט אונדז דער דערציילער־עסייִסט יוסף אַקרוטני אַרויס אַ גאַנצע גאַלעריי פון ייִדישע שרײַבערישע געשטאַלטן ווי משה בראָדערזאָן, יצחק קאַצענעלסאָן, מרים אולינאָווער, ישעיהו שפּיגל, חיים־לייב פוקס, ישראל ראַבאָן, חיים קרול און אַנדערע:

"די גאַס, שרײַבט ער וועגן ישראל ראַבאָן, האָט אים אַרויסגעבראַכט פון טיפסטן עלנט", אָדער:

"ווי נאָר ער האָט זיך דערפילט אַ תושב אין דער שטאָט פון אויסבליאַקירטן הימל, איז בראָדערזאָן אַרויס פון דער פאַזע פון ליטעראַרישע אָנהייבן". אָדער:

"כל ימיו איז יצחק קאַצענעלסאָן געווען אַ שיינער מענטש, שיין אויסערלעך און שיין פּנימיותדיק". און ערגעץ ווײַטער וועגן קאַצענעלסאָנען:

"מישאַ טראַיאַנאָוו, אַ דיכטערישער שפּראַך פון גרויסשטאָטישן עלנט, האָט אין יצחק קאַצענעלסאָנען געפונען אַ שטאַרקן מאָראַלישן און אויך מאַטעריעלן אָנשפּאַר". און ערגעץ נאָך ווײַטער:

"דאָס איז שוין געווען בײַם סוף פון ייִדישן לעבן אין פּוילישן צענטער. יצחק קאַצענעלסאָן האָט אין אָנבליק פון אַכזריותדיקן טויט אָנגעשריבן זײַנע בלוט־טריפנדיקע מגילות:

"דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק", זײַנע "צאָרן און קללה־לידער" — — —

וועגן מרים אולינאָווער שרײַבט אַקרוטני:

"די טאַלענטירטע פּאָעטעסע האָט נאָכן אַרויסלאָזן איר ערשטן און איינציקן בוך "דער באָבעס אוצר" ווײַטער געשריבן לידער אין איר אייגנאַרטיקן נוסח. יודעי חן האָבן געוווּסט, אַז זי האָט שוין אַפילו גרייט צום דרוק אַ נײַעם באַנד לידער אויף מאָטיוון פון שבת, אָבער דער גורל פון די אסירי געטאָ אין אוישוויץ האָט אויך די איידעלע דיכטערין נישט פאַרשוינט." פון די ווײַטערדיקע שורות ווערט קלאָר, אַז אויך דער כתב יד פון לידערבאַנד איז נישט פאַרשוינט געוואָרן און דאָס איז פאַר אַ שרײַבער נאָך איין טויט.

דער עסיי וועגן חיים לייב פוקס הייסט "פּאָעט און האַרעפּאַשניק". דער האַרעפּאַשניק, דער שילדן־מאָלער חיים לייב איז נישט סתם אַ שילדן־מאָלער, נאָר דער וועלכער האָרעוועט און האָדעוועט דעם פּאָעט חיים לייב פוקס. די פון גאַליציע געבראַכטע יונגע שיינע פרוי פון דיכטער ברענגט אים אַ סך גליק ביז זי ווערט אַליין אַ... דיכטערין און ווערט אױ׳ס פרוי פון דיכטער. העלע און טונקעלע פאַרביקע קאָדרען אויף דער לײַוונט פון לאָדזש; זון, נויט און רויך, אומגליק, בלוט

און פײַער. יוסף אַקרוטני דערציילט און כישופט מיט זײַנע עסייען, עסייען און עטיודן, סילועטן און פּאָרטרעטן.

אויף דער ווילנער לײַוונט פירט אַקרוטני אַרויס חיים גראַדען אין צוויי עסייען, אַברהם סוצקעווערן אין דרײַ און אלחנן וואָגלערן אין צוויי. דער לעצטער, וואָגלער, האָט ווייניקער אָנגעשריבן ווי די ערשטע צוויי. אויך וועגן אים האָט מען ווייניקער געשריבן, איז אפשר דערפאַר מאָכן אַקרוטניס עסייען וועגן אים און זײַן ווערק אַזא שטאַרקן, ממש דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. אין דער רײַכער ליטעראַטור וועגן די ערשטע צוויי האָט אַקרוטניס וואָרט זײַן בכבודיק אָרט. דער דריטער עסיי וועגן סוצקעווערן אין אַקרוטניס בוך איז אייגנטלעך וועגן שלמה ביקלס בוך געווידמעט סוצקעווערס דיכטונג ״די ברכה פון שיינקייט״. ס׳איז ווי אַ לעצט בילד פון באַרימטן עסייִסט שלמה ביקל.

מיר טרעפן אין בוך די באַסאַראַבער אפרים אויערבאַך און אליעזר גרינבערג און דעם פוילישן בעריש ווײַנשטיין דיכטן אין ניו־יאָרק. דעם פּראָזאַיִקער ב. שלעווין פון פוילן אין פּאַריז און, ווידער אַ באַסאַראַבער, יעקב שטערנבערג, אין מאָסקווע. מיר טרעפן אין בוך אַזעלכע ווי שלום אַש און אליעזר שטיינבאַרג, איציק מאַנגער און ישראל שטערן, שמואל ניגער און דב סדן, יעקב גלאַטשטיין און מלך ראַוויטש. אין עסיי וועגן יעקב שטערנבערג כאַפּט אויך זײַן ליפּקאַנער בן עיר משה אַלטמאַן אַרײַן אַ שורה: ״דער אייגנאַרטיק־אָריגינעלער דערציילער משה אַלטמאַן״. פאַראַן שרײַבערס, וואָס טוען תפילה אויף אַזאַ איינציקער, אָגב אורחאַדיקער, שורה. אַלטמאַן האָט זי פאַרדינט אָן תפילות. מע דאַרף האָפן, אַז אויב מע וועט דער־מעגלעכן אַקרוטנין אַרויסצוגעבן אויך אַ צווייטן און דריטן באַנד עסייען, וועלן מיר טרעפן אָפּגעדרוקט די כתב־ידן פון זײַנע עסייען אויך וועגן משה אַלטמאַן און שלמה ביקל און וועגן צענדליקער אַנדערע. דערווײַל וויל איך אונטערציִען און וועגן בוך פון יוסף אַקרוטני זאָגן: אַ וווּנדערלעך בוך ״עסייען פון האַרבסטיקן געמיט״, וועלכע לייענען זיך און חלומען זיך ווי לידער ״לידער פון האַרבסטיקן געמיט״.

## וועגן בוך ״ברײַנדעלעס קינדעריאָרן״ פון רבקה רוס

נישט פאַראַן, דאַכט זיך, קיין אומה ולשון, וואָס זאָל נישט האָבן קיין קינדער־ליטעראַטור, קיין ליטעראַטור פאַר קינדער אָדער וועגן קינדער צי טאָקע ביידע צוזאַמען. נישט יעדע ליטעראַטור אָבער פאַרמאָגט אַזאַ מוסטער ווי ס׳איז שלום עליכמס מאָטל פּייסי דעם חזנס. די גרויסקייט שלום עליכמס הייבט זיך טאָקע אָן מיט אַ קינדער־מעשהלע ״דאָס מעסערל״ און ער איז עד היום דער טאָן־געבער פון דער יידישער קינדער־ליטעראַטור. אפילו אַזאַ מײַסטער ווי ס׳איז דוד בערגעל־סאָן, ווען ער האָט געשריבן ״פּײַוולס מעשׂות״ און אויך שפּעטער זײַן גרויס צווייבענדיק ווערק ״בײַם דניעפּער״ מיטן ייִנגל פּענעק, דעם הויפּט־העלד, איז אים

הינטער די פּלייצעס געשטאַנען מאָטל פּייסי דעם חזנס. איציק קיפּניס, ווי מאָטלס אַ בן דור, האָט ווי אַרויסגעשפּאַנט מיט זײַנע קינדער־מעשות פון שלום עליכמס אַ ביכל. ווען באַשעוויס־זינגער דערציילט זײַנעם אַ מעמואַר, ווי ער רופט דאָס, אַ מעמואַר פון די קינדעריאָרן, מיטן נאָמען "די סודות פון דער קבלה", אין וועלכן די פאַנטאַזיעס פון צוויי ייִדישע ייִנגלעך צעשפּילן זיך, פילט מען אינעם דער־ציילן, אַז דער דערציילער באַשעוויס קוקט צו שלום עליכמען.

ווען איך האָב מיט אַ זעקס־זיבן יאָר צוריק געלייענט אין "די גאָלדענע קייט" צוויי קורצע זאַכן פון רבקה רוס אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען "קינדער־יאָרן", האָב איך גלײַך געפילט אַז דאָס זענען צוויי פראַגמענטן פון אַ גרעסער ווערק. און אָט איז טאַקע דאָס ווערק דערשינען. דער דערציילער, דער העלד, איז דאָס מאָל אַ דערציילערין, אַ העלדין און הייסט נישט, פאַרשטייט זיך, נישט מאָטל צי פּײַוול, נאָר ברײַנדעלע און זי איז טאַקע אַן אמתע ברײַנדל קאָזאַק. מיט דער זעלבער קינדערשער תמימות ווי מאָטל פרעגט זיך נאָך, וואָס איז אַזוינס אַ פּאָגראָם און אַז מע ענטפערט אים — מע זעצט אויס שויבן, מע רײַסט אויף קישנס, אַז די פעדערן פליען איבער די גאַסן, מע שלאָגט ייִדן, מע רײַסט זייערע בערד, פרעגט מאָטל צוליב וואָס? — וואָס הייסט צוליב וואָס, ס'איז דאָך אַ פּאָגראָם; מיט דער זעלבער תמימות פרעגט ברײַנדעלע, ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן — וואָס איז אַזוינס קריג? ענטפערט מען איר: קריג הייסט, אַז אַלע טאַטעס ווערן זעלנער. מײַן טאַטע, דײַן טאַטע און אַלע טאַטעס. און וואָס טוען אַלע טאַטעס, אַז זיי ווערן זעלנער? — זעלנער שיסן און צינדן אונטער הײַזער, ענטפערט מען איר. איך קאָן מיר נישט פאַרשטעלן, אַז מײַן טאַטע זאָל קומען און פאַרברענען אונדזער שטוב. — ביסט אַ נאַר, אַז מע וועט אים הייסן, וועט ער פאַרברענען. שפּאַר איך זיך, זאָגט מען מיר, אַז אַהער וועט מען שיקן אַנדערע זעלנער צו פאַרברענען די הײַזער און אונדזערע וועט מען שיקן אונטערצינדן אַנדערע הײַזער. דאָס, זאָגט ברײַנדעלע, האָט זיך מיר שוין מער געלייגט אויפן שכל.

נישט מאָטלען בײַ שלום עליכמען און נישט ברײַנדעלען בײַ רבקה רוס לייגט זיך שטענדיק אויפן שכל די שפּראַך פון די דערוואַקסענע, וואָס זיי, די קינדער נעמען אויף וואָרט־ווערטלעך. דער פעטער יאַקל, זאָגט די באָבע, ציילט צו זײַן ווײַב די גרויפּן אין טאָפּ. קען איך עפּעס נישט פאַרשטיין, טראַכט זיך ברײַנדעלע, ווי אַזוי מע קען ציילן גרויפּן אין טאָפּ. אָדער: אַלע טאַטעס זענען שוין אַהיים־געפאָרן פונעם פראָנט, נאָר מײַן טאַטע נאָך נישט. זאָגט מײַן באָבע, עס מוז דאָך בלײַבן דער לעצטער צו פאַרשליסן די טיר. ווייס איך נישט, טראַכט ווידער ברײַנדעלע, צי דער פראָנט האָט אַ טיר. אַלע וואָגלענישן און וואַנדערונגען און דאָס וואַלגערן זיך פון דער משפּחה אין דער פרעמד נעמט ברײַנדעלע אָפּט אויף ווי מאָטל, וועמען ס'איז גוט, ער איז אַ יתום. יום כיפּור — דער יום הדין בײַ ייִדן. מע דאַוונט און מע פאַסט און די קליינע עסן חלה מיט כפּרה־עוף.

רבקה רוס איז אַ באַקאַנטע און געלייענטע ייִדישע שרײַבערין, אייניקע פון אירע ראָמאַנען זענען געדרוקט געוועז אין המשכים אין דער טאָג־פרעסע איידער

זיי זענען אַרויס אין בוך־פֿאָרם. איר איצטיק בוך "בריִנדעלעס קינדער־יאָרן" איז אַ שריט פֿאָרויס אין איר שאַפֿונג, איז טאַקע אַ גרויסער־גרויסער שאָד, וואָס גראָד, ווען זי איז אַרויף אויפֿן וועג פֿון קינדער־ליטעראַטור, איז איר לעבן איבער־געריסן געוואָרן.

## אַ פּאָר ווערטער וועגן סידי טאַל צו די שלושים

אין מײַנעם אַן אַרטיקל וועגן דער יונג־פֿאַרשניטענער שרײַבערין בלימעלע יאַקיר, די טאָכטער פֿון ייִדישן שרײַבער יאַנקל יאַקיר, האָב איך דערציילט וועגן מײַן ערשטער באַגעגעניש אין 1939 אין בוקאַרעסט מיט דער פּיריאַריקער בלימעלע, וועלכע האָט געחלומט צו זײַן, ניין געפּאַנטאַזירט, אַז זי איז — אַן אַקטריסע:

— איך בין סידי טאַל, האָט זי זיך מיר פֿאָרגעשטעלט.

און סידי טאַל, דער נאָמען פֿון דער יונגער אַקטריסע אין שוין דעמלט געווען אַ שם דבר און אַ טייל פֿון רומענישן ייִדנטום, אַ חלק בלתי נפֿרד, ווי מע זאָגט הײַנט דאָ בײַ אונדז. זי האָט שוין דעמלט געהאַט הינטער זיך די הויפּט־ראָלן אין אַזעלכע פֿאַרשטעלונגען רעזשיסירטע פֿון יעקב שטערנבערג ווי "באַשע די יתומה", "דער געלער שאַטן", "יאַשע קאַלב" און אַנדערע און אודאי און אודאי אין די פּיל־צאַליקע רעוויו־פּראָגראַמען נישט נאָר רעזשיסירטע פֿון שטערנבערגן נאָר אויך געשריבענע פֿון אים צוזאַמען מיט משה אַלטמאַן.

חוץ טאַלאַנט, אומדערמידלעכע אַרבעטזאַמקייט און מזל צו האָבן שטערנבערגן פֿאַר איר רעזשיסער האָט זי אויך געהאַט מזל צו האָבן פֿאַר איר אימפּרעסאַריאָ פּנחס פֿאַליק, וועלכער איז שפּעטער, שוין אין סאָוועטישן פּעריאָד, געוואָרן אויך איר מאַן.

איר אַרטיסטישע קאַריערע האָט זי אָנגעהויבן נאָך אַלס קינד אין טשערנאָוויץ אַ דאַנק איר קוזין דעם אַרטיסט אַדאָלף טעפּנער און סע פֿלעגט זי אָפּט ציען צוריק צום פֿאַרשטערנבערגישן טעאַטער צוליב אַ צאָל שלאַגערס, וועלכע זענען פֿאַר־בליבן אַ חלק בלתי נפֿרד פֿון סידי טאַלן. האָט זיך געדאַרפֿט אַזוי טרעפֿן, אַז אין טאָג, ווען רוסלאַנד האָט צוגעשטעלט אַן אולטימאַטום אין בוקאַרעסט איר אומצוקערן באַסאַראַביע מיט פּראַצענט — צפֿון־בוקאָווינע אײַנגעשלאָסן טשערנאָוויץ, סידי טאַלס היימשטאָט. אין יענעם טאָג איז גראָד געווען געמאָלדן אין בוקאַרעסטער באַראַשעום־טעאַטער "דאָס וואָלגאַ־מיידל" מיט סידי טאַלן. סע האָט געשמעקט מיט פּאָגראָם און די גאַנצע טרופּע איז אויף גיך אַנטלאָפֿן.

דאָס יאָר פֿאַר דער מלחמה אין סאָוועטיש־ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין קעשע־נעוו מיט יעקב שטערנבערגן ווי דעם קינסטלערישן לייטער איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך און איך לאָז עס איבער פֿאַר מאַטל סאַקציער, וועלכער איז געווען דער ליטעראַרישער פֿאַרוואַלטער פֿון טעאַטער (זאַווליט) און שפּעטער מיט יאָרן, ווי

שטערנבערגס אַ לאַנגיאָריקער תּלמיד, אויך סידי טאַלס פּראָגראַממען־שרײַבער ביז זײַן עליה אין 1972.

פּנחס פאַליק איז געווען דער בינע־מײַסטער אין קעשענעווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער און אין די מלחמה־יאָרן דער בינע־מײַסטער פון מאָסקווער ייִדישן מלוכה־טעאַטער (גאָסעט), וואָס איז געווען עוואַקויִרט קיין טאַשקענט. דאָרט אין טאַשקענט האָט די נ.ק.וו.ד. פאַליקן אַרעסטירט. אין רוסלאַנד פרעגט קיינער ניט פאַרוואָס, ווײַל דאָס פרעגן קען ווערן די סיבה פון אַ נײַעם אַרעסט, נאָר סידי טאַל האָט נישט גערוט און באַוויזן דאָס, וואָס קיינער ביז איר און נאָך איר האָט אין רוסלאַנד נישט באַוויזן. זי האָט אַרויסגעשלעפּט פאַליקן פון הינטער די גראַטעס פון דער נ.ק.וו.ד., אים באַפרײַט און אַ דאַנק פאַליקן האָט זיך איר אַרטיסטישע טעטיקייט באַנײַט צוערשט אין טאַשקענט דערנאָך אין טשערנאָוויץ. אין נאָך־סטאַליניש פּעריאָד, נאָכן חורבן ייִדישע קולטור אין רוסלאַנד איז זי געוואָרן אין רוסלאַנד איינע פון די פּאָפּולערסטע ייִדישע אַקטריסעס און, דאַכט זיך מיר, אויך די לעצטע.

### וועגן דער דיכטערין אַסיאַ

די דיכטערין אַסיאַ האָט דעביוטירט, האָט אָנגעהויבן, ווי יעקב גלאַטשטיין האָט וועגן איר געשריבן, פונעם סוף און דערפאַר, זאָגט ער, מוז זי ערשט זוכן איר אָנהייב. ביז זי וועט אַ מאָל צו איר אָנהייב צוקומען, האָט זי דערווײַל אין 1972 אַרויסגעגעבן אַ לידערבוך מיטן אַסיעדיקן נאָמען "צווײַגנציטער" און אין 1981 אַ צווייט לידערבוך "ניט קיין אַלבאַטראָס" און ווער ווייסט וויפל לידער סע ליגן נאָך בײַ איר אין שופלאָד און אײַלן זיך נישט, זיך צו ווײַזן אויף דער ליכטיקער שײַן. זי אײַלט זיך נישט צו איר אָנהייב, אויב דער אָנהייב איז אין סאַמע אָנהייב נישט געקומען. געווען אַ צײַט פון ערב אָנהייב. שוין צו אַכט יאָר האָט זי לידער געשריבן. אַסיאַ איז אין די מלחמה־יאָרן אַ קליין מיידעלע געווען און דעם אָנהייב, ווײַזט אויס, אַריבערגעשפּרונגען.

אויב זי האָט אָנגעהויבן, ווי גלאַטשטיין האָט וועגן איר געשריבן, פונעם סוף, וועט זי שוין פון דאָזיקן אָנהייבן מיטן סוף נישט אַוועק און דערפאַר טאַקע שרײַבט זי אין 1970 אַ ליד אונטערן נאָמען "יאָר 1942" און אין יאָר 1979 דערציילט זי אונדז, אַז:

> נישט קיין פאַזימקעס
> האָבן די פאַזימקע־ליפּן געחלומט,
> נאָר ברויט.

דאָס וואָס די צײַטן האָבן זיך בײַ איר איבערגעמישט, הייסט אָבער נישט, אַז איר ליד איז צײַטלאָז. די צײַטן זענען בײַ איר נישט געטיילט אין קיין פּעריאָדן,

אין קיין צײַט־אָפּשניטן, ווי מע זאָגט, אַלע צײַטן זענען בײַ איר אין רונדער, רײַפּער עפּל, וואָס זי בײַסט אײַן אַ מאָל פון איין זײַט און אַ מאָל פון אַ צווייטער און לאָזט די שפּורן פון אירע ווײַסע ציין אין ווײַסן פלייש פון עפּל־איינגעווייד.

אין גאַנצן אָן אָן ענטפער, ווען זי האָט געמאַכט דעם ערשטן ביס, לאָזט אונדז אַסיאַ נישט. אין איר ליד "מײַן באָבע" איז זי אונדז מגלה, אַז:

פון אונטער דער באָבעס פליגל די ווייכע,
איר פּאַטשיילע,
אַ זינגפויגל
בין איך אַרויסגעפלויגן.

פון דעמלט אָן פליט זי אַ מאָל אונטער די וואָלקנס, אַ מאָל איבער די וואָלקנס, אַ מאָל לאָזט זי זיך אַראָפּ אַ מידע, אַ מאָל אַ קראַנקע און זינגט "אַ געזאַנג פון היץ":

וואָס האָסטו, מאַמע, צוגעטראַכט
די היץ מיר אָפּצולעשן?

און ערגעץ ווײַטער אין זעלבן ליד:

ווען קומט דער קוש צום קראַנקן שלאָף,
דער אויסלייזער. — פון וועמען?
דער רײַטער, וואָס פאַרמאָגט דעם סוד
פון אָט דער מעדיצינע
האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אינעם וואַלד,
וואָס הערט ניט אויף צו גרינען

און אַסיאַ? אַסיאַ הערט נישט אויף וועגן דעם צו זינגען און נישט נאָר וועגן אייביק גרינענדיקן וואַלד — אויך וועגן דער אייביקער שטאָט "שטאָט פון געטלעכער ירושה" זינגט אַסיאַ. איין מאָל אַרויס פון אונטער דער באָבעס פּאַטשיילע אַ זינג־פויגל, ווייסט זי דערפילן, שוועבנדיק אויף ירושלימער וועגן, אַז:

נישט צוויי אויגן, נאָר צוויי פליגל
מיך באַוועגן.

## חיים מאַלטינסקיס פּראָזע־בוך "אין זיבן זונען"

איך דערמאָן זיך אין מײַנע חטאת נעורים. איך האָב אַ מאָל מײַנס אַ באַקאַנט מיידל חושד געווען, אַז אירע זשעסטן, אירע תנועות און אפילו די אויסדרוקן אויף איר פּנים זענען געמאַכטע, קינסטלעכע, אײַנגעלערנטע און גוט צוגעגרייטע קעגן שפּיגל

און אַז גאָרנישט איז אין איר אמתדיק און עכט. ערשט מיט יאָרן־יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב באַגעגנט אירן אַ ברודער אין בראַזיל און געזען ביי אים די זעלבע זשעסטן, די זעלבע תנועות און אפילו די זעלבע אויסדרוקן אויף זיין פּנים ווי אויף זיין שוועסטערס, האָב איך זיך איבערצייגט אַז זיי זענען ביי איר געווען עכט און אַמתדיק און אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסן און זינדיקן טעות. וואָס זשע, וועט איר מיך פרעגן, האָט דאָס אַ שייכות צו חיים מאַלטינסקיס פּראָזע, וועגן וועלכער איך גיי איצט שרייבן? עס האָט.

איך געדענק שוין נישט, צי האָב איך אַ מאָל ערגעץ געלייענט אָדער פון עמעצן געהערט, צי אַליין געקומען צום אויספיר, אַז — ווילסטו וויסן צי דער און דער פּאָעט איז אין זיין פּאָעזיע עכט, אמתדיק — לייען זיין פּראָזע. נישטאָ, דאַכט זיך, קיין גרעסערער שבח פאַר חיים נחמן ביאַליקס באַרימט יידיש ליד ״מיין גאָרטן״, וואָס, טראָץ די ריטמען און די גראַמען, לייענט עס זיך ווי שלום עליכמס אַ מאָנאָלאָג.

איך האָב שוין וועגן חיים מאַלטינסקיס דיכטונג און וועגן זיינס אַ פּראָזע־בוך ״דער מאָסקעווער משפּט איבער די בירעבידזשאַנער״ געערדט און געשריבן און איצט נאָכן איבערלייענען זיין צווייט פּראָזע־בוך ״אין זיבן זונען״ האָב איך ערשט רעכט באַמערקט די זעלבע זעלבסט־איראָניע און דעם זעלבן ביטערן שמייכל, דעם זעלבן חן און די זעלבע ווויליינגערישקייט, וואָס אין זיין ליד. אגב, אין גאַנג פון דערציילן ציטירט מאַלטינסקי אייניקע זיינע לידער, וועל איך דאָך נישט גיין זיי איבערציטירן פאַר אייך. איך וויל נאָר אונטערשטרייכן, אַז אויך דער נאָמען פון איצטיקן פּראָזע־בוך ״אין זיבן זונען״, איז פון אַ שורה פון זיינס אַ ציטירט ליד.

געבוירן איז מאַלטינסקי אין 1910 און אויסגעוואַקסן אין ווייסרוסלאַנד. אין עלטער פון זיבן יאָר, אין 1917, צו זיין ווערן אַ שול־תלמיד, צו זיין, אַזוי צו זאָגן, ערשטן לערניאָר איז געקומען די סאָוועטסקי וולאַסט און אים געגעבן אַ סאָוועטיש־יידישע ״פּראָגרעסיווע״ דערציִונג. ער איז געווען אין קאָמסאָמאָל, דערנאָך אין פּאַרטיי. געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי קעגן נאַצי־דייטשלאַנד, זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן פאַר באַפרייען סטאַלינגראַד, דערגאַנגען ביז בערלין, האַרט פאַרן סוף פון דער מלחמה שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, נאָך דער מלחמה געפאָרן ווי אַ יידישער שרייבער קיין בירע־בידזשאַן, וואָס די סאָוועטן האָבן בשעתו געהאַט פּראָקלאַמירט פאַר אַ יידישער אויטאָנאָמער געגנט און ווי אַ יידישער שרייבער געוואָרן רעפּרעסירט און אַרעסטירט טראָץ זיינע אויסצייכענונגען אין דער מלחמה און טראָץ זיין שווערער אינוואַלידשאַפט. זיינע איבערלעבונגען בעתן פּראָצעס און זיינע יאָרן אין לאַגער זענען באַשריבן אין זיין אויבן דערמאָנטן ערשטן פּראָזע־בוך מאַלטינסקיס ״דער מאָסקווער פּראָצעס איבער די בירע־בידזשאַנער״. דאָס איצטיקע בוך איז מער אַרומנעמיק. דער שרייבטיש, אויף וועלכן ס׳איז געשריבן געוואָרן, שטייט ביי אַן אָפן פענצטער אין אַ געדונגען צימער ביים כנרת אין טבריה און פון אַט דעם פענצטער הייבט זיך אָן דאָס בוך. דאָ צעעפנט מאַלטינסקי פריי זיין שאַכטל מיט זכרונות און איבערלעבונגען פון

זײַנע פריסטע קינדעריאָרן אָן, װעלכע ציִען זיך פּאַר אונדזערע אויגן װי אַ שפּאַנונגס־פילם. לײענענדיק דאָס בוך, זעט מען, װי אַזוי די סאָװעטן־מאַכט מיט איר זעלבסט־געלויבטער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָט אים געבראַכט מאַלטינסקין ביז ישׂראל. צוערשט זענען געפּאָרן די קינדער דערנאָך איז עד נאָכגעפּאָרן און, אַז מע לעבט, דערלעבט מען — פיר לידערביכער און צװײ ביכער אין פּראָזע. דאָס הײַנטיקע בוך איז עס דאָס צװײטע.

## װעגן לידערבוך ״אַ טיר צום דרויסן״ פון מאיר האַלפּערן

דאָס ערשטע ייִדישע לידערבוך, װאָס איז מיר געקומען צו די הענט אין ישׂראל איז געװען דאָס בוך פון מאיר האַלפּערן ״אַ װעג אין דער נאַכט״. געשען איז עס אַזוי: װען מיר זענען אָנגעקומען ערב פּסח 1972 אין לאַנד, זענען מיר, מײַן בעלאַ ע״ה און איך, געװען אײַנגעלאַדן צום סדר של פּסח צו נחום פינקלשטײן, דער מנהל פון אולפּן פונעם מרכז קליטה אין כרמיאל, װוּ מײַן טאָכטער מיט מאַן און קינד האָבן געװױנט ביז זײער איבערפּאָרן קײן חיפה. בײַ די פינקלשטײנס אין שטוב האָב איך געטראָפן אַ פּאָר ייִדישע ביכער און צװישן זײ דאָס אויבן דער־מאָנטע לידערבוך פון מאיר האַלפּערן, װאָס איז מיר געװען אין יענער סדר־נאַכט אַ המשך פון דער הגדה של פּסח.

שפּעטער. שפּעטער איז מיר בעלאָטשקע קראַנק געװאָרן און אין האַרבסט פון זעלבן יאָר אַװעק פון דער װעלט. נאָך שפּעטער איז אויך פינקלשטײן פּלוצים געשטאָרבן און איך האָב האַלפּערנס לידערביכל פאַרגעסן פונקט װי איך האָב נישט געדענקט אויך אין אַנדערע זאַכן.

קײן שום ייִדישע צײַטונג, צײַטשריפט פון לאַנד און פון אויסלאַנד האָבן מיך אין דעם נאָמען מער נישט דערמאָנט ביזן יאָר 1977, װען אין רעדאַקציע פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ זענען אָנגעקומען עטלעכע פון מאיר האַלפּערנס לידער, װאָס מיר האָבן, אגב, אין אַכטן נומער אָפּגעדרוקט, האָב איך זיך גענומען נאָכ־פרעגן אויפן מחבר און ס'האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז די לידער האָט אַרײַנ־געשיקט זײַן פרײַנד, דער דיכטער משה זאַלצמאַן פון תל אביב.

איצט איז מיר געקומען צו די הענט האַלפּערנס אַ צװײטע לידערבוך ״אַ טיר צום דרויסן״ און װידער נישט דירעקט פון אים. דאָס בוך האָט אַרויסגעגעבן אַ גרופּע פרײַנד פון מאיר האַלפּערן, װײַל ער אַלײן, דער דיכטער, איז סוף זומער 1980 אין עלטער פון 75 יאָר אַװעק פון דער װעלט.

אין די לעצטע יאָרן, שרײַבן אין דער הקדמה צום בוך זײַנע פרײַנד, די אַרויסגעבערס, אין זײַנע לעצטע יאָרן האָט ער זיך שטאַרק געװאָקלט, צי ער זאָל פאַרעפנטלעכן זײַנע שריפטן. פון אײן זײַט האָט ער שטענדיק געאַרבעט איבער זײ און פון דער צװײטער זײַט אויסגעדריקט ספקות װעגן זײ. און דאָס הײסט, זאָגן מיר, אַז װען דער דיכטער מאיר האַלפּערן לעבט װײַטער, װאָלט ער װײַטער איבער

זיי געאַרבעט. זײַנע לידער זענען שטענדיק געשטאַנען אָפֿענע און שטייען אָפֿענע אויך איצט אין בוך־פֿאָרם. מע זעט אין זיי די פֿאַרשידענע סטאַדיעס, די פֿאַרשידענע שיכטן, ווי מע זעט עס בײַ אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען, די עדות פֿון פֿאַרשידענע צײַטן. ער האָט זיך נישט געאײַלט אַרויסצוגעבן און צו דרוקן זײַנע לידער, נאָר זיי געלאָזט דורכמאַכן צוזאַמען מיט זיך פֿאַרשידענע איבערלעבונגען. דעם סוף פּסוק, די נקודה בײַ יעדער ליד האָט געשטעלט דער טויט.

"דער דיכטער פֿון אַבסאָלוטן יאוש" מיט אָט די ווערטער האָט אים מספּיד געווען זײַן קאָלעגע, דער אויבן דערמאָנטער משה זאַלצמאַן, און ווי אַנדערש וועט איר אָנרופֿן דעם, וואָס האָט געשריבן: מיר ווייסן עס פֿון פֿריער — / שוין בײַם געבורט שטייט אַ מלאך / מיט אַ פֿאַרדעקטן פּנים, / און באַטרויערט אונדזער מזל. און ווי אַנדערש וועט איר אָנרופֿן דעם דיכטער, וואָס דערציילט: זענען מיר געוואָרן חברים / מיט די אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער.

מיר לייענען מיט סימפּאַטיע און מיט מיטגעפֿיל די שיינע טרויעריקע לידער פֿון דיכטער מאיר האַלפֿערן, ווײַל ער האָט זיי געשריבן מיט סימפּאַטיע און מיט מיטגעפֿיל צו אונדז אַלעמען.

## וועגן יידישן דיכטער משה זאַלצמאַן

דער דיכטער משה זאַלצמאַן האָט זיך געשטעלט אין אַ זײַט פֿון סאַמע אָנהייב אָן. די ראָל פֿון אַ צושויער איז אים, ווײַזט אויס, נעענטער צום האַרצן ווי די ראָל פֿון אַ שפּילער. ערגעץ אויף די וואָגל־וועגן פֿון די מלחמה־יאָרן האָט ער זיך געטראָפֿן מיטן באַוווּסטן יידיש־סאָוועטישן דיכטער דוד האָפֿשטיין און באַקומענדיק פֿון אים סמיכה אויף דיכטונג האָט ער זיך מיט איר, מיט אָט דער סמיכה, אומגעקערט קיין פּוילן און געדרוקט זײַנע טיף־ייִדישע דערציילונגען און לידער אין די דאָרטיקע אויסגאַבעס. אַ שטיק צײַט געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר פֿון די וואַרשעווער "ייִדישע שריפֿטן", געאַרבעט אויך אין פֿאַרלאַג "ייִדיש־בוך" און אַז די שעה האָט געשלאָגן, איז ער אַוועק קיין אויסטראַליע און פֿון דאָרט קיין ישׂראל.

איך דערמאָן זיך: זומער 1956 האָבן מיר, די טשערנאָוויצער ייִדישע שרײַבער זיך דערוווּסט וועגן די וואַרשעווער ייִדישע אויסגאַבעס. עמעצער האָט זיי שוין ערגעץ געזען און געלייענט. עמעצער באַקומט זיי שוין אפֿילו דאָ אין טשערנאָוויץ און מע קאָן אַהין אויך פֿון דאַנען שיקן און דרוקן. מיר האָבן געקראָגן די אַדרעסן און... אײַנגעשטעלט. סע זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און איך קריג אַ פּעקל מיט עטלעכע נומערן פֿון "ייִדישע שריפֿטן", אַלטע נומערן. געבראַכט האָט זיי פֿון פּוילן אַ פּוילישער בחור, אַ טשערנאָוויצער אײדעם, וואָס איז דאָרט געווען צו גאַסט. ווײַזט זיך אַרויס, מיט מײַן שיקן אַהין לידער האָט עס נישט קיין שייכות. דאָס האָט משה זאַלצמאַן, וואָס איז אין 1945 געווען בײַ מיר אין שטוב עטלעכע שעה, מיך געדענקט און אויסגענוצט די ערשטע געלעגנהייט, וואָס האָט זיך אים

געמאַכט. צוויי נומערן מיט זײַנער אַ דערציילונג "טעקעלעך". אַ גרעסערע דער־ציילונג וועגן ייִדישן לעבן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן און דאָס ווילדעווען פונעם אַנטיסעמיטיזם דאָרט. די דערציילונג איז אַן איראָנישער רמז אויפן היײַנטיקן פוילישן אַנטיסעמיטיזם. זאַלצמאַן איז אַ געליטענער פונעם נאָכמלחמהדיקן קעלצער פאָגראָם. אין די אַנדערע נומערן — זײַנע לידער־ציקלען, וועלכע האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן רושם. עפּעס גאָר אין גאַנצן אַנדערש ווי דער געוויינלעכער אָנגענומענער נוסח. לידער מיט שטאַרקע נאַציאָנאַלע טענער, אפילו די סאָציאַלע מאָטיוון זענען אַנדערש. הייסט עס, אַז אין פוילן קאָן מען שרײַבן אַנדערש. אַזוי האָט זיך אונדז דעמלט געדאַכט. ס'איז געווען אין יענע עטלעכע יאָר, ווען ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז האָט נאָכגעלאָזט און:

זע, ס'האָט די וועלט אויסגעטאָן
אירע שווערע ווינטער־שטיוול,
ווי מע וואַרפט אַראָפּ פון זיך קייטן.
אין ווייכע לײַכטע סאַנדאַלן
שפּאַנט דער פרילינג איבער בוים און פעלד.

ס'איז פרילינג אויף דער וועלט. האָפענונג, בטחון. גאָט שיקט צו יעדן באַ־שעפעניש זײַן שפּײַז און משה זאַלצמאַנען זײַן געגאַרטן טרויער. פאַר אים איז אַלץ ערנסטע איבערלעבענישן:

שטאַר, אַ שטאָלצער שוואַן
אויפן ים־שפּיגל געשאַכטן.
זינקט די זון אַלץ טיפער, טיפער,
טרינקט זיך אין די צעגליטע ים־פּאַליעס,
ביז זי ווערט אין זײַנע כוואַליעס נעלם.
שטיי איך מיט אַן אָפן מויל —
אַ גולם —
קיין וואָרט ניט אויסצורײדן.

ווי שוין געזאָגט, איז אים נענטער די ראָל פון צושויער, אָבער ניט קיין פּאַסיווער צושויער:

מיר איז אַ שאָד אַלץ אין איינעם,
עס לאָזט איבער אין מיר אַ בענקשאַפט,
אַ נאָגעניש ביז ווייטיק,
מיר איז דער ווייטיק — נייטיק.

און ערגעץ ווײַטער:

איך האָב דיך ליב, ליד מײַנס,
און דעם פרילינג אָן אַ שיער,
דאָך איז מיט אײַך אַזוי שווער מיר,
אַזוי באַנג,
באַנג אומגעהויער —
מיר איז אַ שאָד דער טרויער.

בײַם שליסן דעם נומער דערוויסן מיר זיך וועגן טויט אין עלטער פון 73 יאָר פון דיכטער משה זאַלצמאַן ז״ל. כבוד זײַן ליכטיקן אָנדענק.

**צוויי**

צוויי — אַזוי הייבט אָן דער גרויסער יידישער משלים־שרײַבער אליעזר שטיינבאַרג איינס פון זײַנע בעסטע משלים ״דער אָדלער און דער מוילוואָרף״: ״צוויי — דער אָדלער און דער מוילוואָרף הויך געפלויגן, / ווײַט געצויגן — / איינער, ווי געווײנלעך, מיט די פליגל / און דער צווייטער מיט דער מאַכט פון מלך שלמהס זיגל. / זיבן טעג געפלויגן, אויפן אַכטן / אָנגעקומען צום גן עדן־תחתון. / (אָנגעזאָגט זיי שלמה: ״דעם גן עדן מיר באַטראַכטן! — — —)״ און ערגעץ ווײַטער אין דאָזיקן משל טרעפן מיר צוערשט דעם אָדלער, וואָס פליט איבער אַלץ און ער ״באָדט זיך פון דער ווײַטנס אין די גלאַנצן / פונעם גאַנצן״ און דערנאָך דעם מוילוואָרף, וואָס גראָבט, ״זוכט אוצרות, וואָס זיי ליגן / אינעם שאָרבן פונעם זיידן / פון די פליגן״. ״און דער שפּיץ — ענדיקט שטיינבאַרג דאָס משל — דער אָדלער ווייסט נישט גאָרנישט וועגן גאָר / און דער מוילוואָרף אַלצדינג ווייסט ער וועגן גאָרנישט״. צוויי וועגן פון פאָרשן, באַטראַכטן, דערקענען, צוויי קעגנזײַטיקע נאַטורן — דער אָדלער און דער מוילוואָרף.

אין זעלבן באַנד משלים טרעפן מיר אַ משל ״דער אָדלער און דאָס זומער־פייגעלע״. ווידער צוויי, דאָס מאָל ביידע באַפליגלטע, נאָר איינער איז גרויס און מעכטיק און דאָס צווייטע קליין און נישטיק. דער אָדלער מאַכט זיך פונעם פלאַטערל, פון דער באַבעטשקע, אַ שפּיל, שרעקט עס איבער אויף טויט, צום סוף לאָזט ער עס אָפּ און דאָס באַפרײַטע פלאַטערל דערקלערט, אַז ס׳איז אים, דעם אָדלער, מוחל, רופט דער אָדלער אויס: ״איך בין מוחל, זאָל קיין נישטיקל נישט שרײַען, / ווער סע קען באַשטראָפן, דער נאָר מעג פאַרצײַען״. אין זעלבן גײַסט איז אויך דאָס משל ״דער לייב און דאָס מײַזל״. ווידער צוויי. צענדליקער משלים טרעפן מיר, אין וועלכע סע באַטייליקן זיך צוויי — ״די שפּיז און די נאָדל״, ״די נאָדל און דער בײַנוול״, ״האָדל און די נאָדל״, ״דער קאָטער און דער טאָטער״, ״די באַרשט

און דער קאַמאַש״, ״דער שפּיגל און דאָס בילד״, דער שפּיגל און דער מלאך״. דער חזיר, דער פעטער באַלעבעסלדיקער חזיר, איז ממש אַ סטאַר אין שטיינבאַרגס משלים. ״דער חזיר און די וואַראַנע״, ״דער חזיר און דאָס פערד״, ״דער חזיר און דער סאָלאָוויי״, ״דער חזיר און דער האָן״. איך וואָלט נאָך געקאָנט אויסרעכענען אַ סך אַ סך משלים מיט צוויי באַטייליקטע: ״די קאַץ און דער הונט״, ״דער הונט און די גענדז״, ״דער הונט און דער ים״, ״דער רויך און די כמאַרע״, ״מרימס ברונעם און דער עמוד אש״ און אַזוי ווײַטער און ווײַטער.

פאַראַן משלים אין וועלכע סע שפּילן צוויי פּונעם זעלבן מין — ״צוויי פייגעלעך״, ביידע געפינען זיך אין איין שטײַגל, איינס — אַ רוּיִקס, וואָס מאַכט שלום מיטן גורל און דאָס צווייטע אַן אומרוּיִקס און — ״די רו פון אומרו אפשר ווייסט איר ווו ?. ״צוויי ציגן״, נאָר איינע פון זיי איז ״אַ ציג, אַ ציג און גאָר פון ליים אַ ציגל״. ״צוויי הינער״, איינע קלאָגט זיך אויף אירע הינדעלעך די שטיפערס פאַר דער צווייטער אַ הון אַן עקרה און ברענגט זי אַרויס פון די כלים: ״שיינע שטיק, / קלאָגט און וויינט און רייצט מיך מיט איר גליק״. ״צוויי קאַטשקעס״, וואָס באָדן זיך, איינע איז אַרויס פאַרבלאָטיקט און די צווייטע ריין און קוקנדיק איינע אויף דער צווייטער גייט די ערשטע זיך ווײַטער באָדן און די צווייטע די פאַרבלאָטיקטע מאַכט דעם אויספיר: ״אַז יענע איז ריין מכל שכן איך״. ״צוויי אייזלעך״, איינס באַדויערט דאָס צווייטע, וואָס ״צוליב אַ נאַרישקייט — פרנסה — אַזוי פיל חכמה גייט פאַרלוירן״. ״צוויי פעדעם״ — דער שוסטער־פאָדעם און דער פאָדעם זײַד, וואָס איז אים מקנא — ״איך וואָלט אויך זיך דורכגעשלאָגן, ווען, / ווען איך האָב / אויך ווי דו אַ חזירקאָפּ״.

און אַהרון אַחרון אליעזר שטיינבאַרגס סאַמע ערשט משל געדרוקט אין וואַרשע אין 1909 ״צוויי רויזן״, איינע ״פון פּאַפּיר און דראָט״ און ״די צווייטע — געל, פאַרשמאַכט, / כאָטש פון גאָרטן ערשט געבראַכט״, און ווען די ערשטע הערט פון דער צווייטער: ״גאָרטן — הייסע שטראַלן — פרישער טוי״ — נאַרישקייטן, זאָגט די ערשטע, דאָכט זיך, סערדצע, דײַנע נערוון שוואַך — — וואָלסט געהאַט דו נערוון אַט ווי איך פון אײַזן — / ניטע! אוי, וואָס רעדסטו? / מיט די כוחות מיט די לעצטע / האַקט איר איבער די פאַרשמאַכטע, / ״זיבן וואָכן איך געבליט, / מיר דעם טויט געבראַכט די אַכטע, / אָבער נישט מסוכן, נישט מסוכן! / איידער אייביק טרוקן / און נישט וויסן קיין מאָל / נישט פון טוי און נישט פון הייסע בליקן / — שטאַרבן און כאָטש איין מאָל / מיט אַ טראָפּן טוי זיך קוויקן!״

## פֿעליעטאָן וועגן ליטעראַטור

געווען אַ מאָל אַ צײַט און גאָרנישט אַזוי לאַנג צוריק אין געווען די צײַט, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט, יעדנפאַלס די ייִדישע וועלט, טיילט זיך בלויז אויף צוויי טיילן. איין טייל, די קלענערע, איז באַשטאַנען פון יחידי סגולה,

שרײַבערס — ווי פּאָעטן, עסייאיסטן, נאָוועליסטן, ראָמאַניסטן, אויך דראַמאַטורגן און די צווייטע, די גרעסערע טייל — פון לייענערס־פּאַרערערס און שוין און דאָס איז די גאַנצע וועלט, פאַרשטייט זיך, די ייִדישע גאַנצע וועלט. ווער האָט עס, למשל, אין סאַמע קלענסטן ייִדישן שטעטל אַפילו נישט געוווּסט, וואָס סע מיינט מענדעלע מוכר ספרימס „די קלאַטשע" אָדער ווער סע איז „פישקע דער קרומער". ווער האָט עס נישט געקענט דעם נאָמען שלום עליכם און וואָס סע שטעלט מיט זיך פאָר זיין טביה דער מילכיקער? אָדער וואָס ס'איז אַזוינס אַ מנחם־מענדל? דער גרעסטער גראָבער יונג אין שטעטל, אַז ער פלעגט אַ זעץ טאָן מיטן פויסט אין טיש, פלעגט ער דעם זעץ באַגלייטן מיט אַ — וואָס מיינט איר? איך בין אייך אַ באַנציע שווייַג פון יצחק לייבוש פרצן? אַז ס'האָט אַ מאָל געטראָפן, סע זאָל זיך נישט טרעפן, אַז אַ מיידל האָט אַפּגעלאָזט דעם שידוך, האָט מען זי באַלד געקרוינט פאַר אַ „בערגלסאָנס מירעלע". וואָס פאַר אַ מיידל, אַן אַלט מיידל אפילו, האָט דאָרט לעצטנס צוגעלאָזט צו זיך אַ שדכן? זי וועט חתונה האָבן נאָר אויס ליבע, ווי סע שרײַבט זיך אין די ראָמאַנען.

משפטים זענען דאָרט פאַרגעקומען נאָר ליטעראַרישע. אַשס „מאָטקע גנב" האָט מען כמעט יעדעס יאָר געמשפּט און יעדעס יאָר באַפרייַט, ווײַל נישט ער איז שולדיק, נאָר די געזעלשאַפט.

אַן שרײַבערס און זייערע געשטאַלטן האָט זיך קיין שום שמועס נישט גע־קלעפּט —

וואָס שטייסטו ווי לייוויקס גולם און רירסט זיך נישט פון אָרט — אָדער:

קוקט אים נאָר אָן דעם מאַרטירער, ער וואַלגערט זיך אַרום אויף לייוויקס „סיבירער וועגן" און עסט ווייַנטרויבן — אָדער:

דו ווייסט, לייבל מיט לאהן שפּילן אַ ליבע, פירן צווישן זיך „אַ ראָמאַן פון אַ פערדס־גנב" פון יוסף אָפּאַטאָשו. — אָדער:

אין דרויסן איז איצטער „נאַכט, ווינט און שגעון" ווי אין מאַנגערס אַ באַלאַדע.

אַז איינער פון די שוחטים פלעגט דורכגיין די גאַס, פלעגט מען זיך גלייַך דערמאָנען אין שטיינבאַרגס אַ משל: „און אַ שאַרפער חלף האָט הצלחה, / אי ער קוילעט, אי מע מאַכט אויף אים אַ ברכה".

אַז די צייַטונגען האָבן געמאָלדן וועגן אַ וויזיט פון אַן אויסלענדישן גאַסט, אַ קעניג צי אַ קייסער, וואָס איז געקומען אין דער ווייַטער הויפּשטאָט פון לאַנד, איז צוליב וואָס איז ער געקומען? ער איז געקומען צום שוסטער צו פאַרריכטן די שיך ווי סע שטייט געשריבן בייַם פּאָעט משה לייב האַלפּערן. און אַז איינער איז שטאַרק מיד פון שווערער אַרבעט, איז ער מיד ווי משה לייבס האַרש־בער דער קוילנטרעגער און אַז איינער האָט אַ מאָל זיך פאַרשלאָפן, האָט ער פאַרשלאָפן אַ וועלט־אונטערגאַנג פון משה נאַדירן. געלייענט האָט מען אַ סך ראָמאַנען און נישט נאָר ייִדישע. ווען חנה באַסיעס האָט זיך אָנהויבן רופן אַנאַ איז, אדרבא, נאָר מע האָט איר צוגעגעבן אויך אַ נייַע פאַמיליע — קאַרעניני. און אַזוי איז פאַרבליבן.

דעם גבירס שנור די מאַדאַם מיט די אויסגעלייגטע האָר האָט מען אין שטעטל

גערופן מאַדאַם באַוואַרי. דעם שערער מיט דער נאַסער פּריזור — דאַן זשואַן. בערל בטלן האָט מען גערופן דער דאָן קיכאָט, וואָס שלאָגט זיך מיט ווינט־מילן, כאַטש אין שטעטל איז גראָד געווען אַ וואַסער־מיל און דעם באַלעבאָס אירן יאָסל שקאַלניק האָט די יוגנט אַ נאָמען געגעבן — יוסף ראַלניק. אויף אַט דעם נאָמען האָט אים דער אייגענער זון געשיקט בריוו פון אַמעריקע און דער גוישער פּאָטשטאַליאָן האָט זיך קיין מאָל נישט טועה געווען. די וועלט איז שוין היינט נישט אַזאַ ליטעראַרישע. זי באַשטייט שוין פון אַנדערע טיילן און נישט גראָד פון צוויי אָבער דאָס קער זיך שוין מיטן ירושלימער אַלמאַנאַך נישט אָן.

## מנוחה ראָמס בוך דערציילונגען "שטיינער"

טראָץ דעם וואָס דעם נאָמען פון דער טאַלענטירטער דערציילערין מנוחה ראָם טרעפן מיר אין דער פּרעסע כמעט שטענדיק צוזאַמען מיטן נאָמען פון איר מאַן, דער דיכטער משה וואַלדמאַן. ווי אָפט לייענען מיר: דער דיכטער משה וואַלדמאַן און די פּראָזאַיקערין מנוחה ראָם זענען געקומען אויף אַ באַזוך אין ישראל, אָדער: משה וואַלדמאַן און מנוחה ראָם זענען אַרויסגעפאָרן אין צפון פון לאַנד צי אין דרום פון לאַנד כדי צו זאַמלען מאַטעריאַל פאַר נייע שאַפונגען א.א.וו. טראָץ דעם ווייסן מיר אָבער, אַז איינציייטיק געהער זי אויך צו אַן אַנדער משפחה, דער משפחה פון פּרויען־שרייבערינס, ווו זי פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט. נאָך אירע גרעסערע צוויי דערציילונגען "ווייטער פון טראַקט", פּאַריז, 1961 און "ווינטן" ב.איירעס, 1964 איז אין תל אביבער פאַרלאַג "ישראל־בוך" אין 1970 אַרויס אירע אַ זאַמלונג דערציילונגען "אַרום דער ווערבע" און דאָ נישט לאַנג איז אין זעלבן פאַרלאַג אַרויס איר פערט בוך מיט ח״י דערציילונגען "שטיינער" לויטן נאָמען פון דער סאַמע ערשטער דערציילונג. מנוחה ראָם דערציילט: אַ גרופּע פריינד קומען זיך צונויף אויף אַ שמחה און מע דערמאָנט זיך און מע דערציילט זיך נעכטיקע שווערע איבעלעבענישן אין פריידן, אויף שמחות, ווי מע זאָגט ביי ייִדן.

—געדענקסטו, מרדכי, דעם שמוציקן ביין, וואָס דו האָסט געקריגן און זיך געוואָלט מיט אונדז טיילן אויף דריי גלייכע חלקים. מיט אַ שטיין אויף אַ פּיען האָסטו אים געהאַקט און צעבראָכן. און מרדכין איז איצט גוט די דערמאָנונג, וואָס ער האָט געהאַט געגונג כח דעמלט זיך צו טיילן מיטן ביין.

נחמן דערציילט, ווי אַזוי זיין מוטער פלעגט אים קליינערהייט יעדן פרייטיק שיקן מיט חלות אין אַן אָרעמער שטוב אַריין. האָט איין מאָל אין אַ פרייטיק געטראָפן, זי האָט אין דעם פאַרגעסן און זיך דערמאָנט שוין פרייטיק צונאַכטס און ווי אַזוי ער איז געלאָפן, געטראָפן אַ ליידיקע שטוב. אויפן טיש איז געליגן אַ טישטעכל און אונטערן טישטעכל, וואָס ער האָט עס אָפּגעדעקט, צוויי שטיינער און וואָס ער האָט זיי, די שטיינער, פאַרביטן אויף צוויי חלות. און דאָ דערמאָנט זיך חנה, די גאַסטגעבערין, אין איר קינדהייט, אין צוויי שטיינער, מיט וועלכע זי

האָט זיך געשפּילט, די מוטער האָט זיי בײַ איר צוגענומען, אָװעקגעלייגט אונטערן טישטעכל און דערנאָך האָט זיי אליהו הנביא פאַרביטן אויף חלות. נחמן טײַערער, האָט זי פּלוצים אויסגערופן, דאָס זענען דאָך מײַנע שטיינער, וואָס דו האָסט פאַרוואַנדלט אין אליהו הנביאס חלות.

אין אַ צווייטער דערציילונג ״באָסיע און אפרים״ — גיי פאַרזיכטיק, באָסיע. דאָ זענען פיל שטיינער. — אויפן וועג צו מײַן האָטעל ליגן אויך קופּעס שטיינער אין אַ סך קאָלירן און אַזעלכע לענגלעך קײַלעכדיקע — ווי טרערן, פאַלט אַרײַן אפרים אין די רייד, דאָס זענען דער מאַמע רחלס פאַרשטיינערטע טרערן.

אין בוך טרעפן מיר נישט ווייניק דערציילונגען אויף ישראלדיקער טעמאַטיק און דערציילונגען פון די ביטערע מלחמה־יאָרן אין טרויעריקן רוסישן הינטערלאַנד. די שטאַרקסטע דערציילונג אין בוך איז לויט מײַן מיינונג ״אַ בילד צווישן בילדער״. די דאָפּלטע משא, וואָס אַן אײדעלע פרוי טראָגט אויף זיך — די אייגענע איבערלעבענישן און די איבערלעבענישן פון איר מאַן. נאָר אַ שוועסטער אַ פרוי איז מסוגל אַרויסצוברענגען אָט די שילדערונג אין איר גאַנצער איידלקייט, ווי סע טוט עס טאַקע די דערציילערין מנוחה ראָם.

## אברהם רייזין דער דיכטער — צום 30סטן יאָרצײַט

ווען מע רעדט וועגן אברהם רייזין דעם פּאָעט, הערן מיר אָפט — דער באַליבטער פּאָעט, אָדער, אַברהם רייזין איז איינער פון די פּאָפּולערסטע יידישע פּאָעטן. אים אָנרופן גרויסער, ווי איך מיין, אַז ער איז עס, האָט מען עפּעס מורא אַ ביסעלע, מע היט זיך, מע רעכנט באַלד אויס אַ לאַנגע־לאַנגע רשימה מיט נעמען פון גרויסע און נאָך גרעסערע יידישע דיכטער, וועלכע האָבן אויפגעהויבן די יידישע דיכטונג צו די סאַמע העכסטע הייכן. איך מיין אָבער, אַז אין טרעפּן־הויז, אין חדר המדרגות, פון אונדזער גרויסער דיכטונג פאַרמאָגט דער דיכטער אברהם רייזין איינער אַליין אַ גאַנצע טרעפּ. אַ ברייטע און גרויסע טרעפּ און ס׳איז אין גאַנצן נישט וויכטיק, צי די טרעפּ איז אין מיטן פון דער לייטער, צי אויבן אין דער הייך צי נאָך העכער. אָפט טרעפט, אַז מע גרייכט צו די העכסטע הייכן, נאָר ס׳איז נישטאָ, ווו אַ פוס אַוועקצושטעלן, ווײַל סע פעלט אַן אייגן טרעפּל, אַ טרעפּל, וואָס מע האָט אַליין זיך אויסגעבויט. זאָל אײַך נישט פאַרקומען קאָמיש, ווען איך זאָג, אַז די לידער פון אברהם רייזין, איידער ער, רייזין, האָט זיי אָנגעשריבן, זענען זיי נישט געווען.

צי קענט איר זיך פאַרשטעלן, אַז ס׳איז געווען אַ צייט, ווען ס׳איז נישט געווען אַזאַ ליד ווי, למשל ״מאי־קא משמע־לן״ און נישט ״הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן״ און נישט דאָס ליד ״קירכן־גלאָקן״, נישט דאָס ליד ״די וואַנט״ און נישט דאָס ליד ״צום העמערל״ און נישט דאָס ליד ״אַ געזינד זאַלבע אַכט״ און נישט אַנדערע,

צענדליקער אַנדערע, באַרימטע ייִדישע לידער, געווען אַזאַ צײַט ווען די לידער זענען נישט געווען און אברהם רייזין האָט זיי אַלע געמוזט אָנשרײַבן, כדי זיי זאָלן זײַן און אַז ער האָט זיי אָנגעשריבן, מיינט מען, אַז זיי זענען פון אייביק אָן געווען. איר קענט אַלע די מעשה מיט קאָלומבוסעס איי. קיינער האָט עס נישט געקענט אוועקשטעלן סע זאָל שטיין, ווי קאָלומבוס האָט געבעטן און ווען ער אַליין האָט עס געטאָן, אָנקלאַפּנדיק דאָס איי אַ ביסעלע אונטן, האָבן זיך אַלע געכאַפּט, אַז זיי קענען אויך. נאָך קאָלומבוסן האָבן אַלע געקענט. נאָך רייזינען זענען אַלע גרויסע און נאָך גרעסערע פּאָעטן. אגב, דאָס ערשטע ליד, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן, ווען כ'האָב אין די צוואַנציקער יאָרן אָנגעהויבן צו לייענען ייִדיש, איז געווען פון אברהם רייזין. כ'האָב עס געטראָפן אין דער כרעסטאָמאַטיע פון חיים לעקער, וואָס דער טשערנאָווי־צער ייִדישער שולפאַראיין האָט אַרויסגעגעבן און הייסן הייסט דאָס ליד "משה" — איר אַרבעט פון פרי, / איר אַרבעט ביז שפּעט / בײַ ציגל און ליים. / איר גראָבט און איר קנעט / און בויט פאַר פרעהן / פּאַלאַצן און שטעט. אין דאָזיקן ליד האָבן זיך צונויפגעטראָפן, ווי אין די מערסטע לידער רייזינס, סײַ דער נאַציאָנאַלער, סײַ דער סאָציאַלער מאָמענט.

אין די דרײַסיקער יאָרן, געדענק איך, דאַכט זיך אין 1935 אין טשערנאָוויץ האָט מיר אַ יונגער ייִדישער דיכטער אַ זאָג געטאָן וועגן רייזינען: אַ קליינבירגער־לעכער, אָפּגעשטאַנענער און פאַרגעסענער דיכטער. אָפּגעזאָגט און ערגעץ פאַר־שווונדן. מער האָב איך אים נישט געזען און פון אים נישט געהערט. הײַנט געדענק איך נישט אַפילו זײַן נאָמען און דאָס איז געשען עטלעכע יאָר פאַר דער שואה. אַנדערע זענען געווען צו רייזינען מילדער. מע האָט אים געטאָן אַ טובה און מע האָט אים אָנערקענט פאַר אַ סאָציאַלן דיכטער נאָר מיט אַן "אָבער", אַ סאָציאַלער דיכטער האָבן זיי געטענהט אָבער נישט קיין רעוואָלוציאָנערער דיכטער. וואָס ס'איז געוואָרן פון אונדזערע רעוואָלוציאָנערע דיכטער ווייסט איר אַלע. געבליבן איז דאָס לויטערע סאָציאַלע ליד פון אברהם רייזין —

אַ געזינד זאַלבע אכט
און בעטן נאָר צוויי
און קומט אָן די נאַכט,
ווו שלאָפן דאָן זיי?
דרײַ מיטן טאַטן
און דרײַ מיט דער מאַמען,
הענטלעך און פיסלעך
געפלאָכטן צוזאַמען.

ציטירן קאָן מען אָן אַ סוף. לידער וועגן קנעכטשאַפט ווי דאָס ליד "משה", לידער וועגן אָרעמקייט, נויט און ענגשאַפט און נאָך די אַלע לידער פאַרבײַסן און טאַקע ווידער מיט אברהם רייזינס אַ סטראָפע:

אין דער ענגער וווינונג
ווו די מידע זיצן
זאָל אַ ליד באַלוינען,
זאָל אַ ליד באַשיצן.

## וועגן חיים זײַדמאַנס בוך "דער חוב פֿון זכרון"

דער כאַראַקטער פון חיים זײַדמאַנס בוך "דער חוב פון זכרון" איז אַ צווייענדיקער. ס'איז אי אַ מעמואַרן־בוך, אין פולסטן זין אַ בוך זכרונות, אי אַ יִזכור־בוך. זכרונות פון חיים זײַדמאַן און אַ יִזכור־בוך נאָכן רומעניש־יִדישן שטעטל האַרלוי, ווו זײַדמאַן איז אויסגעוואַקסן און געלעבט.

ביַים לייענען די מאָטיוון פון דער זשורי צוצוטיילן חיים זײַדמאַנען די סובווענץ פון הורוויץ־פאָנד אַרויסצוגעבן זײַן בוך "דער חוב פון זכרון" איז אויסגעדרוקט געוואָרן דער ווונטש, ער זאָל ווײַטער אָנגיין מיט זײַנע זכרונות און אַרײַננעמען אויך דעם ירושלים־פעריאָד פון זײַן לעבן עד מאה ועשרים. איז עס אַ פאַרשטענד־לעכער ווונטש און דער בוך בלײַבט אָפן פאַר אַ המשך פון זײַנע זכרונות, וועלכע זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט און פאַרכאַפּנדיק. וואָס ס'איז שייך דעם יִזכור־בוך, איז ער פון זײַדמאַנס צד אָן אויסגעשעפּטער און אָפּגעשלאָסענער און איז אין זײַן פאַרנעם אַ סך מער ווי דער חלק, וואָס איין מענטש קאָן בײַטראָגן.

אין אַ שמועס מיט מיר — איך בין גראָד געווען אַ שותף צו דער זעלבער פאַרטיילונג פון דער סובווענץ פון ירושלימער הורוויץ־פאָנד פאַר מײַן לידער־בוך "גרינער ווינטער — מאַרקולעשט" — האָט מיר זײַדמאַן געזאָגט, אַז האַרלוי איז דאָס איינציקע רומעניש־יִדישע שטעטל, וואָס האָט זוכה געווען אַ דאַנק אים הייסט עס, זײַדמאַנען, פאַראייביקט צו ווערן, נאָר איך האָב זיך דערמאָנט און אויך זײַדמאַנען האָב איך דערמאָנט אין שמחה שוואַרצס פרעכטיקע פראַגמענטן פון זײַן ראָמאַן "פאַדעלוי" — אַ שטעטל פון דעם זעלבן מאָלדעווע.

אמת, דער ראָמאַן פון שמחה שוואַרץ איז געבליבן אַ "געפּלאָנטער" און אין כמות מאַכן אויס די פאַר פאַרבליבענע פראַגמענטן נישט מער ווי אַ פּאָר פּראָצענט אין פאַרגלייך מיט זײַדמאַנס גרויסן און סאָלידן בוך און די געשיכטע, אויך די געשיכטע פון דער ליטעראַטור, ווייסט צו פאַרצייכענען נאָר דאָס וואָס איז געשען און נישט דאָס, וואָס האָט געקאָנט געשען, נאָר אויב שמחה שוואַרץ האָט בלויז געגעבן דעם טאָן, דאַרף מען עס אויך נישט פאַרלירן פון חשבון.

דער וועלטבאַרימטער רוסישער ראָמאַניסט דאָסטאָאיעווסקי האָט געזאָגט וועגן גאָגאָלס קורצער דערציילונג "דער שינעל" — מיר זענען אַלע אַרויס פון גאָגאָלס שינעל. דאָס זעלבע קאָנען זאָגן די יִדישע שרײַבערס פון דער מאָדערנער יִדישער ליטעראַטור וועגן שלום אַשס "דאָס שטעטל" — מיר זענען אַלע אַרויס פון שלום אַשס "דאָס שטעטל".

אין זײַן פאַרוואָרט צו זײַן בוך איבערזעצונגען פון אַלוועלטלעכן פאָלקלאָר

„פעלקער זינגען“ שרײַבט איציק מאַנגער בערך אַזוי (איך ציטיר לויטן זכרון): די שיינקייטן פון פרעמדן פאָלקסליד וועלן אונדז העלפן צו געפינען די שיינקייטן פון אונדזער אייגן ייִדיש פאָלקסליד. די שיינקייטן פון פויליש־ייִדישן שטעטל בײַ שלום אַש האָבן געהאָלפן פריער שמחה שוואַרצן אין זײַנע פרוּוון צו שרײַבן וועגן מאָלדעווישן שטעטל „פאַדעלוי“ און דערנאָך חיים זיידמאַנען אַרויסצובאַקומען די שיינקייטן פון זײַן מאָלדעוויש־ייִדישן שטעטל האַרלוי בײַם אָנשרײַבן זײַן בוך פון קאַרגע 400 זײַטן „דער חוב פון זכרון“.

## צו שלמה רויטמאַנס ווערן אַ בן שבעים

ווען אין מאָסקווע איז אין 1961 דערשינען דער ערשטער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָט יעקב גלאַטשטיין אין ניו־יאָרק צווישן אַנדערע זיך אָפּגעשטעלט אויף שלמה רויטמאַנס ליד „וואָס אין פידעלע שטעקט“. ווען אין 1965 זענען אין מאָסקווע דערשינען די „סאָוועטישע ייִדישע האַריזאָנטן“ ווי יעקב גלאַטשטיין רופט די דאָרט דערשינענע אַנטאָלאָגיע „האַריזאָנטן“, האָט ער זיך גלײַך געכאַפּט, אַז וועגן אַזאַ דיכטער ווי שלמה רויטמאַן איז ווייניק זיך אָפּצושטעלן און צו באַמערקן, מע דאַרף אים בענטשן און באַגריסן און אַזוי אַרום צום צווייטן מאָל אַנטדעקט דערמיט שלמה רויטמאַנען פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד. איך זאָג אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד, אין מערב, ווײַל אין רוסלאַנד גופא איז שלמה רויטמאַן, טראָץ דעם לאַנגן און בלוטיקן איבער־רײַס פון 1948 ביז 1961, געווען אַ שוין פון לאַנג אַנטדעקטער און גוט באַקאַנטער טאַלענטירטער יונגער ייִדישער דיכטער פון סאָמע 1931סטן יאָר, ווען ער האָט דעביוטירט און ס'האָבן אים באַגריסט און געבענטשט פּרץ מאַרקיש און שמואל האַלקין, דוד האָפשטיין און אהרן קושניראָוו, זכרונם לברכה.

הײַנט איז שלמה רויטמאַן אַ גוט באַקאַנטער ישראלדיקער ייִדישער דיכטער, אפשר איינער פון די ישראלדיקסטע און נישט נאָר צוליב דעם, וואָס דאָס וואָרט ישראל טרעפט איר בײַ אים כמעט אין יעדן היגן ליד זײַנעם, נאָר, ווײַל ער איז מיט ישראל פער דו, אמת, אויף דו זענען דאָ לויטן העברעיִשן נוסח כמעט אַלע איינער מיטן אַנדערן, יונג און אַלט, קרובים און פרײַנד, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. וועגן לאַנד אָבער רעדט מען דאָ ווי אומעטום — אין דער דריטער פּערזאָן, אַזוי, אַז דאָס רעדן צום לאַנד פער דו טיילט אויס רויטמאַנען און זײַן ישראלדיק ליד, אַ קלײנער אָבער אַנטשיידנדיקער דעטאַל.

דער ישראלדיקער ייִדישער דיכטער שלמה רויטמאַן ווערט הײַנט אַ בן שבעים דאַרף מען דאָך אוודאי און אודאי אים בענטשן און באַגריסן. ווען כ'האָב זיך געזעצט צוצוגרייטן דאָס דאָזיקע וואָרט מײַנס, די באַגריסונג, וואָס איר לייענט אַצינד, האָב איך מיר פאָרגענומען נישט צו ציטירן, ווײַל ציטירן ציטירט מען געוויינלעך אַ דיכטער, וואָס דאָס בעסערע ליד זײַנס די בעסערע שורה זײַנע דאַרף

מען זוכן, כדי צו באַקרעפטיקן די גוטע ווערטער וועגן אים. שלמה רויטמאַנס לידער אָבער, אַז מע זאָל אָנהייבן צו ציטירן סײַ פון זײַנע אַמאָליקע דניעסטערדיקע ווײַנגאַרטנער־לידער, סײַ פון זײַנע הײַנטיקע סאָנעטן וועגן די מאַראַנצן־סעדער אין הרצליה, ווייסטו נישט, וואָס נישט צו ציטירן. דו פרעגסט זיך דאָן: מיט וואָס איז יענץ ליד, וואָס איך ציטיר נישט, ערגער פון דעם, וואָס איך ציטיר יאָ.

נישט לאַנג איז דאָ דערשינען דאָס פינפטע לידערבוך שלמה רויטמאַנס אין ישראל „פאָלקסטימלעכע לידער". אין אָט דעם ביכל איז רויטמאַנען באַזונדערס געלונגען צונויפצופאָרן צוויי עלעמענטן, וואָס גייען, לײַדער, נישט שטענדיק אין איינעם. פאָלקסטימלעכקייט און אָריגינעלקייט.

עס איז שוין אַ טראַדיציע אין דער דיכטונג צו שרײַבן ווײַנלידער אָדער טרינק־לידער, די אַזוי גערופענע לידער צו באַקכוסן, אָבער, אַז שלמה רויטמאַן שרײַבט אַן אַ ליד וועגן וואַסער, וועגן דעם פּשוטן וואַסער, איז עס דאַכט זיך דיר שטאַרקער פון אַלע ווײַנלידער, ס'איז אַ ליד וועגן 96ער וואַסער. כ'האָב מיר טאַקע פירגענומען נישט צו ציטירן, איך קאָן זיך אָבער נישט אָפּזאָגן פונעם פאַרגעניגן כאָטש אַ פּאָר שורות פון דאָזיקן פּרעכטיקן ליד איבערצולייענען:

כ'האָב ליב דעם קוואַל, וואָס שלאָגט אַרויס פון שטיינער, / ער איז אַ שטיק געזונט פאַר מײַנע ביינער, / אַן אמת שטאַרק־דערקוויקענדיק געטראַנק, / דעם גייענדיקן וואַסער זאָג אַ דאַנק. אַזוי זאָגט אין זײַן ליד אײַך דער פּאַרפאַסער, / געזונט איז נאָר דאָס גייענדיקע וואַסער, / דאָס וואַסער אין איר גאַנג איז אַ געטראַנק, / דאָס שטייענדיקע וואַסער, איז דאָך קראַנק.

זײַ געזונט, מײַן פרײַנד, דיכטער שלמה רויטמאַן. עד מאה ועשרים. אמן.

## יאָסל לערנערס „לידער און מעשהלעך מיט אַ גוטן מיין"

ווען איך גיי שרײַבן וועגן יאָסל לערנערס נײַ בוך „לידער און מעשהלעך מיט אַ גוטן מיין", האָב איך מורא פאַר צוויי זאַכן. ערשטנס — מיט לערנערן זענען מיר באַפרײַנדעט, גאָר נאָענט באַפרײַנדעט, זינט יאָרצענדליקער, לאַנגע יאָרן געלעבט אין איין שטאָט, זיך טעגלעך באַגעגנט איין מאָל און אַ מאָל אויך צוויי מאָל אין טאָג. געשמועסט, געפּירט ויכוחים, איינער דעם צווייטן נײַע לידער געלייענט, איינער וועגן צווייטן געשריבן, איינער דעם צווייטן געלויבט און דערפאַר האָב איך איצט שטאַרק מורא, אַז איך וועל דאַרפן זיך ביז גאָר אָנשטרענגען כדי צו זײַן אָביעקטיוו ווי סע פּאָדערט זיך בײַם באַהאַנדלען אַ בוך. די צווייטע מורא מײַנע איז, אַז דאָס וועט מיר געלונגען און פון צו פיל אָביעקטיווקייט זאָל איך גאָר פאַרקוקן, נישט דערזען עפּעס פון דער שיינקייט פון לערנערס ליד.

איך עפן דאָס פענצטער, טרײַב אַרויסביידע מוראס און בײַם „אָפענעם פענצטער" אַזאַ איז דער נאָמען פון יאָסל לערנערס אַ פריערדיק לידערבוך, זעץ איך זיך לייענען זײַן איצטיק בוך „לידער און מעשהלעך מיט אַ גוטן מיין" און

דאָ ווידער נאָך איין קורצע אויפקלערונג. אין ישראל לעבן מיר, איך און לערנער, אין פאַרשידענע שטעט — ער — אין קרית אונו און איך אין ירושלים, אַזוי אַז חוץ די עטלעכע לידער, וועלכע זענען געווען געדרוקט דאָ און דאָרט אין פאַרשידענע פעריאָדישע אויסגאַבעס, זענען אַלע לידער פאַר מיר נײַע. נײַע און נישט נײַע, ווײַל ס׳איז דער זעלבער יאָסל לערנער און דער זעלבער נוסח זײַנער: מײַן גאָט, / לאָז רעדן מיך צו מענטשן מיט לידער, / מיט מעשהלעך / און ווערטלעך. און כאָטש ער רעדט אַזוי — מיט לידער, מיט מעשהלעך און מיט ווערטלעך פון זײַן פריסטער יוגנט אָן, פון זײַן סאַמע ערשטן טראַט אין דער יידישער ליטעראַטור, ווייסט ער, אַז מע דאַרף יעדן טאָג מתפלל זײַן, בעטן אויף ס׳נײַ, ווייסט ער, אַז זײַן יעדעס ליד איז אַן אויסגעבעטנס בײַ גאָט. קיין טענות, חלילה, צום לעבן האָט ער נישט ״ס׳איז דאָס לעבן, זאָגט ער, אַ מאָל גוט אַ מאָל שלעכט, נאָר שטענדיק געדערכט״. כאַראַקטעריסטיש פאַר לערנערס לידער זענען די נעמען זייערע. עכט לערנערישע: סע זינגט דאָס האַרץ, דײַן טרער, קדיש, לייג צו דײַן אויער, אַ גאָטס רחמנות אויף די פייגעלעך, טרער און פרייד, כ׳האָב אַרויסגעטראָגן מײַנע לידער. שוין די נעמען רעדן וועגן מהות פון די לידער. פאַראַן אין בוך אַ גאַנץ ציקל שפּאָגל־נײַע ליבע־לידער. פאַראַן אַ ציקל מיטן נאָמען ״וואַרף אַרויס דעם שטיין״ און אין ציקל אַ ליד מיטן זעלבן נאָמען, וואָס הייבט זיך אָן מיט די זעלבע ווערטער: וואַרף אַרויס דעם שטיין פון דײַן בוזעם / און זײַ צו מיר גוט און געדולדיק, / מאַך נישט קיין טונקעלע רמזים, / אפילו ווען איך בין שולדיק. און אַ ציקל ״לידער וועגן אַרום״ — דער אַלטער מאַנטל, די גאַסלאַמטערנס, דאָס אַלטע בעט, דער ווינט, די ביימער בעטן אויס, די לבנה גנבעט זיך אַרײַן, די נאַכט קערט זיך איבער, דאָס געזאַנג פון דער לבנה, דער בושל, דער בוידעם, די פעדער, דאָס געזאַנג פון אַראָפּגעפאַלענע שטערן. אַלץ לידער בגוף שלישי, אין דער דריטער פּערזאָן און אחרון־אחרון דער לעצטער ציקל פון די לידער — דרײַ כעלעמער מעשות. נאָך דרײַ פּערל אין דער קרוין פון לערנערס כעלמער פּינקס. צום סוף פון בוך קומען די מעשהלעך מיטן גוטן מיין און די עכט לערנערישע ווערטלעך. דאָס ווײַסע פּײַער, דאָס אַנרויכיקע, דאָס פּײַער פון זײַן אַנגעזאַמלטער חכמה, ווי למשל: — ווער האָט אים אַזוי ביטער צעשלאָגן? — דאָס האָט ער געוואָלט פאַנאַנדער־שיידן אַ געשלעג. אָדער: ווהין לויפט ער אַזוי? וואָס איז די אײַלעניש? — ערגעץ וואַרט שוין אויף אים אַ צרה.

מיר באַגריסן דעם דיכטער מיט זײַן נײַעם בוך און מיט זײַן אַכציקסטן געבוירנטאָג און ווינטשן אים אַ סך געזונטע יאָרן, שעפערישע מיט אַ סך ביכער.

# שלום שטערן

## בענקשאַפט

### אָ, ברענג מיר צוריק

אָ, בענקשאַפט ברענג מיר
צוריק די גלוסטיקע טעג, וואָס
האָבן אין ליבשאַפט געזונגען
ביי דער דאָרפישער בריק.

אָ, זאָל מיר ווערן באַוויליקט,
אַז דער חלום פון מיין האָפן,
זאָל קיין מאָל נישט ווערן פאַרטיליקט.

עס האַרבסטיקט.
די בערג שטומען, פאַרשטאָכן
אין גרוי פון וואָלקן-רויך.
זיי שטרעקן זיך און באַגערן
די שטיגן צו דער הימלדיקער הויך.
ביימער אין האַרבסטיקן פלאָם,
נייגן זיך, פלאַטערן און שוויַגן — — —

אָ, בענקשאַפט פיר מיך צוריק
צו דער האָלצענער, דאָרפישער בריק,
ווו די ליבע האָט אויפגעציטערט
אין דער פרייד פון דער
בענקענדיקער טרער.

### האַרבסטיקע טרערן

אין וואַלד דורכגעשטראַלט
פון דער מאָרגן-זון.

רױשיקן די צעװינטיקטע בײמער,
און די אָפּגעפּליקטע בלעטער
מיט זון־רױטע טרערן
פּלאַטערן און פּאַרבן
די ברױ־מאַכיקע שטײנער.

אין די בערג קײַקלט זיך
דער װינט און ברילט.
די לופּט לױטערט און קילט.
דער בלױ־צעבלענדטער טײַך שלײַכט,
און סודעט זיך
מיט דער האַרבסטיקער, טרױעריקער שטיל — — —

**זונפּאַרגאַנג**

בײַם הױכן יעגער פּרעד,
װינטלען זיך די לאַנגע זאַנגען־האָר.
פֿון דער װאַלדיק־באַרגיקער שטום,
ער קערט זיך אום
פֿון פֿאַנג, און עס אומעטיקט
זײַן פֿאַרבענקט געזאַנג
װעגן דער גאַרנדיקער ליבע, װאָס
האָט יונג אױסגעצאַנקט.

קלױסטער־גלאָק הוידעט זיך
און צײלט דעם קופּערנעם קלאַנג.
איבערן גרין־דאָרפּישן טאָל
בלענדט דער הימל,
װי שאַרף־געשליפֿן שטאָל.

דער יעגער טראָגט זײַן פֿאַנג
און זינגט.
דער פֿלאַמיקער זונפּאַרגאַנג
װאַרפּט צו זײַנע טריט
אַ שטראַלן־שלאַנג.
דער פֿלאַמיקער זונפּאַרגאַנג

## צוליב דיר

די זון אין אויפֿגיין
זינגט אויף מײַן שויב,
אַ לויב צו דײַן האַרץ,
וואָס לויטערט און גלויבט.

פֿון דײַן ליבשאַפֿט
דאָס גנאָדיקע געשאַנק,
איז פֿאַר האָפֿנדיקע ווערטער
אַ גאַרנדיק געזאַנג.
און פֿאַר דײַן ליכטיקער מאַכן מײַן געמיט,
גילדערט דער פֿרימאָרגן און היט
דיינע פֿרום-בענקענדיקע טריט.

## נײַע ביכער

**אַנטאָלאָגיע פון יידישע פאָלקסלידער** מיט פאַראַלעלע איבערזעצונגען אויף עברית און ענגליש. מאַגנעס־פאַרלאַג, ירושלים, 1983. אַרויסגעגעבן דורכן ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט, אונטער דער רעדאַקציע פון אהרון ווינקאָוועצקי, אַבאַ קאָוונער און סיני לייכטער. פאַרוואָרט פון עמאַ שייווער — פאָרזיצערין פון געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און סיני לייכטער — פאָרזיצער פון רעדאַקציע־קאָמיטעט. אין דאָזיקן ערשטן צווישן די פלאַנירטע פיר בענדער קומט אויך אַריין אַ גרעסערע אַרבעט פון באַוווסטן העברעישן דיכטער אַבאַ קאָוונער א. נ. "פאָלקסלידער אָן דעם פאָלק"... גרויסער פאָרמאַט, פראַכטפול אַרויסגעגעבן. צו די טעקסטן קומען אויך נאָטן.

**מרדכי כ"ץ — זינגענדיק — בשירה ובזמרה,** — לידער מיט נאָטן. פּאַטראָניזירט פון חזנים־פאַרבאַנד, בוענאָס־איירעס, 1983. מיט פאַראַלעלע איבערזעצונגען אויף עברית און שפּאַניש. דער באַוווסטער פאָלקס־זינגער, חזן און קאָמפּאָזיטאָר פון אַרגענטינע מרדכי כ"ץ האָט דאָ איינגעזאַמלט אַ גרעסערע צאָל טעקסטן פון באַקאַנטע יידישע דיכטער, טעקסטן, אויף וועלכע ער האָט געשאַפן זיין מוזיק. אויך ליטורגישע מאָטיוון און קאָמפּאָזיציעס אויף אייגענע ווערטער גייען אַריין אין דער דאָזיקע אָריגינעלער מוזיקאַליש־פּאָעטישער אַנטאָלאָגיע. שער־בלאַט געצייכנט פון רות קרוין. 98 ז"ז.

**רחל בוימוואָל** — "אַליין דאָס לעבן". לידער און אַפאָריזמען. צייכענונגען: עדואַרד לעווין. אַרויסגעגעבן דורך דעם ד"ר שמואל און רבקה הורוויץ־פאָנד, ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים. תשמ"ד — 1983. 184 זייטן.

# צום 125טן געבוירן־טאָג פון שלום־עליכם

אַננאַ דרעסנער

## שלום-עליכמס ציוניסטישע אוטאָפּיע

אָפּיציעל איז שלום־עליכם צוגעשטאַנען צו דער ״חיבת־ציון״־באַוועגונג אין 1884־טן יאָר, אָבער דאָס אידענטיפיצירן זיך מיט אירע אידעאַלן, קומט צום אויסדרוק שוין אין זיינע ערשטע יידישע שאַפונגען, אין דער פּראָזע און פּאָעזיע פונעם יאָר 1883 [1].

מיט דער צייט ווערט זיין נישט באַגרענעצטע התלהבות פאַרן רעיון פון יישוב ארץ־ישראל, וואָס שפּיגלט זיך בולט אָפּ אין דער ערשטער [2] און צווייטער [3] סעריע פון זיינע פעליעטאָנען, אַ סך אָפּגעקילטער, מעסיקער און געצוימטער. אין דער דריטער סעריע [4] פעליעטאָנען, גנבעט זיך שוין אַריין — גלייכצייטיק מיט אַ געוויסער מאָס צוריקגעהאַלטנ־קייט און ניכטערקייט — אויך אַ היבש ביסל ספקות און אפילו קריטיציזם.

וועגן די ענדערונגען, וואָס זענען במשך פון דריי יאָר פאָרגעקומען אין שלום־עליכמס אָנשויאונגען און אין דער שטעלונג זיינער צום ציוניסטישן פּראָבלעם, זאָגן עדות נישט בלויז די שאַפונגען פון יענער צייט, נאָר אויך די פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ זיינע, צו חברים און פריינד שרייבערס פון זיין דור.

1 שלום־עליכם האָט דעביוטירט אין יידיש, אין דער צווייטער העלפט יולי 1883, אין פּעטערסבורגער ״יידישעס פאָלקסבלאַט״, מיט אַ דערציילונג ״צוויי שטיינער״, וועלכע עד האָט אונטערגעשריבן ״ש. ראַב־וויטש״ און ראַבינער ש. ראַבינאָוויטש, וואָס איז לויטן פאַרלאַנג פונעם מחבר נישט געוואָרן, ביי זיין לעבן און אויך נאָך זיין טויט, איינגעשלאָסן אין קיין שום אויסגאָבע פון זיינע ווערק. זיין אויסדריקלעכער ווונטש איז געווען, מען זאָל אָנערקענען אַלס זיינע יידישע ערשטע ווערק ״די וויבאָרעס״ און די ריי פעליעטאָנען, געדרוקט אין ״פאָלקסבלאַט״ אין אָקטאָבער 1883, און געחתמעט צום ערשטן מאָל מיט זיין פּסעוודאָנים. די פעליעטאָנען זענען דערשינען צום ערשטן מאָל אין בוך־פאָרם, אין דער אָ.ג. סאָוויעטישער אויסגאַבע : שאָלעמ־אַלייכעמ, אַלע ווערק, באַנד I, מלוכע־פאַרלאַג, ״אָגיז״, מאָסקווע, 1948.

2 די ערשטע סעריע פעליעטאָנען : ״די איבערגעכאַפּטע בריוו אויף דער פּאָסט״, יודישעס פאָלקסבלאַט, 1883.

3 די צווייטע סעריע : אַן איבערשרייבונג צווישן צוויי אַלטע חברים״, יוד. פאָלקסבלאַט, 1884, די צווייטע העלפט.

4 ״פונעם וועג״, יוד. פאָלקסבלאַט, 1886—1887.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער בריוו פונעם 5טן יאַנואַר 1886, צו ראַוויניצקין און פינקערפעלדן, אין וועלכן שלום־עליכם זאָגט זיך אָפּ צו "פּאַרפאַסן אַ ציוניסטישן ראָמאַן" פאַרן זאַמל־זשורנאַל פון די אָדעסער "חובבי־ציון" — "דער וועקער". מען מוז צוגעבן, אַז די אידעאָלאָגישע און עסטעטישע אַרגומענטן, וואָס באַגרינדן שלום־עליכמס אָפּזאָג, זענען איבערצייגעוודיקע און ביז גאָר לאָגישע. שלום־עליכם שרייבט דאָרט צווישן אַנדערע: "(...)איך וואָלט אייך נישט געשאַלעוועט קיין דראַמעס (...) וואָסזשע — אַז איר גיט מיר אַ זשורנאַל נאָך אייער גוסט און הייסט מיר שרייבן! נעם נאָר, שלום־עליכם, און שרייב אָן עפּעס אַ ראָמאַן, אין וועלכן עס זאָל זיין איינגעוויקלט די הייליקע אידעע פון פּאַלעסטינע, וואָזראָזשדיעניע, א.אַ.וו. דערצו, ברידערלעך, דאַרף מען אָבער האָבן אַליין דעם זעלבן גוסט וואָס איר; מען דאַרף אַליין זיין דורכגעשפּיקעוועט מיט דער דאָזיקער אידעע; מע דאַרף גלויבן אין איר, ווי מען גלויבט אין גאָט, אין אמת, אין מענטשלעכקייט, אָבער אַרבעטן "פּאַ זאַקאַזו" טויג אויף כּפּרות. מען דאַרף ניט הייסן יענעם גלויבן דאָרט, ווו איך גלויב אַליין זייער ווינציק (...). איך וויל אַזוי, אַז אייער אידעע זאָל ווערן אָנגענומען נישט ווינציקער פון אייך. נאָר וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז איך קען מיין פאָלק ישראל אַזוי שטאַרק, אַז איך קאָן נישט גלויבן, ער זאָל דאָס נעממען צום האַרצן[5]. (...) איך קאָן נישט גלויבן — נישט איך גלויב נישט! דאָס איז פאַר מיר זעלבסט פיל ערגער, ווי איך זאָל נישט וועלן גלויבן! איך קאָן אייך נאָר ווינטשן, אַז גאָט זאָל אייך העלפן, איר זאָלט האָבן אַ סך נאָכדענקערס און נאָכטוערס און אייער טרחה זאָל נישט זיין אומזיסט". ווייטער לייענען מיר: איך בין איבעראַל [איבערהויפּט] נשט ספּאָסאָבנע צו קיין סעריאָזנעם ראָמאַן. זעט איר שפּעטן, אויסלאַכן, חוזק מאַכן, אַריינקריכן יענעם אין גרגרת, און פון דעסטוועגן צושטעלן דעם לעזער פאַרגעניגן, ער זאָל מיך פאַר מיין חוזק מאַכן אויך ליב האָבן — זעט איר, אָט דערויף בין איך אַ מזיק, אַ כוואַט, וויפל איר ווילט (...)", שאַצט שלום־עליכם טרעפלעך אָפּ זיין אייגענעם שרייבערישן זשאַנער.

אין זיינע זכרונות, שרייבט י. ד. בערקאָוויטש: "מומנטים של הלך־נפש ציוני היו בחייו של שלום־עליכם רק שניים: בשנות השמונים עם עלות השחר של "חיבת־ציון" (כפי שנראה מתוך סיפורו המצויין ל"יישוב ארץ־ישראל" הוא "זליג האומן" שכתב בשנת 1890), ואחר כך בשנות התשעים כשפרץ אל רחוב היהודים הזרם של הציונות המדינית, עם התגלותו של הרצל כמבשר הגאולה, שרישומו בחיי העם היה כביר ורחב מזה הראשון, והלהיב את שלום־עליכם כדי לכתוב את שני סיפוריו הציוניים: "ימות המשיח" (— משיח׳ס צייטן" א.ד.) ו"משוגעים" — שלא המשיך את שניהם עד סופם"[6].

דער ראָמאַן "משיח׳ס צייטן" — זיינע דריי פאַרעפנטלעכטע קונטרסים — זענען דער־

5 האָט דאָך שלום־עליכם געשריבן צו מרדכי ספּעקטאָר אינעם בריוו פונעם 19 דעצעמבער 1893, צווישן אַנדערע: "די קינדער פון ישראל — דאָס איז אַזאַ פאָלק, וואָס גייט נישט אַרויס פון מצרים פאַר דער צענטער מכה".

6 י. ד. ברקוביץ׳, הראשונים כבני־אדם; דביר, תל־אביב, תרצ"ח, כרך ד׳, עמ׳ קצ"ב.

שינען אין 1898־טן יאָר [7]; "משוגעים" — אין ווינער ציוניסטישן וואָכנבלאַט "די וועלט" [8], מיט העכער צוויי יאָר שפּעטער.

אין זיין שלום־עליכם־ביבליאָגראַפיע, באַצייכנט ב. באַראַכאָוו די "משוגעים", ווי אַ "ציוניסטישע אוטאָפּיע", און גיט צו: "מ'דערציילט, אַז שלום־עליכמ'ס ראָמאַן האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף ד"ר טעאָדאָר הערצל, פאַר וועלכן מ'פלעגט פאַרלעזן 'די וועלט", און אונטער זיין איינפלוס האָט הערצל געשריבן זיין 'אַלטניילאַנד'־ראָמאַן" [9].

בערקאָוויטש שרייבט וועגן דעם אין זעלבן זין: "משוגעים", שנכתב בצורה של אוטופיה ציונית ונדפס בשבועון "די וועלט", בלי כלי מבטאה של ההסתדרות הציונית, הביא את הרצל, לפי השערתם של יודעי דבר לידי הרעיון של "אלט־ניילד" [10].

האָט אָבער הערצל פאַרצייכנט דעם 30סטן אויגוסט 1900, די פאָלגנדיקע נאָטיץ אין זיין טאָגבוך:

הויטע אויף דעם ריטעלנדען אָמניבוס ביים הערואוספאַהרען נאָך וועהרינג פיל מיר דער טיטעל מיינעס ציאָנסראָמאַנס איין: "אַלטנוילאַנד" [11]. אַנלעהנונג אַן דען נאַמען דער פראַגער אַלטנוישול. דאָס ווירד איין בערימטעס וואָרט ווערדען [12].

ביידע סברות, באַראַכאָוס און בערקאָוויטשעס בנוגע דעם איינפאַל און איינפלוס [13], האָבן אַזוי אַרום קיין האַפט נישט. שלום־עליכם, וועמענס אוטאָפּיע איז דערשינען כמעט מיט צוויי יאָר פריער, איז געוואָרן באַאיינפלוסט בלויז פונעם הערצליאַנישן אידעאַל; הערצל ווידער איז געוואָרן אינספּירירט — ווי עס ווייזט זיך אַרויס — פון "דעם וואָס שענקט אַ גוטע מחשבה", ווי שלום־עליכם האָט ליב געהאַט זיך אויסצודריקן.

"משוגעים" איז אַריין אין באַנד "מעשיות און פאַנטאַזיעס". פאָלקס־פאָנד־אויסגאַבע; ניו־יאָרק 1917, ז' 145—188, באַלד נאָך דער דערציילונג "די רויטע יידעלעך — אַן אויס־געטראַכטע זאַך", געדרוקט דאָס ערשטע מאָל: "דער יוד", 1900, און די סמיכות הפרשה איז דאָ ווייט נישט קיין צופעליקע. צו באַמערקן, אַז אַנשטאָט דעם מקורדיקן סובטיטל "אַ ראָמאַן", פיגורירט אין דער בוך־פאָרם "משוגעים" — "אַ באַשרייבונג פון אַ דורכ־פאָרער".

אין ביידע דערציילונגען רעדט זיך וועגן צוויי באַזונדערע יידישע שבטים, וועלכע עקזיסטירן — כלומרשט — פאַראַלעל אויף אונדזער ערד; זיי ליגן אָבער אין צוויי עקן

7 שלום־עליכם, משיח"ס צייטן — אַ ציוניסטישער ראָמאַן, פאַרלאַג "עזרא", ברדיטשוב, דפוס של יעקב שעפטיל, שנת תרנ"ח לפ"ק.

8 שלום־עליכם, משוגעים — אַ ראָמאַן, "די וועלט" נמ' 3, 18טער יאַנואַר 1901 — נמ' 13, 19טער מערץ 1901, ווין.

9 בער באַראַכאָוו, שפּראַך־פאָרשונג און ליטעראַטור־געשיכטע, י. ל. פּרץ פאַרלאַג, תל־אביב, 1966, ז' 264.

10 י. ד. ברקוביץ', הראשונים כבני־אדם, כרך ד', עמ' קצ"ב.

11 טעאָדאָר הערצל: אַלטנוילאַנד, לייפּציק, הערמאַן זעעמאַן נאַכפאָלגער, 1902.

12 טעאָדאָר הערצל: אַלטנוילאַנד, האַנס דויטש־פערלאַג, ווין־באַזעל־שטוטגאַרט, 1962, זייט 6.

13 דער אינהאַלט און סיוזשעט ובפרט די גרונט־כוונות זענען לגמרי פאַרשידענע.

וועלט און איינער ווייסט וועגן אַנדערנס קיום בלויז פונעם הערן און דערציילן. אַזוי ווי עס טיילן זיי פונאַנדער ריזיקע מרחקים, און די וועגן וואָס פירן צו זיי זענען פול מיט שטרויכלונגען און סכנות, האַלט איין שבט דעם צווייטן פאַר אַן אויסגעטראַכטן, אַ לעגענדאַרן. דער מחבר אָבער פּרוּווט איבערצוברוּקן דעם תהום, וואָס ליגט צווישן "ביידע" יידישע ישובים, און ברענגט תחילת אַ פאַרשטייער פון די "פרייע" יידן צו די גלות־יידן, און מיט אַ יאָר שפּעטער ברענגט ער אַ גלות־ייד צו זיינע ברידער, וועלכע לעבן "אויף יענער זייט סמבטיון".

אין אַ טייל פון דער ערשטער און אין דער נישט פאַרענדיקטער צווייטער דערציילונג, ווערן באַשריבן די איינדרוקן און איבערלעבונגען פון ביידע "רעפּרעזענטאַנטן", בשעת זייערע קורצע קעגנזייטיקע באַזוכן, און זייערע שילדערונגען באַשטעטיקן, אַז אַ גאַסט אויף אַ ווייל — זעט אויף אַ מייל.

סיי איינער, סיי דער אַנדערער, ווערן ממש געפּלעפּט פון זייערע אומדערוואַרטע אַנט־דעקונגען.

דער ערשטער אַנטפּלעקט אַ מין אַנדערן פּלאַנעט, געדיכט באַפעלקערט מיט מאָדנע ברואים — גאָלע "רויטע יידעלעך" — און ווערט דערשיטערט פון זייער אומגעהויערן אופן פון באַנעמען; פון די אומגעלומפּערטע תנועות און העוויות זייערע; פון די ווילדע מנהגים; פון דער סגי־נהור־שפּראַך, מיט וועלכער זיי באַדינען זיך און ועל כולם, פון די שרעקלעכע באַדינגונגען אין וועלכע זיי לעבן, פּרוכפּערן און מערן זיך, פּילנדיק זיך אינעם געמויזעכץ, אין וועלכן זיי זינקען, ווי אַ וואָרעם אין כריין. די באַשרייבונג פון דעם אַלעמען — אַ ביז גאָר געטריי בילד פון דערווירקלעכקייט אין תחום־המושב — קלינגט, ווי אויסגעזויגן פונעם פינגער, כאָטש אויסערן סוב־טיטל איז דאָ קיין שום "זאָך" נישט "אויסגעטראַכט".

דער צווייטער ווידער, פאַלט פּלוצים אַריין אין אַ מין גן־עדן התחתון, באַוווינט פון אויסשליסלעך "שוואַרצע" יידן — נישט "יידעלעך" — וועלכע פירן אַן אַרבעטזאַם און אינהאַלטפול לעבן, געבויט אויף יסודות פון יושר און גערעכטיקייט, לויט די יידישע און כלל הומאַניטאַרע פּרינציפּן; האַלט ער, אַז נישט אַנדערש נאָר ער איז דאָ אַריינגעפאַלן צווישן אַ חברה "משוגעים", און מאַכט פון זיי חוכא ואיטלולא.

אַט דאָס קליינע הייפעלע אויסדערוויילטע, איינס ווי איינס אָפּגעקליבענע יידן, וועלכע עקזיסטירן באַשיינפּערלעך בלויז אין מחבר'ס פאַנטאַזיע, און זייער אידילישער קיום איז נישט מער, ווי אַ ליטעראַרישע פיקציע, ווידמעט זיין גאַנצן כוח און ענערגיע אויף פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַלן ווידעראויפבוי און ווידעראויפלעבן.

דער עצם איינפאַל, אויסצופורעמען פאַרן ציוניסטישן אַוואַנגאַרד אַ העכערן און שענערן טיפּ ייד און מענטש, גיט צו שלום־עליכמס נאַציאָנאַלע אַנשויאונגען און שטעלונגען אַ ביז גאָר אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און אָריגינעלן אַספּעקט.

ביי שלום־עליכמען איז נאָך "דאָס יידישע לאַנד" אַ טרוים, הגם ער הויבט שוין אָן צו ווערן וואָר. ביי הערצלען איז שוין די נייע יידישע "געזעלשאַפט", ווי ער רופט אָן זיין "יודנשטאַט", אַ געשעענער פאַקט. זיין ארץ ישראל איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַלטנוילאַנד". ווי אַזוי דאָס איז געשען — דערמאָנט ער נישט. ער היפּערט אַריבער

איבער דעם גרינדונג און אַנטשטייאונג־פּראָצעס פון דער נייער „געזעלשאַפט", און שענקט נישט קיין וואָרט די ברייטע יידישע מאַסן, וועמען זיין אידעאַל האָט מיטגעריסן און באַוויגן צו גרויסע, דרייסטע און דערהויבענע מעשים. הערצל באַשרייבט אויספירלעך דעם ווונדער, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אַפילו אויף איינעם פון צווישן אַלע געוויינטלעכע יידן, וועלכע האָבן דעם דאָזיקן ווונדער געשאַפן און באַוויזן. שלום־עליכם, דאַקעגן, קאָנצענטרירט זיך הויפּטזעכלעך אויף די פשוטע און גלייכצייטיק אויסערגעוויינטלעכע יידן, שפּעטערדיקע בירגער און בויער פונעם „יידישן לאַנד", ווי ער רופט אָן די צוקונפטיקע יידישע מדינה.

שלום־עליכמס סיפור המעשה שפּילט זיך אָפּ נישט אין ארץ־ישראל גופא; אַפילו נישט אין אירע פּעריפעריעס — והראיה: אין זיין אַנאָנימען „ערגעץ־לאַנד" — פּאַראַפּראַזירנדיק י. ל. פּרצן — זענען קיין כרמים נישט פאַראַן. דאָס אומבאַקאַנטע אָרט, אין וועלכן ער פירט אַריין די לייענער, זעט אויס צו טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ מין „מכינה" — ווי מען וואָלט עס היינט אָנגערופן — אַ צוגרייטונגס־פּונקט און אפשר אן איבערגעאַנגס־פּונקט — אין וועלכן עס שולן זיך און דערציען זיך מוסטערהאַפטע בירגער פאַרן „יידישן לאַנד", וואָס איז נאָך דערווייל אַ „מדינה בדרך". דער רעטזלהאַפטער שטאָט זיינער, זעט אויס צו זיין אַ מין רעזערוואַט פאַר אויסכאַוועץ אַ ספּעציעלע גזע פון שטאַלצע, פיזיש געזונטע און גייסטיק רייפע יידן, וועלכע געוויינען זיך דאָ פּראַקטיש אָנצוווענדן הויכע מאָראַלישע נאָרמעס אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, כדי צו פאַרוואַנדלען די יידיש־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, מיט וועלכע זיי זענען דורכגעדרינגען, אין אַ נייער יידישער ווירקלעכקייט.

עס איז אָנצונעמען, אַז אין קעגנזאַץ צו הערצלען, וועלכער האָט כמעט נישט געקענט פון דער נאָענט דאָס לעבן פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן, הגם ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ געטרויעם דין וחשבון וועגן זייער אויסזיכטלאָזער לאַגע, האָט שלום־עליכם נישט נאָר מיטגעפילט און פאַרשטאַנען דעם מצב פונעם יידישן פאָלק, נישט נאָר מיטגעפילט מיט זיינע צרות און ליידן, נאָר אַליין מיטגעלעבט זיינע פאַרפאָלגונגען; מיטגעליטן זיין פּיין, מיטגעוויייטיקט און דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום פונעם יידישן גורל אין צאַרישן רוסלאַנד, אינעם גרעסטן און גרויזאַמסטן גלות־לאַנד. ער האָט, ווי ער זאָגט אַליין, „שטאַרק געקאָנט זיין פאָלק ישראל", און דורכגעבליקט דורכדרינגלעך טיף זיינע מעלות און חסרונות, וועלכע ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט באַשריבן און אויסגעלאַכט „מיט יאַשטשערקעס"; מיט זיין אייגנציקאַרטיקן געלעכטער דורך טרערן. האָט ער דאַריבער פאַרשטאַנען, אַז די „רויטע יידעלעך", אַזוי ווי ער האָט זיי געזען און געשילדערט, קאָנען און טאָרן נישט אַנהויבן בויען די יידישע מדינה, איידער זיי וועלן קודם זיך אַליין נישט „איבערבויען", און האָט זיי פאַרגעשטעלט אַ מאָדעל — בלי ספק זיין אייגענעם מאָדעל — פון יידן, וועלכע זאָלן האָבן די זכיה צו בויען אַ ניי יידיש לעבן אין זייער אייגענער, זעלבשטענדיקער יידישער מדינה.

איז אפשר קיין ווונדער נישט, וואָס ביי הערצלען איז דאָס אוטאָפּישע חל אויף זיין „יודנשטאַט" — דער איינציק ריכטיקער לעזונג פון דער יידן־פראַגע, בשעת ביי שלום־עליכמען איז דאָס אוטאָפּישע חל אויף דער לעזונג פונעם אָנגעוויייטיקטן יידישן

סאָציאַלן פּראָבלעם, וואָס זעט ביי אים אויס צו זיין אַ פּירבאַדינג צום רעאַליזירן דעם פּאָליטישן צד פונעם ציוניסטישן פּראָגראַם.

שלום־עליכם איז איינדייטיק מרמז דערויף, אַז כדי אריבערצוטרעטן די שוועל פונעם טרקלין, מוז מען פריער דורכמאַכן אַן אויסלייטערונגס פּעריאָד אינעם פּרוזדור, וואָס פירט אַהין.

מיט שלום־עליכמען, מוזן די "רויטע יידעלעך" קודם כל ענדערן זייער אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלעכן אימאַזש און כאַראַקטער, און אויסבעסערן דעם ביז־איצטיקן פאַר־קריפּלטן לעבנס־סיסטעם. זיי מוזן בייטן זייער איינשטעלונג צו אַרבעט און די באַציונג צום אַרבעטס־מענטש; באַפרייען זיך פון צוריקגעשטאַנענקייט און פאַרעלטערטע מנהגים; אויפהויבן דעם אַלגעמיינעם בילדונגס־צושטאַנד און העכערן דעם מאָראַלישן און קולטורעלן ניוואָ; אַוועקוואַרפן דעם דורותדיקן גלות־באַלאַסט מיט אַלע זיינע אומווערדיקע, שפּלדיקע און הכנעהדיקע געוווינהייטן, און ווערן "באַזעסן" פונעם אידעאַל פאַר נאַציאָנאַלער אויפ־לעבונג; פאַרוואַנדלען זיך אין "משוגעים", וואָס זענען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער גאולה פונעם פאָלק, כדי ווערן ראוי צו באַזעצן זיך אין צוגעזאָגטן לאַנד און באַ־טייליקן זיך אינעם בויען דאָרט אַן אייגענע, אומאָפּהענגיקע, פרייע מדינה.

אָפּגעזען פון די זייער צווייפלהאַפטע השערות וועגן השפעות, וועלכע נישט די פאַקטן, נישט די קאָרעספּאָנדענץ אָדער די קריטיק באַשטעטיקן, זענען אין ביידע דערמאָנטע אוטאָפּיעס פאַראַן איין בשותפותדיקער יסוד — די וויזיע פונעם יידישן לאַנד, און אַ היפּשע צאָל וועזנטלעכע אונטערשיידן, אויף וועלכע עס איז דורכאויס כדאי זיך אָפּ־צושטעלן.

משה'ן, דעם צופעליקן קאַסרילעווקער "דורכפאָרער", באַגעגנט אויף דער גאַס פון דער שטאָט "מעבר לסמבטיון", דער "הער שניידער", און היות עס איז פרייטיק פאַר נאַכט, נעמט ער אים גלייך מיט אין שול אַריין צו קבלת שבת. דעם ווינער ד"ר פון יוריספּרודענץ, פרידריך לעווענשטיין און זיין קריסטלעכן פריינד, נעמט אויף אין "אַלטנוילאַנד" דער קאַנדידאַט אויפן היגן צווייטן מדינה־פּרעזידענט, וועלכער באַקענט זיינע געסט, גלייך דעם ערשטן אָוונט מיטן איצטיקן פּרעזידענט פון "אַלט־נוילאַנד", אין אָפּערן־טעאַטער, אין חיפה.

דער ה' שניידער, באַקענט אין שול דעם אורח זיינעם מיטן "הער סטאָליער", און ביידע זענען זיך משווה, אַז דער ערשטער וועט אים אויפנעמען ביי זיך פרייטיקצונאַכטס, און ביים צווייטן, וועט ער פאַרברענגען דעם שבת.

דער שניידער און סטאָליער — וואָרעם כשמם כן הם — באַקענען תחילת דעם אורח זייערן מיט זייערע היימען און הויזגעזינד — איינשליסנדיק די געזעלן און לערנייִנגלעך, וועלכע וווינען און עסן ביי זיי. אין שול, נאָכן דאַווענען, באַקענען זיי אים מיטן היגן "ראַבינער". שבת נאָך מיטאָג פירט מען אים אין דער "פאָלקס־ביבליאָטעק" און שבת־צונאַכטס אין "קלוב" אַריין ווו מען באַקענט אים מיטן גרייזן "עלטסטן" פון דער עדה, און ווו ער הערט זיך צו צו די באַראַטונגען פון דער "אסיפה מכוח ארץ־ישראל".

דער יונגער אַנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער פון "אַלטנוילאַנד" — וועמען דוד וואָלפזאָן דינט אַלס פּראָטאָטיפּ — נעמט מיט זיין אַמאָליקן ווילטוער, און יענעמס חבר,

אויף אָ טור איבערן לאַנד, און באַקענט זיי ביי דער געלעגנהייט מיט דער פּלעיאַדע אָרטיקע מנהיגים און מיט זייערע אויפטועו און דערגרייכונגען. ער באַגעגנט זיינע געסט מיט באַקאַנטע דערפינדער און וויסנשאַפטלער, מיט אַנגעזעענע עסקנים און הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, וועמען "אלטנוילאַנד" פּאַרדאַנקט אירע אויסערגעוויינטלעכע אויפטועו און דעם אויפבלי פון איר אַלגעמיינער לאַגע; פון די ווירטשאַפטלעכע, אינדוסטריעלע, אַגראַרע און עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען; פונעם אויסגעצייכנטן בילדונגס און געזונטהייטס־סיסטעם; פון די הויך אַנטוויקלטע וויסנשאַפטלעכע, קולטורעלע און אַנדערע געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס.

מיטן לייטער פון עליה און אַבסאָרבאַציע־אַמט, וועלכער ווילט אין ראַמען פון זיין טעטיקייט אין אויסלאַנד, קאָן מען די געסט נישט באַגעגענען; הערן זיי דעריבער אויס, אין דער סדר־נאַכט, זיין טראַנסמיטירטן — דורכן "קאַבלאָגראַם" — אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן די יערלעכע דערגרייכונגען פון זיין רעסאָרט.

צו באַמערקן, אַז די אַלע פּראָמינענטן, בראש מיטן פּרעזידענט, וועלכער איז פּער־זאָניפיצירט מיטן באַקאַנטן פּעטערסבורגער ציוניסטישן טוער, ד״ר מאַנדלשטאַם, זענען די איבעריקע אָ ליטעראַרישער גלגול פון הערצלס נאָענסטע פריינד און מיטאַרבעטער, די דעמלטדיקע ציוניסטישע לייטנדיקע אָנפירערשאַפט.

אין שלום־עליכמס "באַשרייבונג" טרעפט מען נישט, אַ חוץ דעם "ראַבינער", דעם דאָקטאָר, קיין אַנדערע פאַרשטייער פון פראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ, אָפּגערעדט פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשער, דערפינדער און סתם אינטעלעקטואַלן.

דערפאַר אָבער באַגעגנט מען נישט אין "אלטנוילאַנד" קיין איין אַרבעטער, בעל־מלאכה אָדער גלאַט אַ יידן אַ האָרעפּאַשניק, גלייך נישט זיי האָבן עולה געווען מאַסנווייז "בשירה ובזמרה" קיין ארץ־ישראל, מיט אַ פּעסטן באַשלוס "לבנות ולהיבנות בה"; גלייך זיי וואָלטן קיין שום חלק נישט געהאַט אין דעם אַלעמען, וואָס אין "אלטנוילאַנד" איז געוואָרן אויפגעטאָן.

מיט יידישע ערד־אַרבעטער — אַ גרופּע איינוואַנדערער פון רוסלאַנד — באַגעגנט מען די געסט אין דער מוסטערהאַפטער קאָלאָניע "ניידאָרף", בעת אַ מיטינג, וועלכער קומט פאָר אין די ראַמען פון דער וואַל־קאַמפּאַניע צום נאָענטן ציוניסטישן קאָנגרעס, און פאַר וועלכע דער קאַנדידאַט אויפן נייעם פּרעזידענט האַלט אַ פלאַם־פייערדיקע אַגיטיר־רעדע. מער קיין יידישע פּויערים זיינען אין "אלטנוילאַנד" נישט בנמצא, פּונקט ווי עס זיינען דאָ נישטאָ קיין אַנדערע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אַ דאַנק וועלכע דעם מחברס לאָזונג "אם תרצו — אין זו אגדה" האָט אויפגעהערט צו זיין אַ לעגענדע.

צווישן שלום־עליכמס העלדן, זענען בכלל נישטאָ קיין ערד־אַרבעטער. סך הכל ווערט דאָ דערמאָנט איין פּענסיאָנירטער, בלינדער גערטנער, וועלכער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן פאַרנומען מיט פלאַנצן בוימער און האָדעוועז בלומען, און דער אורח ווערט נבהל ונשתומם: "אַ ייד זאָל גאָר ליב האָבן גרינוואַרג, בוימער און בלומען".

דערפאַר איז אָבער שלום־עליכמס אוטאָפּיש "ערגעץ־לאַנד" באַוווינט פון סאַמע יגיע־כפּיימניקעס, פון בלויז "עמך", נאָר פון גאָר אַן אַנדערן שניט. די היגע יידן אונטערשיידן זיך פון אַלע זייערע ברידער, אפילו מיטן אויסזען און אויסערלעכקייט.

אָט ווי משה באַשרייבט דעם שניידער — איינעם פון די היגע תושבים, וואָס איז ענלעך צו די איבעריקע, וועלכע ער באַגעגנט דערנאָך אין שול: "(...) נאָר איך מוז אייך קודם אָפּמאָלן וואָס פאַרא מין ייד דאָס איז געווען. אַ הויכער, מיט שוואַרצע האָר, אַ שוואַרצער באָרד, דעם קאָפּ פאַרריסן מיט גדלות, אָנגעטאָן אין שוואַרצן מיט אַ הויכן ספּאָדיק אויפן קאָפּ, כמו אַ לאָקשנטאָפּ" [14]. א.אַ.וו. די אַלע, "שוואַרצע יידן", זענען הייסע אָנהענגער פון פאַרשריט, בילדונג, אויפקלערונג און זענען טיף דורכגעדרונגען מיט יידישן און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. זיי זענען גרויסע פּאַטריאָטן פון ארץ־ישראל — וועגן וועלכן מען דערוווסט זיך אין דער "באַשרייבונג" בעקיצר — און האַלטן אָן מיטן לאַנד אָן ענגן קאָנטאַקט. זיי זענען באַהאַוונט אין אַלעמען, וואָס קומט דאָרט פאָר און נעמען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין די דאָרטיקע געשעענישן. זיי פאַרברענגען דאָרט נישט נאָר דעם יערלעכן אָפּרו און זענען משדך זייערע קינדער מיט די ארץ־ישראלדיקע, נאָר שטעלן אויך צו אַהין הויכ־קוואַליפיצירטע אַרבעטער און מיליטער־לייט.

זיי אַנטוויקלען די דאָרטיקע געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און דערציערישע אַנשטאַלטן; זענען באַפולמעכטיקט צו באַשטימען וועגן פאַרמערן און פאַרפּולקאָמען די דאָרט עקזיס־טירנדיקע פאַרשידענע אונטערנעמונגען, און ווייזן בעיקר אַרויס גרויסע זאָרג פאַר די דאָרטיקע בילדונגס־אינסטיטוציעס.

זייערע שיינע, באַקוועמע און מאָדערנע וווינונגען, וועלכע שלום־עליכם באַשרייבט מיט אַזאַ שטאָלץ, זענען נישט צום פאַרגלייכן אַרעמער, איינפאַכער און אַ סך אַ סך באַשיידענער פון "די ווייסע ווילעס" אין "אַלטנוילאַנד". ביי די טויערן פון די היגע "רייכע" בעלי־מלאכות שטייען נישט קיין וועכטערס; זיי פאַרמאָגן אויך נישט קיין אויטאָמאָבילן מיט שוואַרצע שאָפערן, און צו זייער רשות שטייען נישט קיין משרתים, אַמען און אַנדערע דינערס, ווי ביי די תושבים פון די פּראַכט־קוואַרטלען פון חיפה, טבריה און ירושלים. זיי האָבן, אמת איז, דינסטן, אָבער מען באַגעגנט זיי נישט, וואָרעם עס איז שבת, און שבת אַרבעטן די דינסטן נישט. "שטייט" דאָך אין "דער סדרה 'ואתחנן': למען ינוח — בכדי עס זאָלן רוען, עבדך — דיין קנעכט, ואמתך — און דיין דינסט, כמוך — אַזוי ווי דו". פאַרטרעטן טאַקע שבת די בעלי־בתימס טעכטער, זייערע דינסטן.

הערצל קלערט אויף, אַז אין "אַלטנוילאַנד" איז דער רעזשים אַ "מוטואַליסטישער", וואָס וויל מיינען, אַז דער יחיד ווערט דאָ נישט צעריבן צווישן די מילשטיינער פונעם קאַפּיטאַליזם, און ווערט אויך נישט געקעפּט פונעם טאָטאַלן ניוועליר־סיסטעם פונעם סאָציאַליזם. מען פאַרשטייט דאָ אָפּצושאַצן די פּריוואַטע איניציאַטיוו פונעם בירגער, און מען אונטערשטיצט זיין רעכט צו פאַרגרעסערן זיין פּריוואַט אייגנטום.

שלום־עליכם שטעלט זיך נישט אָפּ אויפן רעגירונגס־סיסטעם ביי די "משוגעים". ער שטרייכט בלויז אונטער, אַז די פּשוטע שניידערס און סטאָליערס באַטייליקן זייערע

14 לויט ווי בערקאָוויטש דערציילט אין צווייטן באַנד "אונדזערע ראשונים" (די לעמבערגער תקופה), האָט שלום־עליכם געהאַלטן, אַז צום דאַווענען, דאַרף מען אָנטאָן אַ צילינדער, ער האָט דאָס אפילו געפּרוווט אָנוואַרפן דעם איידעם זיינעם, אין ערשטן פּסח, וועלכן זיי האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט.

לוין־אַרבעטער אין די רווחים, וואָס זאָגט עדות וועגן אַ געזונטן ניי־איינגעפירטן ווירטשאַפטס־פּראָגראַם, וואָס איז באַזירט אויף יושר און גערעכטיקייט.

דער לעבנס־שטייגער פון דעם „אַלטנווילאַנד"־פּערסאָנאַזש איז אידענטיש מיט דעם, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער שפּעריטער און פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ, פאַרן מיטעלן און העכערן קליינבירגערטום און רייכער בורזשואַזיע אין די אייראָפּעיִשע גרויסשטעט — דער עיקר אין דער הויפּשטאָט פון דער עסטרייכישער קייזערלעך־קעניגלעכער אימפּעריע. אַזעלכע זענען אויך זייערע פאַרווײַלונגען און דער אופן פון זייער קולטורעלן זיך אויסלעבן.

אין איינעם מיטן אינטעלעקטועלן און מאַטעריעלן באַגאַזש, האָבן אַ געוויסע צאָל פון די אַמאָליקע גרויסשטעטלער, אַריבערגעטראָגן קיין „אַלטנווילאַנד" זייערע צווייפלהאַפטע געוווינהייטן, פּיליסטערישע אייגנשאַפטן; קליינלעכע זיטן און מעכטיקן דורשט נאָך ביליקע פאַרגעניגנס, וועלכע האָבן זיך אין דער „נייער געזעלשאַפט" אויף קיין האָר נישט געביטן. זיי זענען דאָ טאָקע אַ מינדערהייט, דערפאַר אָבער אַ זייער סימפּטאָמאַטישע; וואָרעם אין זייער טענדענץ צו קולטיווירן דאָס נעגאַטיווע און שעדלעכע, שטעלן זיי מיט זיך פאַר אַ סכנה פאַרן בעסערן און שענערן, וואָס הויבט דאָ אָן צו געדייען.

כאָטש די „משוגעים" דערקלערן אַז „זיי האָבן וויסנשאַפט", פאַרנעמען זיי זיך נישט מיט קיין שעפעריש דערפינדערישער אַרבעט. זיי האָבן דאָקעגן געשאַפן אַ נייעם טיפּ יידישע מענטשן, וועלכע זענען אין „אַלטנווילאַנד" בכלל נישטאָ. די טאָג־טעגלעכע אַרבעט, אויף וועלכער זיי זענען שטאָלץ, פירן זיי אויס בשלמות און זענען זיך מפרנס בכבוד. די פרייע צייט פאַרברענגען זיי אין ביבליאָטעק, אין לייען־זאַל, אין די נאָכמיטאָג־שולן און אין קלוב, ווו זיי פאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, „לטובת הפרט והכלל". נישט געקוקט אויף זייער פאַרהעלטנישמעסיק הויכן לעבנס סטאַנדאַרט, האָבן זיי נישט אָפּגעטרעטן פון יידישקייט: היטן אָפּ די יידישע דינים און מנהגים, „ווי אין דער תורה שטייט", און זענען ממשיך די יידישע טראַדיציע, אינעם שענסטן און פולסטן זין פון וואָרט.

אין קעגנזאַץ צו „אַלטנווילאַנד", ווו עס איז בכלל קיין חייל נישט פאַראַן, איז ביי די „משוגעים" יאָ איינגעפירט מיליטערישע דינסט. די גרעסטע זאָרג פון די דאָרטיקע קורץ־זיכטיקע יונגע־לייט באַשטייט אינעם פּחד, אַז מען וועט זיי, חלילה, נישט וועלן אַסענטירן. דעם אורח, וועלכער שפּעט אָפּ פונעם דאָזיקן „אומגליק", און האַלט עס דווקא פאַר אַ גליק, גיט מען צו פאַרשטיין, אַז „(...) ראשית איז די דינסט אַן אָנגענעמע זאַך; ס'איז אַ סימן אַז מען איז געזונט (...) צווייטנס איז שיין, אַז מען איז אַ סאָלדאַט, מען קען זיך דערדינען אַ כבוד. און דריטנס באַדאַרפן מיר דאָך האָבן אונדזער חייל אין ארץ־ישראל" — משמעות, נאָך איידער עס איז פאַראַן אַ יידיש לאַנד, גרייט מען שוין צו אַן אייגענע אַרמיי, וואָרעם: „וואָס פאַראַ פאָלק וויל האָבן אַ לאַנד און האָט נישט קיין חייל". — „וואָס באַדאַרפט איר חייל? איר ווילט זיך דען גיין שלאָגן? מיט עמעצן מלחמה האַלטן?" — פרעגט דער אורח, און די „סטאַליערקע" גיט אים צו פאַרשטיין: „שלאָגן זיך, מלחמה האַלטן וועלן מיר נישט באַדאַרפן מיט קיינעם; נאָר די מענטשן זענען נאָך נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, אַז אַ מלוכה זאָל זיך קאָנען באַגיין אָן מיליטער, אָן סאָלדאַטן" — און

דערמיט, מעג מען זאָגן, אַז פאַר צבא הגנה לישראל באַשטימט געוואָרן צום ערשטן מאָל די קווינטעסענץ פון זיין עיקרדיקער אויפגאַבע.

עס שיינט, אַז דער וויכטיקסטער אונטערשייד צווישן ביידע אוטאָפּיעס באַשטייט הויפּטזעכלעך אין דער פאַרשידענער באַציונג פון די לייענער און דער קריטיק צו די מחברים זייערע.

דער ערשטער, איז דער דעמאָלט שוין גוט באַקאַנטער יידישער שרייבער — וואָס הגם ער האָט זיך קונה שם געווען, אַלס דער גרעסטער הומאָריסט ביי יידן, וואָס זיינע שאַפונגען זענען געווען באַליבט אין די פאַרשידענע שיכטן פונעם פאָלק, און האָבן געווינען די הערצער פון טויזנטער לייענער — האָט אָבער זיין פּאָפּולאַריטעט נאָך נישט אַריבערגעשריטן די גרענעצן פון דער יידישער וועלט.

דער צווייטער, דער שוין דעמאָלט באַרימטער ציוניסטישער מנהיג, וועמענס רום איז אין יענער צייט דערגאַנגען צום הויכפּונקט. אַ חוץ דעם, איז ער שוין אין יענע יאָרן אָנגעגאַנגען אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע זשורנאַליסטן פון אַ בכבודיקער ווינער צייטונג; אַלס שרייבער און דראַמאַטורג, וועמענס פּיעסן זענען אויפגעפירט געוואָרן אין חשובע אייראָפּעישע טעאַטערס, דעם "בורגטעאַטער" איינגעשלאָסן, און ועל כולם אַלס אויטאָר פונעם "יודנשטאַט", וואָס האָט אויפגערודערט די יידישע, און נישט נאָר די יידישע, געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

האָט טאַקע די דערשיינונג פון "אַלטנוילאַנד" אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינעם אינטערעס, איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן און איינצייטיק אויפגעטרייסלט די גאַנצע ציוניס־טישע באַוועגונג און די יידישע עפנטלעכקייט.

דאַקעגן, זענען די אָפּשניטן פון שלום־עליכמס נישט פאַרענדיקטער דערציילונג, וועלכע האָבן זיך געדרוקט מיט העכער אַ יאָר פריער, אַדורך אָן אַ שום אָפּקלאַנג.

פון דער ערשטער מינוט אָן, האָט מען זיך אָפּגעזאָגט צו זען אין "אַלטנוילאַנד" סתם אַן אוטאָפּיע. כמעט אַלע, די לייענער און די קריטיק, האָבן זיך באַצויגן צום נייעם ווערק פון דעם וועלכער "האָט אין באַזעל געגרינדעט די יידישע מדינה", ווי צו אַן אָפּשפּיגלונג פון איר, ווען זי וועט — לויטן מחבר'ס פאַראויסזען — אַנטשטיין אין צוואַנציק יאָר אַרום.

עס איז כמעט ווי זיכער, אַז צו שלום־עליכמס "ראָמאַן", האָט מען זיך אויך נישט באַצויגן, ווי צו אַן אוטאָפּיע. וואָרשיינלעך, האָבן די לייענער — וואָרעם די קריטיק האָט זיך אויף אים נישט אָפּגעשטעלט — געזען אין די "משוגעים" נאָך איין וויציקע געשיכטע פונעם באַקאַנטן הומאָריסט, דעם מחבר פון נישט איין נישט געשטויגענער מעשיה. נאָך מער, די לייענער אַליין, הגם ציוניסטן, האָבן זיך מסתמא אויך באַצויגן צום געדאַנק פון גרינדן אַזאַ מין יידישע "געזעלשאַפטלעכקייט", ווי צו אַ שיין פאַרטראַכטן שפּאַס, וואָס האָט קיין ממשות נישט.

דאַקעגן האָט זיך אַ גרויסע צאָל פירנדיקע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — און צווישן זיי מאַרטין בובער — בראש מיט הערצלס בר־פּלוגתא, אחד־העמען — שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן הערצלס מאָדעל פון זיין "יודנשטאַט".

אַלס ענטפער אויף מאַקס נורדויס רעאַקציע אויף דער קריטיק פון "אַלטנוילאַנד",

אין וועלכער ער האָט, פאַרטיידיקנדיק זיין פריינד, שווער אָנגעגריפן אחד־העמען, האָבן חיים ווייצמאַן און זיינע רוסישע מקורבים, אָנגענומען די שטעלונג פון אחד־העם, און פירגעהאַלטן הערצלען, אַז זיין "אַלטנוילאַנד" איז אויסגעטאָן פון יעטוועדן יידישן קענצייכן, קאָלאָריט און אייגנאַרטיקייט; אַז עס זענען דאָרט נישט פאַראַן קיין שפור פון די יידישע גייסטיקע ווערטן און קיין סימן פון פאַרווירקלעכטער יידישער איינשטעלונג און וועלט־באַנעם.

הערצלס אָפּאָנענטן האָבן מיט רעכט געטענהט, אַז "אַלטנוילאַנד" קאָן דינען אַלס מעדיום פון יעטוועדער הויך אַנטוויקלטער, פּראָגרעסיווער מדינה, נישט אָפּהענגיק פון דער נאַציאָנאַליטעט, גלויבן און שפּראַך פון אירע בירגער, וואָרעם זי טראָגט אַן אַבסאָלוטן קאָסמאָפּאָליטישן כאַראַקטער.

שלום־עליכמען קאָן מען אַזאַ זאַך נישט פאַרוואַרפן. הגם זיין אוטאָפּישע שטאָט איז נאָך קיין מדינה נישט, און איז דערווייל — קאָן מען זאָגן — אַן עקספּערימענטאַלער "ערב־מלוכהשער" פאַרמעסט, פאַרמאָגט זי אָבער אַלע אַטריבוטן פון יידישקייט. אין זיין פרייער "אַרבעטס־אויטאָנאָמיע" איז אַלץ יידיש. די תושבים, זייער גלויבן און שפּראַך — בעצם צוויי שפּראַכיקייט, וואָרעם די פרויען רעדן צווישן זיך "לשון־קודש" — זייערע מנהגים; דער אָרט פון לעבן; די עטישע און מאָראַלישע פּרינציפּן אויף וועלכע זיי שטיצן זיך און אפילו דער פּראָגרעס זייערער איז יידיש לויט דער פאָרם, לויטן אינהאַלט און מהות. דאָס אָרט, די מענטשן, די אַטמאָספער איז אַ יידישע, הגם פונעם פּייזאַזש זענען פאַרשווונדען "די קליינע מענטשעלעך מיט די קליינע השגות" און זייערע "גרויסע בהלות"; הגם עס זענען ערגעץ־ווו פאַרשוווּנדען געוואָרן די "אָרעמע און פריילעכע" קאַסרילעווקער קבצנים און מאַזעפּעווקער בטלנים און אַנטרונען זענען געוואָרן די אַדעסער און יעהופּעצער נגידים און "גבירים"; די לופט־מענטשן און יחסנים, פון וועלכע שלום־עליכם האָט אַזוי ביטער אָפּגעחוזקט, און וועמענס בלויזן און פּעלערן ער האָט אַלע מאָל מיט גוטמוטיקער איראָניע געטאַדלט. זיינע "משוגעים" זענען "נאָרמאַלע" יידן; שענערע, בעסערע פון אַלע די, וועלכע ער האָט רעאַל גשילדערט.

זיי צייכענען זיך אויס מיט הויכער מאָראַל, אַ סך גוטן ווילן און מיט ווייטגרייכנדיקער טאָלעראַנץ; האָבן אַן אָפענע האַנט און אַ וואָרעם יידיש האַרץ; זענען מקרב פרעמדע, האַלטן בכבוד די זקנים און זענען "עוסק בצרכי צבור באמונה".

די שטאָט זייערע איז אוטאָליטאַר און פּלאַנמעסיק געבויט. אַנשטאָט איינגעהויקערטע הייזלעך מיט קרומע דעכער, שטייען דאָ שיינע געביידעס, אַרומגערינגלט מיט בלומען־גערטנער. אַנשטאָט שמאָלע פאַרעיפּושטע "הילײטשקעס" — ברייטע, אויסגעפּלאַסטערטע סקעווערן און ציכטיקע, העל באַלויכטענע גאַסן. אין די זויבערע עסטעטיש איינגעאָרדנטע דירות איז פאַראַן עלעקטריש ליכט, וואַסערלייטונג, קאַנאַליזאַציע און טעלעפאָנען.

די שול זייערע איז פּרעכטיק געבויט. זי איז ליכטיק, ציכטיק און די תפילות ריכט מען דאָ אָפּ, מיטן באַגלייט פון אַן אָרגל, — מיט חרדת קודש און אמתער יראת שמים. די מתפללים, אַלע אין יום־טובדיקן לבוש, גיבן זיך קעגנזייטיק אָפּ כבוד; נישטאָ קיין חזקה אויף "שטעט"; נישטאָ קיין "מזרח־וואַנט"; יעדער זעצט זיך ווו אים איז באַקוועם. געלט, יחוס און זכות־אבות האָבן דאָ אויפגעהערט צו דינען אַלס קריטעריעס, לויט וועלכע

מען באַשטימט דעם געזעלשאַפטלעכן מעמד פונעם מענטשן. מען פירט זיך אויף קולטורעל און "לייטיש", סײַ צווישן די אייגענע פיר ווענט, סײַ אין דער עפנטלעכקייט. עס הערשט דאָ גלײַכקייט אין יעדן זין און אויף יעדן געביט. די אַרבעטס־שעהן זענען פאַרהעלטניש־מעסיק קורצע, דער אַרבעטס־לוין אַ הויכער — אַ חוץ דיווידענדן — און די באַציונגען צווישן דעם בעל־בית און זײַנע לוין־אַרבעטער זענען פאַמיליאַרע; אפילו נישט קיין פּאַטריאַרכאַלע. די פּרויען געניסן דאָ פון פולע רעכט און נעמען אַ גלײַכן אָנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַלע האָבן רעכט אויף בילדונג און פאַר די אַרבעטנדיקע זענען דאָ אײַנגעפירט נאָך־מיטאָג־שולן.

דער בילדונג־סיסטעם איז אַ ברייט פאַרצווייגטער און די לערן־שפּראַך איז יידיש. אַ חוץ העברעיש — די צווייטע אָבליגאַטאָרישע שפּראַך — לערנט מען דאָ אויך אַנדערע, פרעמדע לשונות.

עס זענען דאָ פאַראַן: פאָלקס־שולן, גימנאַזיעס און סעמינאַרן, און זייער לערן־פּראָגראַם נעמט אַרום לימודים פון פיזישער־קולטור, גימנאַסטיק און טאַנץ־לעקציעס.

אין דער "פאָלקס־ביבליאָטעק" און אין "קלוב", קריגט מען "יידישע צײַטונגען, ביכער, זשורנאַלן, גאַזעטן — עטלעכע הונדערט יידישע גאַזעטן".

עס זענען דאָ פאַראַן "אונדזערע יידישע גערטנער, אונדזערע יידישע גמילת־חסדים־הײַזער מיט אונדזער יידישער באַנק"; און אויב קיין ווײַנגערטנער און ווײַנקעלטערס זענען דאָ נישטאָ, אונטערשטיצט מען "תוצרת הארץ", און מען מאַכט קידוש אויף "אונדזער יידישן ווײַן, פון אונדזערע יידישע ווײַנגערטנער, וואָס בײַ אונדז אין ארץ־ישראל". טענהט ווידער דער אורח: סטייטש "בײַ אונדז", אַז ארץ־ישראל געהערט גאָר "צום טערק"; קריגט ער אַן ענטפער: "ארץ־ישראל איז געווען איז און וועט זײַן אונדזערס", ווײַל דאָ האַלט מען אַז "משיח איז שוין געקומען. (...) פון יענער מינוט וואָס מיר האָבן אַלע ביז אײַנעם אָנגענומען דעם רעיון פון יישוב ארץ־ישראל, איז געקומען משיח".

די דאָזיקע יידן פעלט בלויז איין זאַך. זיי זאָגן "(...) מיר האָבן אַלצדינג: אי געלט, אי געזונט, אי מענטשן, אי וויסנשאַפט; נאָר איין זאַך פעלט אונדז (...) אַ לאַנד. אַז מיר וועלן האָבן אַ לאַנד, וועלן מיר זײַן אַ פאָלק. ארץ־ישראל — דאָס יידישע לאַנד, לעם היהודים — צום יידישן פאָלק...".

וועגן די אַקטועלע פּראָבלעמען פון ארץ־ישראל דערוווסט מען זיך פון די דיסקוסיעס, וואָס די "שוואַרצע" יידן פירן צווישן זיך און פון זייערע אַרויסזאָגן אויף דער אסיפה. אין ארץ־ישראל, ווײַזט זיך אַרויס, זענען פאַראַן "אונדזערע עטלעכע הונדערט קאָלאָניעס, גאַנצע דערפער אייגענע, ווײַנקעלערס, אַלערליי געשעפטן, פאַבריקעס, שיפן און באַנען אייגענע", נאָר דאָס אַלץ איז ווײַט נישט גענוג. מען וואַלט שוין פון לאַנג געקאָנט אויסקויפן די גאַנצע ארץ־ישראל־ערד, פאַר קאָלאָסאַלע סומעס, וועלכע עס האָבן מנדב געווען און איבערגעלאָזט בירושה די רײַכע יידן פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן פאָנד[16], אויף וועלכנס חשבון זענען אין יידישן נאַציאָנאַלן באַנק פאַראַן הײַנט צו טאָג "צוויי הונדערט מיליאָן סטערלינגס". אמת איז, אַז אַ סך פון דעם געלט איז אינוועסטירט געוואָרן און קולטורעלע

15 אגב שטאַמען דער רוב פינאַנציעלע רעסורסן פון "אַלטנוילאַנד", פון די זעלבע מקורות.

אונטערנעמונגען, אָבער אויך אויף דעם געביט האָט מען נאָך אַלץ נישט דערגרייכט צו פיל. די איינציקע "יידישע אַקאַדעמיע", וואָס איז פאַראַן אין ארץ־ישראל, באַפרידיקט נישט די דאָרטיקע באַדערפענישן. עס וואָלטן דאָרט באַדאַרפט אויפגעבויט ווערן "צוויי, דריי, פינף און פאַר וואָס נישט מער הויכע יידישע בילדונגס־אינסטיטוציעס.

די לאַגע פון די יידישע גערטנער־אַרבעטער און פון די גערטנער איז הייאָר אַ נישט צופרידנשטעלנדיקע, ווייל מען האָט באַשטימט צו ווייניק געלט אויף זייער אויסהאַלטונג, די ביבליאָטעק פון די בעלי־מלאכות איז פאַרברענט געוואָרן, מוזן זיי געניסן פון פרעמדע ביבליאָטעקן.

יידישע אינזשינערן, זענען דאָרט באַשעפטיקט ביים בויען אַ נייע באַן־ליניע, און דער טעאַטער פון די באַן־אַרבעטער איז געוואָרן געשלאָסן, היות די בעסטע אַקטיאָרן האָבן אָדער חתונה געהאַט, אָדער האָבן געפונען אַנדערע באַשעפטיקונג.

אויף דער אסיפה ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז די רייכסטע יידישע וויין־געזעלשאַפט "כרמל", דאַרף צושטעלן אומזיסט וויין פאַר אַלע "ביקור־חולים'ס" — שפּיטאַלן — אין לאַנד.

מען וואַרפט אָפּ ראָטשילדס בקשה אָנגענומען צו ווערן אַלס מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיטן אַרגומענט, אַז "ווען עס האָבן זיך געגאָסן יידישע טרערן און יידיש בלוט", ווען מען האָט אים געזוכט און געבעטן זיך ביי אים, האָט ער זיך פאַרשלאָסן בחדרי חדרים; "דעמלט האָט ער נישט פאַרשטאַנען קיין יידיש". היינט אָבער "אַז מיר האָבן זיך מיט אונדזער אייגענער הילף אַרויפגעשלאָגן אויף אַ דרך (...) אונדזער פאָלק הויבט אָן ווערן לייטן גלייך" — איילן די גבירים "איינצוקויפן זיך מיט זייערע מיליאָנען, בכדי זיי זאָלן קאָנען זאָגן אַ דעה", נאָר דאָס וועט קיין מאָל נישט געשען א.ד.ג.

די פאַרזאַמלונג ווערט געשלאָסן מיט זינגען "אַ ליד אויף לשון־קודש (...), עוד לא עבדה תקוותנו" און עס זינגען "אי די אַלטע לייט, אי די יונגע, אי די זכרים, אי די נקבות — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן!" — באַמערקט משה, וועלכער האַלט אין איין פאַרגלייכן אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר, מיט דעם וואָס איז איינגעפירט ביי זיי, ביי די "רויטע יידעלעך", און הערט נישט אויף צו שטוינען פון די "קאָפּוירע" דרכים און פירעכצן פון די "שוואַרצע יידן", די "משוגעים".

מיטן זיבעטן קאַפּיטל, ענדיקט זיך דער ערשטער טייל פון "משוגעים". די שלוס־באַמערקונג "פאָרטזעצונג פאָלגט" — איז קיין מאָל נישט אויסגעפירט געוואָרן.

שלום־עליכם האָט דעם "ראָמאַן" אָדער "באַשרייבונג פון אַ דורכפאָרער" קיין מאָל נישט דערפירט ביזן סוף. ער האָט אויך נישט איבערגעלאָזט, ווי זיין שטייגער איז נישט איין מאָל געווען, קיין שום באַמערקונג אָדער אָנדייט וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער דערציילונג.

חיים פלאָטקין / ניו-יאָרק

# נייע לידער

## אין סאָד

אין סאָד מיט באַזונטעביימער
רו איך אין שאָטן פֿון שטאַמען —
אויב ס׳זוכט ווער אַ גוטן שומר
מעג ער מיַין נאָמען דערמאָנען,

און אים וועל איך קומען אַנטקעגן
אין אים העלפֿן די לאַסט טראָגן
כ׳וועל ניט מאָנען ביַי אים און ניט פֿרעגן —
כ׳וועל וויסן שוין וואָס מיר פֿאַרמאָגן.

*

וואָלקנקאַרבן
מיט זילבער באַמאָלן,
ווי כישוף — בערג און טאָלן —
אויפֿן הימל ווערן געבוירן.
די לבנה פֿאַרשווינדט
און אויף אַ שטערנבריק
זי קומט צוריק,
ווי פֿון קלעטערן אין שווימען —
בלאַס און מיד.
מיט בענקשאַפֿט זי זוכט,
דעם שטראַל פֿון באַגינען
מיט זוניקייט צעבליט.

*

אָדערן פֿון מיַין האַרץ —
אַריַינגעוועבט אין לידער,
וואָס איז זיי באַשערט ?

כ׳בין אַרײַן אין קאַראַהאַד
מיט אַ צעפּליגלט געמיט:
כ׳האָב געוואָלט צום באַרג-שפּיץ פּליען
ווי מאַמע יִידיש
מאַיִק האָט געבליט!

מאַמע לשון, דער לויטערער קוואַל,
דער טעם פֿון ווײַן
שייד זיך ניט פֿון מײַן גומען.
פֿון מײַן מאַמעס ליפּן,
יעדעס וואָרט בײַם וויגל,
בלאַנק נאָך פֿאַר מײַנע אויגן
ווי צו מײַן שוועל שטראַלן געקומען.

נאָר זעקס מיליאָן מאָל
איז די זון פֿאַרטונקלט געוואָרן
און קיין מאָל וועט זי העלער ניט ווערן...
פֿונעם יאָמערטאָל —
מײַן שוועסטערס קול
וואָס גאָט האָט פֿאַרשוויגן —
ווי אַ דונער כ׳טו הערן...



ב. דאָברין

# אַ פּאָר ווערטער וועגן אירמע דרוקער ז״ל


ירמיהו דרוקער ז״ל

ביי דעם סאָוועטיש־רוסישן שרייַבער איז נאַציאָ־נאַליזם קיין מאָל נישט געווען קיין חטא: זייַן נאַציאָנאַליזם האָט זיך געפּאָרט מיט פּאַטריאָטיזם. דער ייִדישער שרייַבער האָט געוווּסט, אַז קיין "כשרער" ייִדישער נאַציאָנאַליזם עקזיסטירט נישט, שטענדיק ווערט ער דאָרט געפּאָרט מיט "בורזשוּאַזן" און שמעקט מיט קרימינאַל.

באַזונדערס שווער איז געווען דרוקערן צוליב זייַן ראָמאַנטיש־דערהויבענער באַציִונג צום ייִדישן עבר...

ער איז אַלט געווען 11 יאָר ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָליוציע פון 1917. גאָר גיך האָט מען פאַרמאַכט דעם חדר, ישיבה, די יוגנט האָט געאָטעמט מיט לופט, פול מיט האָפענונג אויף אַ נייַער, שיינער וועלט, וואָס רופט צו פרייַהייַט און גערעכטיקייט. ייִדישע קינדער זענען געווען גראַמאָטנע. זיי האָבן געשלונגען די נייַע רייד, נייַע געדאַנקען. ס'האָבן זיך געעפנט קלובן, שולן. דער קאָמסאָמאָל האָט ברייט געעפנט זיינע טויערן...

"... מיר צעקריגטע שוין מיט טאַטעס.

מיר פאַרברענען אַלטע שמאַטעס" (ל. קוויטקאָ).

אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו תורה, צו טראַדיציע, האָט געהייסן "שמאַטעס", "שמות"...

אירמע דרוקער האָט פאַלאָזט זיין שטעטל טשערנאָביל, געפאָרן קיין קיִעוו זיך לערנען. סוף פון די 20־קער יאָרן זעען מיר דעם סטודענט דרוקער אויף ליטעראַרישע מסיבות. דער עולם האָט שוין דאָן ליב באַקומען זייַנע אינהאַלטסרייכע ליידנשאַפט־לעכע אַרויסטרעטונגען וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור.

דרוקער איז נישט געוואָרן קיין לערער. זיין פאַך איז געוואָרן ליטעראַטור. ער נעמט אָנטייל אין דער ייִדישער פּרעסע, דרוקט אַ צאָל ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן וועגן דער שאַפונג פון אונדזערע קלאַסיקער: עטיודן וועגן שלום־עליכם, דערציילונגען וועגן מענדעלע מוכר ספרים, עסייען וועגן מאָדערנע ייִדישע שרייַ־

בער. דעם ראָמאַן „קלעזמער“ האָט ער אָנגעשריבן נאָך פאַר דער מלחמה. אויף רוסיש איז ער דערשינען לויט דער רעקאָמענדאַציע פונעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר ד. שאָסטאַקאָוויטש.

דרוקער האָט מיר געוויזן באַגײַסטערטע בריוו פון לייענער פון אַ סך שטעט און שטעטלעך, אפילו פון ווײַטן סיביר. ס'האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אַ וועלט פון ייִדן, זייער פּראָבלעמאַטיק, זייער שיינקייט און טראַגיזם. אָט די לייענער האָבן דערפילט זייער געמיינזאַמקייט מיט ייִדן. אויך לייענער־ניט־ייִדן האָבן צוגעשיקט דאַנק־בריוו.

אַ סך יאָרן האָט דרוקער געשמט ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער. שרײַבער האָבן געהאַט צו אים טענות פאַר וואָס ער שרײַבט ניט וועגן זייערע ווערק און אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי געהאַט פּחד פאַר זײַן פּען.

דרוקער האָט פאַרמאָגט קינסטלערישע פּאָטענץ פאַר בעלעטריסטיק. דאָ האָט ער געזוכט און געפונען מעגלעכקייטן „זיך אַרויסרעדן“.

פון פאַרשיידענע פּלאַסטן ייִדישער הומאַניסטישער קולטור האָט ער געשעפּט אינהאַלט, בילדערישקײַט, אַסאָציאַציעס. אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין זײַנע ווערק נגינה. אַזאַ פאַרליבטקייט אין געזאַנג, מוזיק, אַזוי עקספּרעסיוו דאָס אַרויסברענגען איז אין דער ייִדישער ליטעראַטור — אַ זעלטענע דערשײַנונג.

ליטעראַריש־קריטישע אָפּהאַנדלונגען האָט דרוקער באַדאַרפט שרײַבן. בעלעטריסטיק — האָט ער געוואָלט שרײַבן.

מע ווייסט ניט גענוי פון וואַנען קומען אַזעלכע זאַכן ווי באַגאַבונג, טאַלאַנט. זוכט מען דעם ענטפער אויפן וועג פון גענעאַלאָגיע, אָפּשטאַמונג. אַזוי האָבן געטאָן אונדזערע חכמים מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אַזוי האָבן געטאָן די אַלטע גריכן און ביז צו הײַנט ווערט אָט דער מעטאָד אָנגעווענדט.

דרוקערס עלטער־זיידע בערל האָט נאָך אין די יונגע יאָרן זיך אויסגעצייכנט מיט תורה־קענטענישן און מיט אַן אײַזערנעם זכרון.

בײַ זײַנע זיידעס און בײַם טאַטן זענען געווען זייער אַ סך אַלטע ספרים. צו ספרים איז דרוקער קיינמאָל נישט געווען גלײַכגילטיק. מעגלעך, אַז פון דאַנען שטאַמט זײַן אינטערעס און זכרון.

היסטאָרישן זכרון האָבן פאַרמאָגט אַ סך ייִדישע שרײַבער. דרוקער אָבער האָט אויך געירשנט טיפן דרך ארץ, ליבע צו אונדזערע גײַסטיקע אוצרות, דאָס אײַנגעוואָרצלטע געפיל פון געמיינזאַמקײַט, מאָראַלישע פאַרפליכטונג נישט איבער־צורײַסן די פעדים, וואָס פאַרבינדן דורות דורך ייִדישקײַט („ייִדישקײַט“ ווי אַ צוזאַמענפלעכט פון וויסן (תורה), טראַדיציע, מאָראַל, ביטחון — דער דאָזיקער קאָמפּלעקס האָט סטימולירט און באַגלייט ירמיהו דרוקערס שעפערישן וועג).

צווישן די ייִדיש־סאָוועטישע שרײַבער זענען געבליבן געציילטע קענער פון תורה, נאָר די מערהייט פון זיי האָט מורא געהאַט ווערן „טריף“. אַנדערע ייִנגערע שרײַבער זענען שוין געווען ווײַט און אָפּגעפרעמדט פון אַלטע ייִדישע קולטור־

מקורות. דערפון איז געקומען דאָס געפיל פון דיסקאָמפּאָרט און ס׳האָט זיך בײַ זיי דערוועקט דער אינטערעס דערגראָבן זיך צום ייִדישן שורש.

אירמע דרוקער האָט געשמט אַלס ערודיט אין תנ״ך, תלמוד, געשיכטע. די שרײַבער האָבן געזען אין דרוקערן אַ לעבעדיקן קוואַל פון ייִדישקייט פון תורה און חכמה. זיי האָבן אים געקרוינט מיטן נאָמען ״רבי״ . . .

דרוקער האָט געזוכט די מינדסטע געלעגנהייטן, כדי צו שילדערן און אַנט־פּלעקן די מאָראַליש־עטישע שיינקייט פון יודאַיזם. זײַן וואָרט, זײַן געדאַנק האָבן פאַרכאַפּט דעם לייענער, דעם צוהערער מיט זייער עכטקייט און אויפריכטיקער ליידנשאַפט.

אירמע איז בנאַטור באַשאַנקען געווען מיט פאַרשיידנאַרטיקער באַגאַבונג. וואָלט ער נישט געווען אַזוי פאַרליבט אין וואָרט, אין בוך, וואָלט ער זיכער געווען אַן אויסגעצייכנטער זינגער. ווײַזט אויס, אַז נגינה האָט ער אויך געירשנט פון זײַן פאָטער דעם חזן, פון זײַנע זיידעס.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז נגינה פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אין זײַנע שאַפונגען.

דרוקער האָט געזונגען. ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע טענאָר־שטימע און אַ סך אַרטיסטיזם. אויף מסיבות, ווו מיר פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן איז אירמע געווען אין צענטער, כאָטש צווישן די געסט זענען אָפט געווען אויך פּאָפּולערע אַרטיסטן . . . אָבער דער עולם האָט געוואָלט הערן דרוקערן און אַלע אַרום האָבן זיך געבעטן: ״דרוקער, זינג!״ און ער פלעג זינגען נאָך אַ מאָל און ווידער. ער האָט אַרויס־געכשופט די שיינקייט פון ניגון, די דינסטע עמאָציאָנעלע ניואַנסן. ער האָט ליב געהאָט פאַרשאַפן מענטשן פרייד.

איין מאָל ערב ראש השנה זענען מיר געגאַנגען צום ים. אירמע האָט זיך דערמאָנט חזנישע האַרציקע תפילות, געזונגען שטיל, דערנאָך — העכער . . . ייִדן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אונדז באַגלייט.

די לעצטע 20 יאָר, זענען מיר אַלע זומער געפאָרן קיין אָדעס. אַלע טאָג האָב איך באַדאַרפט זיצן ביי אירמען. ער האָט געקלונגען, גערופן, געפאָדערט, זיך געבייזערט. דעריבער האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך נעענטער באַקאַנען מיט זײַנע באַזוכער. דאָס זענען געווען לערער, פען־מענטשן, דאָקטוירים, אַרטיסטן, אינזשינערן, מוזיקער, מאַלער און נאָך פאַרשיידענע. צווישן זיי איז געווען אַן אַלטער ייִד, וואָס איז 17 יאָר געזעסן אין דער צאַרישער טורמע פאַר רעוואָלוציאָנע־רער אַרבעט און, פאַרשטייט זיך, פינף יאָר אויך אין דער סאָוועטישער טורמע.

מענטשן, מענטשן פון אָדעס, פון שטעט און שטעטלעך. זײַן שטוב איז געווען אַן אַדרעס פאַר ייִדן. מע פלעג קומען, אָנקלינגען: — דאָ וווינט דער ייִדישער שרײַבער דרוקער?

מע פלעגט קומען זיך דורכשמועסן, פרעגן אַן עצה, הערן בייעס . . .

דרוקער האָט רעגולער געהערט די ראַדיאָ־אוידיציעס פון ״קול ישראל״ אויף

עברית. ער איז געווען אין קורס פון די געשעענישן און פראָבלעמען פון לאַנד, געפרייט זיך מיט אַל דאָס גוטס און געוויטיקט פאַר אַל דאָס שלעכטס.

ווער ס'איז איין מאָל געווען ביי אירמען אין שטוב — איז געקומען ווידער. ס'איז געווען אַן אָפענע שטוב. דאָרט האָט מען שטענדיק געקענט בלעטערן אַ זעלטענעם בוך. פון וואַנען פלעגט ער זיי באַקומען אָט די זעלטענע יידישע ספרים, איז פאַר פיל געווען אַ סוד...

נישט איין מאָל פלעג ער מיר שיקן ביכער קיין טשערנאָוויץ און דערלויבט זיי געבן מיינע פריינד...

איין מאָל איז ער געווען אין אַן אַפּרו־הויז פאַר שרייבער. רוסישע, אוקראַינישע און אַנדערע שרייבער האָבן זיך באַרימט מיט זייער פאָלקלאָר, ליטעראַטור...

— דרוקער, דו שווייגסט... געוויס האָסטו נישט וואָס צו זאָגן?...

און דרוקער האָט גענומען "זאָגן". ער האָט געשאָטן מיט אָריגינעלע געדאַנקען, חכמות, אַפאָריזמען פון יידישע אוצרות, מעטאַפאָרעס, עפּיטעטן, פאָלקס־ווערטלעך.

— שטיי, כאַפּ ניט. דאָס דאַרף מען פאַרשרייבן! גיי ווייס, אַז "ביי זיי" איז פאַראַן אַזעלכעס...

— ס'איז פאַראַן, ס'וועט סטייען פאַר אַלעמען אויף דור־דורות.

דרוקער האָט פאַרמאָגט דעם זעלטענעם טאַלאַנט — ליב האָבן מענטשן. און מענטשן האָבן אים געענטפערט מיט ליבע. ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס דרוקער איז געווען פאַרליבט אין משה אַלטמאַן. אַלטמאַנס פּנים איז אַ פּנים וואָס טראַכט. אין יעדער קנייטש איז באַהאַלטן אַ מחשבה. נאָך אַ "זאָג" זענען זיינע ליפּן שטיף איינגעפּרעסט. פּאַוזע. כ'האָב געהאַט געדולד, געוואַרט. קיין טעות האָב איך נישט געהאַט: דער "זאָג" איז געוואָרן צעוויקלט אין געדאַנקען, אַסאָציאַציעס, בילדער, זכרונות.

וועגן אַלטמאַנען האָט מען שוין געשריבן מיט יאָרן צוריק, נאָר ביז דרוקערן האָט קיינער נישט געשריבן מיט אַזאַ פאַרערונג, פאַרליבטקייט. קיינער איז אַזוי נישט נתפּעל געוואָרן פון אַלטמאַנס אייגנאַרט, טיפקייט. דרוקער האָט באַוואונדערט אַלטמאַנס וויסן, ראַפינירטע דערציילערישקייט, אינטעלעקט, ליריזם, געדאַנקלעכקייט, פּראָבלעמאַטיק, מיט וועלכער ער האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור. ער האָט הויך געשעצט אַלטמאַנס אויפטוען אין פאַרשיידענע ליטעראַרישע זשאַנערן — פּראָזע, דיכטונג, דראַמאַטורגיע, עסעיִסטיק, קריטיק, פּובליציסטיק, זיינע פּרושים, זיין אַסאָציאַטיווע רייכקייט. אַלטמאַן האָט זיך געפילט ווי אַ בן־בית אין דער העברעישער, יידישער ליטעראַטור. רוסישע און מערב־אייראָפּעיִשע ליטעראַטור האָט ער געלייענט אין אָריגינאַל.

דרוקער האָט פאַרעפנטלעכט צוויי גרויסע אינהאַלטרייכע עסייען וועגן אַלטמאַנען. יאָרן־לאַנג האָבן זיי געהאַט קאָנטאַקטן. אין די בריוו צו מיר האָט דרוקער קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיך אינטערעסירן מיט אַלטמאַנס געזונט, שטימונג. אַזאַ פריינדשאַפט צווישן צוויי יידישע שרייבער איז ווייט נישט פון די אָפטע דערשיינונגען...

אירמע דרוקער האָט נישט געקענט זיך באַרימען מיט רײַכער עולם הזה, נאָר ער האָט זיך אויך נישט געקענט באַקלאָגן אויף מאַנגל אין גײַסטיקער און עסטעטישער באַפרידיקונג. די גרעסטע פרייד ביי אים איז געווען — ווײַן פון געדאַנק. ווײַן פון געזאַנג. ער איז געווען אַ פאַרליבטער אין מענטש, אין וואָרט, אין שיינקײַט, אין יִדישער קולטור. פון דאַנען האָט ער געשעפּט כח צו לעבן אין אַזאַ ברוטאַלער ווירקלעכקייט, איבערטראָגן אַזוי פיל צרות און וויטיקן און טראָגן דעם געפונענעם פרייד פאַר זיך און פאַר אונדז.

דרוקערס טויט האָט פאַריתומט זיין משפּחה, די פאַרבליבענע אָדעסער יִדן (און נישט נאָר אָדעסער) וואָס האָבן זיך געצויגן צו אַ יִדיש וואָרט, געזאַנג, קונסט.

ס'קאָן זיין אַז אייניקע לייענער פון די נאָטיצן וועלן שאָקלען מיטן קאָפּ:

דו דערציילסט בלויז דאָס גוטע, דאָס שיינע און פאַרשווײַגסט דרוקערס פלאָנטערנישן, פעלערן, טעותן, זינד.

ליבע פריינט, דערמאָנט זיך וועגן יענער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, דערמאָנט זיך אונדזערע שווידערלעכע איבערלעבונגען אין יענע גרויליקע יאָרן... יאָ, אמת, ער האָט אויך געשריבן "ניט אַזוי", געזאָגט "ניט דאָס", געזינדיקט (ווי אַ סך סאָוועטישע שרײַבער), נאָר ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען האָט ער נישט פאַרלוירן די קינסטלעריש־עטישע לײַדנשאַפט, די געוואָגטקייט צו אַקטואַליזירן אונדזער רײַכן עבר, אַנטפּלעקן פאַר אַלעמען זײַן שיינקייט, זײַן מאָראַלישע דערהויבנקייט.

## אויסצוגן פון דרוקערס בריוו

27.1.1965

ליבער ברוך!

אײַער ליריש טרויעריק בריוול באַקומען.

יאָ, ווי קען מען זײַן איינזאַמער און עלנטער ווי אויף רוסישע פעלדער. האָפשטיין און איר זײַנעןביידע גערעכט.

ס'איז אומעטיק ווען מ'פילט פּאָעזיע, אַפילו די פאַרביקסטע, אַפילו די פריילעכסטע. ס'איז אומעטיק ווען "אין וואַלד דרייט זיך אַ סטעזשקע מיט סימנים פון גרויסע וואַלינקעס־טריט". ס'איז דער אומעט פונעם אַוועקגייענדיקן צוג — וווהין פירן די טריט? וווהין וועלן זיי פאַרפירן און ברענגען אָט דעם גייער, דעם נע־ונדניק? טרויעריק, ביז גאָר טרויעריק, ווען אַ מענטש גייט איינער אַליין בײַנאַכט אין וואַלד און קיינער באַגלייט אים נישט — אַפילו די שרעק.

טרויעריק, ווען מ'פאַרלירט דאָס, וואָס מ'האָט נאָך ניט געפונען.

גראַנדיעז איז דער תוהו ובוהו, דער פוסט־און־וויסט, דער בראשית...

און וואָס גראַנדיעזער, אַלץ טרויעריקער.

ס'איז גוט ווען ס'איז קאַלט אינדרויסן און ס'איז טרויעריק, ווען ס'איז קאַלט אינעווייניק.

ס'איז טרויעריק, ווען עס פעלן אויס אַזעלכע דריי וויכטיקע זאַכן ווי געלט, כוח און צייט.

— — — —

19/XI-64

ליבע פריינט!

הײַנט איז שוין דער דריטער טאָג, אַז איך בין אין אָדעס.

פּאַרליבטע אין לעבן, און מענטשן, אין איינעם, אין איינער, זײַנען פול מיט דעם ווייטיק פון בענקשאַפט, מיט דעם צער פון צעשיידונג.

בענקשאַפט און צער מוזן פירן אָדער צו דער תליה, אָדער צום שרײַבטיש.

איך מיין, אַז די באַגעגעניש מיטן שרײַבטיש וועט מיך אויפמונטערן. אַז מע שרײַבט ווערט מען אַליין ווי אַ ליד, וואָס ווייסט נישט פון קיין גרענעצן און שפּרײַזט אומעטום פראַנק־און פרײַ. אַז מע שרײַבט, איז מען, להבדיל, געגליכן צו אַ קאָסמאָנאַווט, דערפילט מען דעם טעם פון אָנוואָגיקייט.

ס'ווילט זיך שרײַבן וועגן שבת, וועגן יום טוב. אַפּאַטאַשו האָט אַמאָל געזאָגט, אַז "סײַ גרעץ, סײַ דובנאָוו האָבן געשריבן די געשיכטע פון ייִדישן שבת, פונעם ייִדישן יום טוב. די זעקס וואָכעדיקע טעג האָבן זיי דורכגעלאָזט".

אין דער ייִדישער ליטעראַטור, מיין איך, איז געוועזן פאַרקערט, מע האָט געשריבן די געשיכטע פון די זעקס וואָכעדיקע טעג און דורכגעלאָזט דעם שבת.

דער סאַמע שבתדיקער פּרק האָט, אין זײַן צײַט, געפרעגט: "ווּ זײַנען די ספרדישע ייִדן? ווּ זײַנען די אַמסטערדאַמער ברילי־אַנטן־שלייפער? ווּ זײַנען לוצאַטו און ברוך שפּינאָזע? ווּ זײַנען יהודה הלוי און עמנואל הרומי? א.אַ.וו. א.ד.ג.

עס ווילט זיך אויף איינעם פון פּרצעס "ווּ?" ענטפערן, אַז ג־ט וועט געבן כוחות וועל איך זײַן בכוח.

נאָך מאָסקווע פיל איך זיך להבדיל ווי יענע פיש, וואָס מײַן מאַמע פלעגט ערב שבת ברענגען פון מאַרק און אַרײַנלייגן אין אַ שיסל וואַסער, אויף זיי אָטכײַען אַביסל. די פיש פלעגן זיך צאַפּלען, עפענען די מײַלעכלעך. עס האָט זיי אויסגעפעלט אָטעם... עפּעס אַ קלייניקײַט — פון אַ טײַך אין אַ שיסל וואַסער. דער נמשל איז גענוג קלאָר.

ווי נאָר כ'וועל אַרײַנשפּרינגען אין אַ טײַך, אָדער אפשר טאַקע, וועל איך זיך אָנהייבן פילן ווי אַ פיש אין וואַסער... און דערווײַל, ביז וואָס עפּעס נויטיק איך זיך אין אַ וואַרעם גוט וואָרט פון גוטע פרײַנד. — — — — — — —

# אויפן שרייבטיש

יוסף קערלער

## די בריוו פון ירמיהו דרוקער ז״ל

אויפן שרײַבטיש ליגט אַ פּעקל בריוו אַדרעסירטע צו פאַרשיידענע מענטשן, בריוו פון פאַרשידענע יאָרן, בריוו מיט איינעם און דעם זעלבן אַזוי ליבן און היימישן פּערל־כּתב...

אויך איך פלעג אַ מאָל באַקומען נישט ווייניק אַזעלכע בריוו פון איינעם פון מײַנע לערער און יוגנט־פרײַנד ירמיהו (אירמע) דרוקער ז״ל. כ'האָב זיי לײַדער נישט געוואָגט מיטצונעמען מיט זיך פון רוסלאַנד... געבליבן זענען מיר בלויז אויפשריפטן און ווידמונגען אויף פאָטאָגראַפיעס און געשענקטע ביכער.

צו אירמע דרוקער פּאַסט זיך דער געניִאַלער זאָג פון שלום אַשן: ״אַ ייִד האָט מורא פאַר אַ הונט און קריכט אין פײַער״. זײַן ״קריכן אין פײַער״ האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין דעם וואָס אַפילו אין די געפערלעכסטע סיטואַציעס פלעגט ער מיט ליבשאַפט און מסירת נפש זאַמלען זעלטענע ייִדישע און העברעאישע ספרים, יודאַיִק אויף רוסיש, אַלטע מוזיק־פּלאַטן: חזנות, חסידישע, קלעזמערשע און בכלל ייִדישע פאָלקס־נגינה. נישט נאָר זאַמלען נאָר אויך זיך טיילן און פאַרשפרייטן צווישן פילצאָליקע פרײַנד און באַקאַנטע... זײַן ״קריכן אין פײַער״ איז ניט נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס נאָכן קומען פון די טורמע־ און לאַגער־פּייניקונגען אַ קראַנקער און אײַנגעבראָכענער פון שרעק, האָט ער דאָך זײַן שטוב ביסלעכווײַז פאַרוואַנדלט אין אַ דערפרישנדיקן ייִדישקייט־אָאַזיס, וווהין ס'פלעגן זיך אויך ציִען פיל פון דער אַדעסער ייִדישער יוגנט, אַ דאָרשטיקע נאָך אַ ייִדישן אות, נאָך אַ וואָרט, נאָך אַ ניגון. נישט קיין חידוש, וואָס צווישן די ערשטע אַדעסער עליה־אַקטיוויסטן וועט איר זעלטן אָנטרעפן אויף אַזאַ איינעם, וועמען דרוקער האָט נישט אַרויסבאַגלייט מיט די שענסטע ברכות... זעלטן ווער פון זיי האָט ניט געלייענט און איז ניט באַאײַנפלוסט געוואָרן דורך זײַן טיף־נאַציאָנאַלן ראָמאַן ״קלעזמער״, דערשינען אין רוסיש ערשט אין יאָר 1964!

וועגן דער ייִדישער גבורה פון ירמיהו, וואָס האָט אָפט איבערגעוועלטיקט זײַן שרעק, דערציילט אין איינעם פון זײַנע פּײַנע עסייען דער שרײַבער יאַנקל יאַקיר ע״ה, וועלכער האָט מיטגעמאַכט מיט אים די קאַלימער טויט־לאַגערן. (זע: יאַנקל יאַקיר — ״געשיכטעס און פּאַרטרעטן״, ז' 92, פאַרלאַג ״אייגנס״, תל־אביב, 1981).

דאָך דער געוואָגסטער אויפטו פון ירמיהו דרוקער, איז ווי מיר דאַכט, די כמעט רעגולערע קאָרעספּאָדענץ במשך פון יאָרן מיט פיל צענדליקער שרײַבער, קינסטלער,

וויסנשאַפטלער און גלאַט מיט פאַרשיידענע לייענער, ליבהאָבער פון ייִדישער ליטעראַטור בכלל און פון זײַנע, דרוקערס ווערק — בפרט.

אוודאי שרײַבט מען אין סאָוועטן־רוסלאַנד בריוו — אָפיציעלע זאַכלעכע, משפחה־בריוולעך, אַ באַגריסונג, אַ ליבע־בריוול אַ.ד.ג. אָבער דער עפּיסטאָליאַרער, אַזוי צו זאָגן, זשאַנער ווי אַ גאַטירלעכער באַשטאַנד־טייל פון דעם קינסטלערס יצירה, איז כמעט אין גאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן אינעם לאַנד פון די סאָוועטן, ווײַל אויב מע מוז זײַן געהיט מיט אַן אַרויסגעזאָגט וואָרט, מוז מען דאָך אוודאי און אוודאי ציטערן איבער יעדער שריפטלעכער אַרויסזאָגונג. בריוו צו שרײַבער־קאָלעגן און פרײַנדלעך־געשטימטע לייענער האָבן נישט קיין שום זין, אויב זיי שלאָגן נישט אָן אויף קיין אָפנהאַרציקן, כמעט אינטימען טאָן, אויב אין זיי אָנט־פּלעקט זיך נישט דער אידעיש־קינסטלערישער קרעדאָ פון דעם בריוו־שרײַבער. און דאָס איז אין יענע מקומות געפערלעכער פון אַלץ. זענען דאָך דרוקערס בריוו געלעגן אויפן טיש פון די קאַ.גע.בע.־פּײַניקער און זיי, די בריוו טאַקע, האָבן געדינט ווי אַ באַווײַז בעתן פאַרמשפּטן אים אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע ״פאַר בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער טעטיקייט״. (אויך אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצינען האָט מען, אגב, אײַנגעזעצט פאַר... אַ בריוו.)

די וווּנדערלעכע מוטיקייט פון ירמיהו דרוקער באַשטייט ניט נאָר אין דעם וואָס אויך, נאָכן צוריקקומען פון דער הונדערט מאָל פאַרשאָלטענער קאָלימאַ, האָט ער פאַרגעזעצט צו שרײַבן זײַנע מײַסטערישע נאָוועלן פול מיט ליבשאַפט צו אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָלקס־שרײַבער מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ און ביאַליק, נאָר ער האָט אויך פאַרגעזעצט שרײַבן בריוו און אַפילו פאַרברייטערט דעם קרײַז פון זײַנע קאָרעספּאָנדענטן. ער פלעג זיך פרייען און באַרימען זיך ממש ווי אַ קינד מיט יעדן נײַ דערוואָרבענעם אַדרעסאַט:

״לעצטנס האָבן זיך אין מיר אײַנגעקלאַמערט סטעמפּעניוס צוויי אייניקלעך. זייער זיידנס פאַמיליע איז געווען דרוקער און דעריבער זײַנען זיי זיכער, אַז איך בין פון זייערע דרוקערס.

זיי וווינען ביידע אין באַרנאַול. די מלחמה האָט זיי אַהינצו פאַרוואָרפן. איינע איז אַ מאָלערין, די צווייטע — אַ דיכטערין. זיי האָבן מיר צוגעשיקט זייערע פאָטאָס און די פאָטאָס פון די בילדער און לידער. זיי שרײַבן אַזוי, אַז אַ שטיין פון וואַנט קען צעגיין. איז וואָס זאָל איך טאָן? — האָב איך זיי אָנגענומען פאַר שוועסטער און שרײַב זיך מיט זיי איבער...״ אַזוי באַרימט ער זיך אין איינער אַ בריוו צו זײַנעם אַ נאָענטן פריינד ברוך דאָבראָוויטש פון טשערנאָוויץ (27 יאַנואַר 1965).

אין זעלבן בריוו שרײַבט ער ווײַטער:

״ביז גאָר רירנדיק איז אַ בריוו פון אַ ליניצער כלה. אַזוי ווי פון איר צד האָט זי קיינעם ניט, און זי שטאַמט פון דור־דורותדיקע קלעזמער, דעריבער לאָדט זיך מיך אײַן אויף איר חתונה. איך דאַרף איר פאַרבײַטן אַלעמען. — — — — —

איז גיי דערצייל זיי אַלע, אַז קוים וואָס איך זשיפּע, אָבער זייערע אילוזיעס וועל איך אין קיין פאַל ניט צעשטערן..."

אירמעס בריוו זענען געווען טיף ליריש און טיף זאַגעריש, אַפּט מאָל — מיט אַן אונטערטעקסט, — מיט קוים באַהאַלטענעם מיין, דורכגעוועבט מיט איבער־געפּראַזירטע פּסוקים פון תנ"ך, פון די פּרקי־אבות פון די אגדות... פול מיט אַפאָריזמען אייגענע און געשעפּטע פון די הייליקע ספרים, פאָלקלאָר, פון די ליטעראַטור־קלאַסיקער.

דרוקער און נתן זאַבאַרע ז"ל (זיין באַענסטער פריינד) זענען געווען די לעצטע תלמידי חכמים צווישן די יידיש־סאָוועטישע שרייבער (מיינסטנס פון איצטיקן דור האָבן אפילו פון קיין חדר נישט געוווּסט). ער איז געווען ווי אַ לעבעדיקער דער־פרישנדיקער קוואַל פון יידישער חכמה און וויסן וועלכע ער פלעג מיט דער פולער האַנט באַטיילן זיינע נאָענטע פריינד און וויטסטע קאָרעספּאָנדענטן.

מע קען אָנציילן אַ גוטן צענדליק סוזשעטן, מיט וועלכע ער האָט באַרייכערט די וווּנדערלעכע דיכטונג פון שיקע דריז ע"ה, ווי אויך פון אַנדערע שרייבער און דיכטער.

אין איינער אַ בריוו צו זיין אַלטן גוטן פריינד שמשון ליוועראַנט, אַ מענטש וואָס איז דורכגעגאַנגען אין ס"פ אַלע שבעה מדורי גיהנום און איז עולה געווען קיין ישראל, שרייבט ער, דרוקער:

"איך לייען אייערע בריוו צו גרשונען און כ'בין איבערראַשט פון אייער אָפּ־טימיזם, פון אייערע פילזייטיקע אינטערעסן, פון אייער זולל וסובאַדיקייט צו שמחה! איר מאַנט איין מיט פּראַצענט פאַר דאָס אַלץ, וואָס אין אייער לעבן איז באַגזלט געוואָרן!

איז זייט זשע אַזאַ ווי איר זייט נאָך יאָרן־יאָרן לאַנג!"

דאָס איז געווען איינע פון זיינע לעצטע בריוו קיין ישראל, נאָך וועלכע מען האָט אים — ווער ווייסט מיט וועלכע צוואַנגס־מיטלען — אָפּגעשניטן זיין קאָ־רעספּאָנדענץ מיט ישראל און דערפירט צו דעם אַז דווקא ער זאָל אָפּדרוקן אַ לויב־אַרטיקל וועגן דעם פאַרהאַסטן דורך אים, רעדאַקטאָר פון "סאָוועטיש היימ־לאַנד"...

"אַ ייד האָט מורא פאַר אַ הונט..."

## "גרינער ווינטער" פון מאיר חרץ

דער זעקסטער לידער־באַנד פון מאיר חרץ באַשטייט פון צוויי טיילן: "גרינער ווינטער" (לידער) און די פּאָעמע "מאַרקולעשט" — אַ געוואָגטער פּאַרמעסט צו פּאַראייביקן, אויפלייכטן אין אונדזער זכרון דאָס פאַרשניטענע באַסאַראַבער שטעטל. וועל איך אָבער שרייבן היינט בלויז וועגן ערשטן טייל, ווייל די פּאָעמע פאַרדינט זיך אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג.

דער נאָמען ״גרינער ווינטער״ איז נישט אַזוי זיך קיין צופאַל, נאָר אַ גליק־לעכער אײַנפאַל, אָן אמת פּאָעטיש געווינס (ווי דער געלונגענער נאָמען, אַגב, פון זײַן פריערדיקן לידער־באַנד ״דאָס פינפטע ראָד״. פאַרלאַג ״אייגנס״, ירושלים 1978).

אַליין דער דיכטער זאָגט אין זײַן צימצומדיק אַרײַנפיר־וואָרט: ״גרינער ווינטער״ מיינט דער ווינטער אין ישראל — ווייל כמעט אַלע לידער אין דאָזיקן טייל פון בוך זענען אין ישראל געשריבן געוואָרן״. איז דאָס אַ פאָרמולע, בײַ וועלכער מע דאַרף ערשט עפענען די קלאַמערן: — היתכן? קען מען דאָך פרעגן — אויב לידער געשריבענע אין ישראל, איז פאַרוואָס עפּעס דווקא דער קורצטערמיני־קער רעגנדיקער ווינטער און ניט דער לאַנג־פאַרצויגענער זוניק צעשטראַלטער שרפהנדיקער זומער, מיט וועלכן סע צייכנט זיך אויס אונדזער געבענטשט לענדל?

ניט אַנדערש, אַזוי קלער איך נאָכן אַרײַנלייענען זיך אין אָט דעם יאָדערדיקן געשמאַקן לידערבוך, ניט אַנדערש, אַז אָט דער דורכויס אָריגינעלער חרציִשער באַהעפט פון ״גרין״ און ״ווינטער״ איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר אונדזער ישראל־ווינטער, וואָס נעמט אַרײַן אין זיך חמישה־עשר בשבט, דאָס נײַ־יאָר, דעם ווידערגעבורט פוןביימער און פלאַנצן, נאָר פריער פון אַלץ אַנטשפּרעכט אָט דער גרינער ווינטער דעם איצטיקן פּאָעטישן געמיט, דעם קוואַליטאַטיוו־נײַעם שעפערישן אויפשטײַג אין דער דיכטונג פון מאיר חרץ:

אַ מזלדיקער רעגנדיקער ווינטער,
אין פענצטער שטיפט אַ דרויסן אַ צעגרינטער,
איך טונק מײַן פּעטע פּען אין פולן טינטער
און שלעפּ אַרויף די ווערטער — גרינער ווינטער.

מיר הערט זיך צווישן אָט די שורות די פרידיקע פאַרוווּנדערונג פון דיכטער זעלבסט און איך, דער לייענער, ווער אויך אַ שותף צו דער גליקלעכער אומ־דערוואַרטקייט בײַם דערזען ״שוואַרץ אויף ווײַס די גרינע לאַנדשאַפט״ און איך סאָלידאַריזיר זיך מיט זײַן ״דאַנקשאַפט״ צום גורל, וואָס האָט אים געבראַכט אַהער אַזש ״פון ווײַסן וואַלד אין צפון״, ווו ער צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרשנייטע אַרעסטאַנטן־קנעכט האָבן געהאַקט פאַרפרוירענע ביימער און געדאַרשט נאָך אַ וואַרעמען רעגן...

״און אָט איז דאָ מײַן רעגנדיקער ווינטער״ — זיפצט ער אַרויס מיט גרויס הנאה ווי אַ מענטש נאָך שווערע וואַגלענישן בײַ דער היימשוועל און טויזנט מאָל איז ער געווען, חרץ, ווען ער פאַרצייכנט: ״דאָס סאַמע קלענסטע רעגנדל מאַכט אויך געשיכטע״. אָט די רײַפע אויסגעוווייטיקטע לעבנס־חכמה קען קומען נאָר, ווען מען וואַרצלט זיך אײַן אויף היימישער ערד, ווו אַלץ איז ״אַנדערש אַנדערש״ און ווו דער אייבערשטער אַליין איז עולה קיין ירושלים:

פרוווט און רוקט די וואָלקנדלעך פונאַנדער,
ווי די פירהענגלעך פון פענצטער מע צערוקט,
זעט איר, ווי דער הימל דאָ איז אַנדערש,
ווען צו גאָט פון היגן זאַמד מע קוקט...

און כאָטש "סע פעלן נישט קיין דאגות, דאַנקען גאָט" — סײַ מדינה־דאגות, סײַ טיף פּערזענלעכע, סע פעלן ניט אויס קיין ביטערע חשבונות מיט דער וועלט, מיט שונאים און פרײַנד, מיט זיך אַליין, שײַנט דאָך אַרויס פון יעדער שטאַרק און שלימותדיק ליד, פון יעדן אויסגעטאָקטן פערז און צעזונגען בילד, שײַנט דאָך אַרויס אַ קלוגער שמייכל פול מיט פאָלקס־חן און לעבנס־חכמה. די דאגות, די טענות, די חשבונות צײַגן, אַז חרץ איז שוין ווײַט ניט קיין גרינער ווי די אַמעריקאַנער זאָגן, אָבער איבער אַלץ, ווי שוין אַנגעדײַט, ליכטיקט דער גרינער ווינטער, ווו גאָטס־געבענטשער רעגן באַוואַסערט אויך די דאַרשטיקע פּאָעטישע פעלדער פונעם זיבעציקיאָריקן דיכטער און וואַרטן שוין מיט אומגעדולד אויף נײַע פּאָעטישע חידושים, אויף נײַער שפע פון אונדזער פרוכטבאַרן מאיר חרץ. ביז הונדערט און צוואַנציק איז נאָך אַזוי ווײַט און ער, דער דיכטער אונדזערער, איז נאָך אַזוי יונג — אין גאַנצן צען יאָר אין לאַנד...

## וועגן און אַרום דעם בוך פון ש. בר עוזי *

אַ יאָר נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, אין 1918, האָט לענין, פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור אונטערן נאָמען "די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע און דער רענעגאַט קאַרל קאַוטסקי".

די דאָזיקע אַרבעט איז אויסגעהאַלטן געוועזן, ווי געוויינלעך, אינעם קלאַסישן לעניניסטישן סטיל" פון בייזוויליקער און שאַרפער זידלערײַ קעגן אַפּאָנענט. אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. מיך אינטערעסירט בעיקר איינע פון די אַרויסגעבראַכטע אין יענער בראָשור לענינס דעפיניציעס:

"פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור — ווערט דאָרט געזאָגט — באַדײַט אַ מלוכישע מאַכט, וואָס פירט אויס אירע דעקרעטן מיט דער הילף פון צוואַנג און טעראָר, וועלכע באַגרענעצן זיך נישט מיט קיינע געזעצן...".

שפּעטער האָבן זײַנע נאָכפאָלגער זיך אויסגעלערנט רעדן נישט אַזוי אָפנהאַרציק ווי זיי טראַכטן און דאָך ענלעכע "פּערל", מער אָדער ווייניקער טראַנספאָרמיטע

* הקדמה צום בוך "מיין יסורים־וועג", די ערשטע טייל, וואָס איז אָקערשט דערשינען אין פאַרלאַג "נייע־לעבן", תל־אביב, 300 זייטן.

אַרויסזאָגעכצן קען מען אָנטרעפן ביי די "קלאַסיקער פון מאַרקסיזם־לעניניזם" שוין אָפּגערעדט פון סטאַלינען, ווען מען האָט מיט רעכט געקרוינט ווי דעם סאַמע קאָנסעקווענטן יורש, פאָרזעצער און פאַרווירקלעכער פון לענינס "געניאַלע אידייען". "צוואַנג און טעראָר, וועלכע זענען נישט באַגרענעצט מיט קיינע געזעצן", האָט מען געטייַטשט, ווי אַ צייַטווייַליק מיטל, כדי אויסצוהיטן און באַשיצן די "רעוואָליוציע פון אַרבעטער און פּויערים". אָבער דאָס בלוטיקע מיטל איז נאָך בעת לענינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציל פאַר זיך, אין אַ פּערמאַנענטן בלוטיקן ציל — פאַרפעסטיקן אויף אייביק די איין־פּאַרטייִשע קאָרופּציע איבער די קאָלאָ־סאַלע שטחים פון דער געוועזענער גרויס־רוסישער אימפּעריע, אַז די 200 מיליאָניקע באַפעלקערונג אירע זאָל געצוווּנגען זייַן אויסשפּילן געהאָרכזאַם און אפילו מיט "באַגייַסטערונג" און "ענטוזיאַזם" די סאַמע ווילדסטע אַנטיהומאַנע "דעקרעטן" פון די מאַכטהאָבער.

סטאַלין, ווי געזאָגט, איז געווען קאָנסעקווענט אין זייַן לעניניסטישער פּראַק־טיק — ליקווידירט די "פּאַראַזיטאַרע" קלאַסן, האָט ער נישט אויפגעהערט צו פרײַדיקן "פאַרשטאַרקטן קלאַסנקאַמף" אויך אין דער קלאַסנלאָזער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. די לעצטע 7־8 יאָר פון זייַן זעלבסטהערשונג איז ער שוין צוגעטראָטן אויך צו . . . פעלקער־ליקווידאַציע.

פריער לענין, דערנאָך סטאַלין מיט זייַן פּאַרטיי־אַפּאַראַט האָבן פאַרמירט און אַרויסגערופן צום לעבן דעם שרעקלעך־מגושמדיקן גולם פון מאַסן־מאָרד. אָט דער מוראדיקער מאָנסטער שפּאַצירט זיך אַנהויבנדיק פון 1917, איבערן לאַנד און אויסערן לאַנד שפּרייטנדיק פּחד, אומגליק און טויט. די סאָוויעטישע מנהיגים קענען אים צייַטנווייַז צוימען, אָבער אָפּשטעלן אים זענען זיי נישט בכוח, ווייַל דאָס וואָלט באַדייַט זעלבסט־מאָרד פון רעזשים גופא.

צוואַנג און טעראָר — דאָס איז די צווייטע, אויב נישט די ערשטע נאַטור פון דער סאָוויעטישער מלוכה־סיסטעם. אָן דעם אָנשפּאַר־פּונקט, וואָלט די קאָמו־ניסטישע פּאַרטאָקראַטיע שוין לאַנג אויסגערינען ווי אַ וויסטער קאָשמאַר פון דער מענטשהייטס זכרון.

פאַראַן שוין אַ היפּשע ליטעראַטור — ראָמאַנען, דערציילונגען און בעיקר — מעמואַרן, אין וועלכע די, על פּי נס, געראַטעוועטע קרבנות באַמיען זיך אַנט־פּלעקן פאַר דער שטוינענדיקער וועלט די סאָוויעטיש־קאָמוניסטישע פאַרברעכנס קעגן מענטשלעכן מין — קנעכטשאַפט, רעפּרעסיעס און אָרגאַניזירטער מאַסן־מאָרד, וועלכע זענען אָנגעווענדט געוואָרן פיל פריער איידער נאָך ס'האָט זיך באַוויזן אויפן שוין פאַרבלוטיקטן האָריזאָנט היטלער מיט זייַן מענטשנפרעסערישן נאַציזם.

זכרונות וועגן די איבערלעבענישן אין דער סאָוויעטישער לאַגער־אימפּעריע זענען דערשינען אויך ביז צו דעם מעכטיקן דעמאַסקירער אַלעקסאַנדער סאָלזשע־ניצין. ס'לוינט זיך דאָ פאַרצייכענען צוויי ביז גאָר דערשיטערנדיקע ווערק אין דייַטש — די מעמואַרן פון עלינאָר ליפּער (1950) און פון מאַרגאַריטאַ בובער־נוימען (1958), דאָס בוך אין רוסיש פון יורי מאַרגאָלין "די נסיעה אין אָרעסטאַנטן־

לאַנד״ (״אין לאַנד פון די ״זע־קא״). אַ בוך וואָס צייכנט זיך אויס מיט גרויס טאַלאַנט, שאַרפזין און לײַדנשאַפט (דערשינען אינעם ניו־יאָרקער רוסישן טשעכאָוו־פאַרלאַג אין יאָר 1952). אַזעלכע ביכער האָט מען דאַן אויף מערב נישט געבאַלעוועט מיט קיין רעצענזיעס און אָפּרופן... נאָך גוט אַז מען פלעגט אָפּקומען מיט אַ טרוקענער אינפאָרמאַציע, פאַרשטופּט ערגעץ אויף די לעצטע פּעטיט־זײַטלעך פון דער פּעריאָדיק. אויך נישט אַזוי שלעכט — פריער פלעגט מען בכלל פאַרשווײַגן אַזעלכע ״רעאַקציאָנערע״ פּובליקאַציעס.

בײַ אונדז אין ישראל, למשל, ווו נישט נאָר דער לינקער לאַגער האָט דאַן געקרענקט מיטן פּסיכאָז פון פּראָסאָוויעטיזם, האָט יורי מאַרגאָלין — דער איבער־צײַגטער ציוניסט, אַ גלענצנדיקער זשורנאַליסט, עסעיִסט און אינטערפּרעטאַטאָר פון דער יִדישער געשיכטע — פאַר זײַנע אַנטפּלעקונגען געהאַט אויסצושטיין געבראַטענע צרות...

אַצינד, שוין אַ צײַט נאָך כרושטשאָווס דעמאַסקירן דעם מאָסן־טעראָר אינעם ״פּעריאָד פון פּערזאָנען־קולט״ *, נאָכן געוואַגטן דורכברוך אויף מערב פון סאָל־זשעניצינס ״אַרכיפּעלאַג גולאַג״ איז שוין נישט קיין חידוש, וואָס אויך אין דער יִדישער שפּראַך האָבן זיך באַוויזן און סע דערשײַנען אַלץ מער און מער מעמואַרן־ווערק אויף אָט דער בלוטיק־טראַגישער טעמע. אַלע אַזעלכע ביכער איז שוין נישט אויסצורעכענען. וועל איך קודם אָנרופן דאָס אויסגאַמלעכע ווערק פון אַלזײַטיק־באַגאַבטן יחיאל האָפער ע״ה — ״אין ווײַסער פאַרפאַלנקייט״, דאָס בוך ״און מ׳האָט מיך רעהאַביליטירט״ פון אַמאָליקן קאָמוניסט משה זאַלצמאַן (פּאַריז) און פון דעם אסיר ציון אהרן ראַזינס ״מײַן וועג אַהיים״, שמולעוויטשעס ״צוריק פון יענער וועלט״ און די פיר־בענדיקע עפּאָפּייע פון יואל פּערעל ״דער מאָרגנ־שטערן״..., דער דיכטער מאַלטינסקיס ״ביראָבידזשאַנער ענין״ ווי אויך ״אונטער סטאַלינס יאָך״ פון דעם קאַנאַדער אַ׳ באַש. יעדער אַזאַ בוך דערגענצט און פאַר־ברייטערט אונדזער פאַרשטעלונג וועגן די טעראָר־מגפות, וואָס חזרן זיך פּעריאָדיש איבער אינעם סאָוויעטישן אַרעסטאַנטן־לאַנד.

*

באַזונדערע קאַפּיטלעך און אויסצוגן פון ש. בר עוזיס בוך ״מיין יסורים־וועג״ האָבן זיך געדרוקט אין פאַרשידענע יִדישע צײַטונגען, וואָכנבלעטער און אין אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, דערין אויך אין דער ליטעראַריש־קינסטלערישער צײַטשריפט ״ירושלימער אַלמאַנאַך״. די דאָזיקע פּובליקאַציעס האָבן זוכה געווען

* אגב, דער זעלבער כרושטשאָוו, כאָטש נישט אין די מאַסשטאַבן פון סטאַלינען, האָט אויך אָנגעווענדעט געגנוג רעפּרעסיעס און טעראָר־מיטלען קעגן שרייבער, קינסטלער און אַנדערש־דענקנדיקע סאָוועטישע בירגער. זע למשל, דאָס בוך אין רוסיש פון אַנאַטאָלי מאַרטשענקאָ ״מיינע גבית עדות״ — ״פּאָסיעוו״־פאַרלאַג, 1973. דייטשלאַנד.

צו פיל פּאָזיטיווע אָפּרופן פון ייִדישע לייענער און ליטעראַטן. ס'איז געגוג צו דערמאָנען די הויכע אָפּשאַצונג, וועלכע ס'האָט אין זײַן צײַט געגעבן דער באַוווּסטער שרײַבער און פּובליציסט משה גראָס־צימערמאַן ז״ל, וואָס האָט געווידמעט בר עוזיס מעמוארן איינע פון זײַנע גלענצדיקע ראַדיאָ־שמועסן פון ״קול ישראל״.

ש. בר עוזי איז נישט קיין שרײַבער. ער איז ווײַט נישט קיין סאָלזשעניצין. ער דערמאָנט מיר אָבער גאַנץ אָפּט איינעם פון סאָלזעניצינס קרעפּטיקסטע גע־שטאַלטן — איוואַן דעניסאָוויטש. ס'איז גלײַך ווי סאָלזשעניצינס העלד וואָלט אַליין באַקומען לשון און אָנגעהויבן באַשרײַבן נישט נאָר איין טאָג, איין גערעטעניעם טאָג פון זײַן לאַגער־לעבן, נאָר טאָקע דעם גאַנצן יסורים־וועג זײַנעם — שעה נאָך שעה, טאָג נאָך טאָג, יאָר נאָך יאָר, יאָרן. אמת, אונדזער בר עוזין פעלט אויס אַ ביסל דער פּראַקטישער עגאָיִזם פונעם כיטרע סמעקאַליסטע פויערל איוואַן דעניסאָוויטש. דערפאַר אָבער צייכנט זיך אויס אָט דער געזונטער פאָלקס־מענטש מיט עכט ־ייִדישן אינטעלעקט און אין וואָס פאַר אַ געפלאָגטן מצב ער זאָל זיך נישט געפינען — צי בײַ די מערדערישע פּײַניקונגען מצד די אויספאָרשער, צי אין די שטיקנדיקע טורמע־צעלן, צי אויף די שווערע עטאַפּן, דערנאָך אויף קנעכטישער קאַטאָרגע־אַרבעטן און שפּעטער שוין, אפילו, בײַם סאָמע ראַנד — צווישן די אויסשטאַרבנדיקע דיסטראָפיקער (אין די דײַטשישע־נאַציסט׳שע לאַגערן פלעגט מען זיי רופן ״מוזולמענער״...) — אויך דאָרט און אומעטום בלײַבט ער נישט קיין פאַריאָגטער איינזאַמער וואָלף, נאָר שטענדיק איז ער צוזאַמען מיט נײַ־דערוואָרבענע חברים און פרײַנד, פּונקט אַזעלכע געיאָגטע און גערודפטע ווי ער אַליין. פרײַנד וואָס טיילן צווישן זיך מיטלייד און טרייסט, דעם לעצטן ביסן ברויט און דאָס לעצטע ביסל אָטעם בײַם אונטערשטעלן איינס דעם אַנדערן אַ ברידערלעכע פּלייצע. ער, בר עוזי, זוכט און געפינט שטענדיק דאָס ליכטיקע אינדזעלע פון צוטרוי און פרײַנדשאַפט אין יעדער נײַעם יאָמער־טאָל, ווו די אַרעסטאַנסקע דאָליע זײַנע פאַרוואַרפט אים. ער געשטאַלטיקט נישט זײַנע אחים בצרה מיט קיין שום קינסטלערישע מיטלען, ער פאַרקריצט פשוט אין אוניקאַלן זכרון אויף שטענדיק זייערע נעמען, אַדרעסן, באַשעפטיקונגען פאַר און נאָכן אַרעסט, יעדעמענס יסורים־וועג... שפּעטער, נאָך זײַן באַפרײַונג, געפינענדיק זיך אַליין אין אַ האַלב־לעגאַלן מצב, וועט ער לויט די פאַרגעדענקטע אַדרעסן זוכן און געפינען די צעלאָמעטע און פאַריתומטע משפחות, כדי איבערגעבן אַ לעבעדיקן גרוס און עפּעס דערוויסן זיך וועגן ווײַטערדיקן גורל פון זײַנע ברידער־קרבנות.

אין יענער צײַט ווען די שפּיר־הינט פון סטאַלינס געהיים־דינסט האָבן בלוטדורשטיק גענישטערט איבער אַלע ווינקלען פון לאַנד, איז אָט די טעטיקייט זײַנע געווען טויט־געפערלעך סײַ פאַר אים און סײַ פאַר זײַנע נאָענטע. ווייס איך נישט קיין גרעסערע העלדישקייט, קיין ליכטיקערע מסירות נפש בײַם אויספּילן, כמעט אַ בלינדער, די הייליקע שליחות פון חברשאַפט.

דער מחבר דערציילט פּרטימדיק, כמעט ווי פּראָטאָקאָלירט אין זײַן אוניקאַלן זכרון, אַלץ וואָס מיט אים און אַרום אים איז געשען, זינט ער, אַ פּראָסט ייִדיש

יינגל פון אַ ייִדיש־פּויליש שטעטל, איז געלאָפן זוכן אַרבעט און פרייַהייַט אינעם לאַנד פון די סאָוויעטן. אָנגעקומען איז ער אַהין אין יאָר 1923 ד. ה. דאַן, ווען ס'האָבן נאָך אין לאַנד געהערשט די, אַזוי צו זאָגן, "לעניניִשע נאָרמעס פון סאָציאַ־ליסטישער גערעכטיקייט".

די ערשטע חדשים אַרעסט בשעתן אָנקומען אין לאַנד פון הונדערטער און טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געגנבעט די גרענעץ ריזיקירנדיק מיטן לעבן און געקומען קיין רוסלאַנד מיט אָפענע פאַרגלויבטע הערצער — באַשרייבן פּריש, ווי ערשט נעכטן וואָלט דאָס געשען — זענען פאַקטיש געווען אַ בלוטיקע פאַרשפּיל, אַ מין לעניִן־פּרעלודיע צו דער טאָטאַלער פאַלקס־טראַגעדיע, וואָס רופט זיך "סטאַליניזים".

14 יאָר האָט בר עוזי געגאָסן פון דער סאָוויעטישער "פרייַ", געאַרבעט געוויסנהאַפט און טרייַ, פּונקט ווי טויזנטער אַנדערע אַנטלאָפענע פון פּוילן, זיך אייַנגעשאַפט אַ משפחה, געלערנט און ספּעציאַליזירט זיך ווי אַ זאַאָטעכניקער, צוגעוווינט זיך צום סאָוויעטישן שטייגער, צו באַשטענדיקער דחקות, אָדער ווי די פּאַרטיי האָט געלערנט: צו "צייַטווייַליקע שוועריקייטן פון וווּקס" און אויך צו די "רעזולטאַטן פון שעדיקערייַ" מצד די קלאַסן־שונאים, "וועלכע מען מוז ליקווידירן". ביי די 14 יאָר האָט ער, ווי מיליאָנען אַנדערע סאָוויעטישע בירגער, זיך געלאָזט באַווירקן דורך דער סאָוויעטישער שקרים־פּראָפּאַגאַנדע, זיך אויסגעלערנט "האַלטן ס'מויל" און געווען, קען מען זאָגן, צופרידן, אפילו גליקלעך... ביז געקומען איז דאָס יאָר 1937, דאָס יאָר פון שטעכלער־נאַרקאָם יעזשאָוו, דאָס יאָר ווען סטאַלינס מאַרד־אַגרעגאַט האָט געשניטן און געדראָשן מיליאָנען סאָוויעטישע בירגער — פאַרשטייער פון אַלע פעלקער, פאַרשטייער פון אַלע שיכטן — פּויערים, אַרבעטער, וויסנשאַפטלער, שרייַבער, מיליטערלייַט פון העכסטן ביזן נידעריקסטן ראַנג, גייַסט־לעכע און אַלטע באַלשעוויקעס, פּאָליט־עמיגראַנטן און... ווער עמען נישט?

אויך אונדזער בר עוזי איז אַרייַנגעשלעפּט געוואָרן צווישן די ציינרעדער פון יענעם "אַגרעגאַט" און פון דאַן, בעיקר פון דעמאָלט אָן, הויבט ער אָן פּיקסירן דעטאַל און אויף אויסנווייניק נישט נאָר זייַן אייגענעם יסורים־וועג, נאָר אַלץ וואָס אַרום אים געשעט. פון דאַן אָן ביז איצט קען ער זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייַען פון כסדרדיקער שטוינונג! "ס'טייַטש ווי קען דאָס געמאָלט זיין?", "גאָט מייַנער, וואָס טוט זיך דאָ?" און פיל ענלעכע פראַגע־אויסרופן זענען צעוואָרפן איבער די צוויי בענדער פון בר עוזיס זכרונות. און באמת טאָקע איז דאָס נישט קיין נאַיִווע קלאָץ־קשיות, ווייַל ווער איז דאָס מסוגל צו באַגרייַפן דעם אַרכי־טייַוולאָנישן אומזין פון פאַרפייַניקן און אויסצוהרגענען אַזוי פיל אַבסאָליוט אומשולדיקע מענטשן? צוזעענדיק דאָס טאָג־טעגלעך, וואָלט אַזאַ פילבאַרע נאַטור ווי אונדזער בר עוזי געוויס גערירט זיך פון זינען, נאָך ביז ער אַליין וואָלט געפאַלן צווישן די קרבנות... דאָס איז אָבער נישט געשען, נאָר אַ דאַנק דער אייַזערנער דיסציפּלין פון זייַן זכרון, וואָס האָט זיך פאַרפּליכטעט פאַרגעדענקען אַלץ ביז צו דעם מינדסטן פּרט.

דער סאָוויעטישער רעזשים ציט אויף זיך נאָך אַנאַנד די מאַסקע פון מענטש־

לעכקייט, אַלע הערלעכע באַגריפן פּרווון זיי זיך צואייגענען, אין דער ערשטער ריי — אינטערנאַציאָנאַליזם. אינטערנאַציאָנאַליזם האָט שוין לאַנג אפילו נישט געגעכטיקט ביי די, וואָס פירן אַ קאָנסעקווענטע גענאָסיד־ און אויסראָטונגס־פּאָליטיק בנוגע אייגענע און פרעמדע פעלקער, שוין אָפּגערעדט פון זייערע קולטורן.

דער ייִד בר עוזי איז בתוך און בטבע אַן עכטער אינטערנאַציאָנאַליסט. צווישן זײַנע נאָענסטע חברים און פרײַנד וועט איר געפינען רוסן, אוקראַינער, אוזבעקן, טאַטערן, ייִדן, פאַרשטייט זיך, אויך.

צווישן די תלינים און פּײַניקער פון דער נ.ק.וו.ד. דערמאָנט ער אויך מיט גרויס צער און צאָרן ייִדן (געוויס האָבן מיר דאָס צווייפלהאַפטע רעכט אויך אויף אייגענע אויסוווּרפן. צו פיל אָבער וואַרפן זיי זיך אין די אויגן...).

*ש.* בר עוזיס "יסורים־וועג" איז דורכגעדרינגען מיט דער שרפהנדיקער לײַדנשאַפט — דערטראָגן צו דער פרײַער עפנטלעכקייט זײַן שטוינונג און דערשי־טערונג, דערטראָגן זײַן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער סיסטעם פון באַוווסטזיניקן אומברענגען אומשולדיקע מענטשן.

צי וועט פון דעם די וועלט אַ ביסל קליגער ווערן? דאָס איז שוין אַן אַנדערע פראַגע.

## ייִדיש איז טריף, אַ שיקסע — כּשר

"שלאָף גיכער, מען דאַרף דאָס קישן!" — דאָס איז אַ ייִדיש־איראָניש ווערטל — אַן אויסדרוק פון דער גרויסער נויט און ענגשאַפט, וואָס האָט אַ מאָל באַהערשט דעם ביטערן תחום המושב. פאַראַן אויך אַ גוייִש־סאָוועטישער באַגריף וואָס קומט פון צירקולירנדיקן דאָרט אַנעקדאָט מיטן נאָמען "ניע אַטווליעקאַיסיאַ!" ד. ה. "ווענד זיך נישט אָפּ!" דער אינהאַלט פון יענעם אַנעקדאָט: ביים בעט פון דער שטאַרבנדיקער מוטער זיצט אַ פאַרומערטער, איר טרײַער זון. די מוטער גוססט. פּלוצים עפנט זי די אויגן, דערזעט דעם זון און פרעגט קוים צו הערן: וואָס מאַכסטו, מײַן קינד? — אויף וואָס יענער ענטפערט מיט גרויס זאָרג: מע דאַרף זיך נישט אָפּווענדן, ליבע מוטער!... נישט אָפּווענדן זיך פונעם גוססן, פאַרשטייט זיך.

דער דאָזיקער גרויליקער גוייִשער אַנעקדאָט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, ווען כ'האָב דורכגעלייענט דעם לעצטן נומער פון פּאַריזער זשורנאַל "אויף דער וואַך" אַרויסגעגעבן צו ראש השנה תשמ"ד.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך געהאַט רעספּעקט צו אָט דער אויסגאַבע. מע קען יאָ, אָדער נישט מסכּים זײַן מיט אירע אידעאָלאָגישע אײַנשטעלונגען, דאָך איז דאָס די איינציקע פּעריאָדישע אויסגאַבע אין פראַנקרײַך, אַרויסגעגעבן זויבער, עסטעטיש און מיט אַן עקסטער באַציִונג צו ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, צו ייִדישער קולטור ליטעראַטור און ייִדיש־לשון. דאָס ציט זיך אַזוי זינט איר

גרינדער און ערשטער רעדאַקטאָר — דעם טאַלאַנטפולן זשורנאַליסט שלמה פרידריך ז״ל, וועמענס גוטע טראַדיציעס סע זעצט פאָר אונדזער פריַינד זלמן גאָסטינסקי, צו לענגערע יאָר.

אויף דעם לעצטן ניַי־יאָר־נומער האָב איך געבלעטערט מיט גרויס אינטערעס און פּלוצים — אוי, אַ בראָך: אין אַ יִדישן זשורנאַל — גאַנצע צוויי אַרטיקלען אין וועלכע מע פּרוווט זיך פאַר דער צײַט מקבר זיַין אונדזער מאַמעניו יִדיש, וועלכע האַלט הייסט עס ביים שטאַרבן. מיט איין וואָרט: ניע אַטווליעקאַיסיאַ!

אויפן ערשטן אַרטיקל פון פאַל זשיניעווסקי (אַ גאַנץ יִדישער נאָמען כ׳לעבן!) לוינט זיך נישט צו פיל אָפּשטעלן — ס׳איז אַ געוויינלעך אַרטיקל, מיר דאַכט פון אַ געוויינלעכן פּאַרטיי־פונקציאָנער אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעכער פּאָפּו־לאַריזאַציע. די אַרבעט זיַינע הייסט ״דאָס יִדישע פאָלק אין יאָר 2000״. ער הייבט אָן מיט דער היַי־יאָריקער יסודותדיקער פאַרשונגס־אַרבעט איבער די דעמאָגראַפישע טענדענצן ביי דער יִדישער באַפעלקערונג אין דער וועלט, וועלכע ס׳האָבן צוזאַמען פאַרעפנטלעכט דער ״אינסטיטוט פאַר הײַנטצייטיקן יודאַיזם״ ביים ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט און דער לאָנדאָנער ״אינסטיטוט פאַר יִדישע פּראָבלע־מען״. דער מחבר רעכנט אויס געטריַי כמעט אַלץ וואָס עס ״דרינגט אַרויס פון דער דאָזיקער פאָרשונג״. איין זאַך ״פאַרגעסט״ ער אָנצוווייַזן: אַז דאָרט ווערט אויף פעסטגעשטעלט, אַז יִדיש איז ביי היינטיקן טאָג די צווייטע שפּראַך מיט וועלכע יִדן באַנוצן זיך אין די גלות־לענדער (אויפן ערשטן פּלאַץ איז ענגליש). ס׳וויַיזט זיך אָבער שפּעטער אַרויס, אַז ער האָט ניט נאָר נישט פאַרגעסן די דאָזיקע דעטאַל, נאָר פאַרקערט — זי בריט און בראָט אים ביז צו דער לעבער. אַנדערש וואָלט ער דאָך ניט דערמאָנט מיט אַזוי פיל גרימעניש, אַז צווישן אַלע צרות וואָס דראָען אונדזער נאַציאָנאַלן קיום, געפינט זיך אויך אַזאַ ״אומגליק״ פאַרן פאָלק און ציוניזם, ווי ״די עקשנות לגבי יִדיש אין דער קולטור־ירושה פון פאַרשווונדענעם יִדנטום״...

אָבער, מילא, וואָס קען מען דערוואַרטן פון אַ פאַל זשיניעווסקי, פאַר וועמען יִדיש איז מסתמא תמיד געווען אַ טויט־פרעמד באַשעפעניש.

אָן אַנדער זאַך איז מיטן אַלטן גוט־באַקאַנטן יִדישן זשורנאַליסט פון לאָנדאָן שמואל גאָלדשמידט. זיַין מאמר ״איך רעד צו דיר מיט שכל״... הייבט ער טאַקע אָן מיטן פּסוק: אני מדבר אליך דברים של טעם ואתה אומר לי מן השמים ירחמו... און דעם מחבר קומט אפילו ניט אין זינען אַז דער אָנהייב פון אָט דעם פּסוק אין זיַין יִדישער איבערזעצונג ״איך רעד צו דיר מיט שכל״... קלינגט אין געגעבענעם קאָנטעקסט פּונקט אַזוי ״מענטשלעך״ און ״רעאַליסטיש״ ווי דער גוייִשער ״ניע אַטווליעקאַיסיאַ״. ד׳ה׳ מאַמע־לשון, דו שטאַרבסט — שטאַרב! און אויב דו ווילסט זיך ״איַינרעדן אַז אונדזער נעכסטער דור וועט רעדן יִדיש און לייענען יִדיש — איז עורבא פרח״. — ווענד זיך נישט אָפּ, ליבע מוטער, זעץ פאַר שטאַרבן...

ר׳ שמואל גאָלדשמידט איז נישט עפּעס אַ פאַל זשי. ״נישט לאַנג צוריק, — זאָגט ער, — האָט איינער אַ שוטה מיך באַשולדיקט אַז איך האָב ״פיַינט יִדיש״

בעצם — זאָגט ער — האָב איך זייער ליב ייִדיש און אַז איך האָב אַ געלעגנהייט צו שרײַבן ייִדיש, אָדער רעדן ייִדיש, בין איך זייער צופרידן"... ער דערציילט אויך, מיט גרויס עניוות ("אני הקטן"), אַז ער האָט אַ מאָל איבערזעצט אויף ייִדיש ביאַליקס "שירתי" און יענער — זאָגט ער — האָט אים געגעבן דערפֿאַר אַ קוש. "נאָכדעם — זאָגט ער — קומט אַ שוטה און באַשולדיקט מיך, אַז איך האָב פֿײַנט ייִדיש"...

דער שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות, איז אוודאי מסכים מיט שמואל גאָלדשמירט, איך געהער נישט צו יענע "שוטים" און באַשטעטיק: יאָ, ער האָט ליב ייִדיש! פֿאַרוואָס זאָל ער ניט ליב האָבן קיין ייִדיש? — דאַרפֿן דען אַנטיסעמיטן ניט ליב האָבן קיין שייגע ייִדישע ווײַבלעך אָדער ייִדישע געפֿילטע פֿיש? האָבן זיי דען נישט צווישן זייערע בעסטע פֿרײַנד אויך ליבהאָבער פֿון ייִדיש?

יאָ, ער האָט טאַקע ליב ייִדיש, ר' שמואל גאָלדשמידט, נאָר וואָדען? "מען דאַרף — זאָגט ער — אונטערשיידן צווישן נאָסטאַלגיע און רעאַליטעט, צווישן חלומות אוןווירקלעכקײַט". דאָ, זעט איר, האָב איך שוין דעם חשובן זשורנאַליסט, ממש געכאַפּט פֿאַר דער האַנט: סטאָפּ! — פֿון זינט ווען זענען דאָס ציונים געוואָרן אַזעלכע טרוקענע "רעאַליסטן"? ווערט דען דער ציוניזם ניט־פֿאַרווירקלעכט אַ דאַנק אונדזער דורותדיקער נאָסטאַלגיע און אַ דאַנק אונדזערע פֿלאַמפֿײַערדיקע בעלי חלומות? די "רעאַליסטן", ווייסן מיר, זענען געפֿאַרן "מאַכן אַ לעבן" צווישן גויִים אין אַמעריקע און די "נאָסטאַלגיסטן" — בויען אַ לעבן פֿאַר ייִדן אין ארץ ישׂראל.

אונדזער יצחק קאָרן, זאָל לעבן, מיט וועמען גאָלדשמידט פּאָלעמיזירט, איז קיין מאָל נישט געגאַנגען מיטן "רעאַליסטישן" שטראָם סײַ אין זײַנע ציוניסטישע טעטיקייטן אין רומעניע און אין ישׂראל סײַ אַצינד, אין זײַנע באמת דינאַמישע באַמיִונגען אויסצוהיטן און ווײַטער אַנטוויקלען ייִדיש־לשון אין ייִדישע קולטור — אונדזערע גרעסטע "גלות־ווערטן" פֿאַר די לעצטע טויזנט יאָר! ביי אונדזער שווערסטן מצב איז דאָס אוודאי אַן אַרבעט "קעגן שטראָם". ס'איז אָבער נישט קיין ברכה לבטלה!

און צוריק גערעדט, לאָמיר זאָגן, אַז גאָלדשמידט איז טאַקע גערעכט: "יצחק קאָרן האָט גערעדט... פֿאַר עלטערע מענטשן וועגן דער וויכטיקייט און גרויסקייט פֿון ייִדיש" און יענע "האָבן ממש געלעקט די פֿינגער"... אויב טאַקע אַזוי, ווילט זיך מיר פֿרעגן ביי גאָלדשמידן: ר' שמואל, וואָס אַרט עס אײַך אַזוי, פֿאַר וואָס זאָלט איר זײַן אַזאַ בייזער ייִד, וואָס וויל דווקא צורייבן די לעצטע אילוזיעס ביי אַנדערע עלטערע ייִדן? און נאָך מער — אַפּסמען די לופֿט ביי טויזנטער ייִדיש־געברויכער, שרײַבער, קינסטלער, קולטור־בויער — מענטשן, וואָס לעבן זיך ניט נאָר אויס — זיי אָטעמען און שאַפֿן ייִדיש?

אָבער צוריק פֿונעם "צוריק גערעדט" — איז דער הימל נאָך ניט אַזוי בידעריק געפֿאַלן און מיר ענטפֿערן ווידער אויף די "שכלדיקע" פֿינצטערע פּראָגנאָזן פֿון פֿאַרשידענע נביאים־שוואַרצזעער, וואָס אָט שוין אַ גוטע הונדערט יאָר ווי זיי

קומען און גייען זיך אוועק אין זייער רו און ייִדיש איז נאָך ביי הײַנטיקער צײַט, נאָכן שרעקלעכן ייִדישן חורבן אין איראָפּע, אַלץ אויפן צווייטן אָרט צווישן די געברויך־לשונות ביי ייִדן; מיר ענטפערן די דאָזיקע "רעאַליסטן" ניט נאָר "מן השמים ירחמו" (דאָס אויך, ר' שמואל!) — מיר ענטפערן מיט אונדזערע קינדער־עקשנים — די "יוגנטרופניקעס", און אַנדערע יוגנט־קרייזן אין דער ייִדיש־אימפּעריע, וואָס זענען ווײַט ניט קיין עם הארצים סײַ אין דער לאַנדשפּראַך, סײַ אין עברית אָבער דאָס שטערט זיי נישט ליב האָבן און פֿאַרשפּרייטן דאָס ייִדישע וואָרט, דאָס ייִדישע ליד, אַרויסגעבן אַן אייגענע שריפט און פּלאַנען מיט אייגענע שאַפונגען. זיי זענען נאָך דערווײַל אין די צוואַנציקער נאָר ס'קומען צו אַלץ נײַע און נײַע נעמען. אויך די "בילויִצעס" האָט מען געקענט אַ מאָל אויסציילן אויף די פינגער, אויך די ערשטע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן טוליען צו דער מאָסקווער, קיִעווער, ריגער און אַנדערע שילן זענען געווען ווייניק אין צאָל, אָבער פון זיי האָט אָנגעהויבן צו ריזלען דער גרויסער עליה־שטראָם פון די זיבעציקער יאָרן!

נאָך דער שואה איז ייִדיש טראַוומירט, קראַנק, פּונקט ווי סע זענען טראַוומירט און קראַנק די לעבן געבליבענע רעשטן פון מזרח־אייראָפּייִאישן ייִדנטום. אָבער ייִדיש לעבט צוזאַמען מיט אַט די ייִדן.

אומזיסט מאַכט איר, ר' שמואל, אויסצודרייען פון די ייִדיש־פֿאַקולטעטן און לערנקורסן אויף די צוואַנציקער וועלט־אוניווערסיטעטן. ס'איז נישט אַזוי בייזוויליק ווי נאַריש צו פֿאַרגלײַכן דאָס דערלערנען און פֿאָרשן אַ לעבעדיקע און אַ מאָדערנע־שעפערישע קולטור מיט די טויט־קלאַסישע לאַטיין און אַלט־גריכיש.

זײַענדיק פאַר אַ יאָרן אין פּאַריז האָט מען אונדז, מיך און מיין פרוי, פֿאַרבעטן אין איינער אַ גאַנץ גערוימער און געמיטלעכער קאַפע. דאָרט נעמען זיך צונויף צוויי מאָל אין דער וואָך יוגנטלעכע, וואָס האָבן געשטעלט פאַר זיך אַ ציל לערנען און פֿאַרטיפן זייערע קענטעניִשן אין ייִדיש, דאָרט קומען זיי ביי אַ גלעזל טיי אָדער קאַפע און שמועסן זיך דורך, ווי ווײַט מעגלעך, אויף ייִדיש אויך וועגן זייערע פּראָבלעמען אין פראַנקרײַך, אָבער בעיקר וועגן לעבן אין ישראל, וועגן עליה, וועגן אַ ייִדיש, העברעיִש, אָדער פראַנצויזיש־ייִדיש בוך. דאָרט קען מען אויך קריגן אַ ייִדישע צײַטונג, קויפן אַ בוך. (אויך אונדזערע אַלמאַנאַכן זענען געלעגן אויף זייערע טישן.) זיי קומען אַלע אַהער נישט פון קיין ייִדיש־רײדנדיקע היימען און נישט פון קיין ייִדישע שולן!

זיי טרייבט אַהין דער דראַנג צו דערגראָבן זיך צום שורש פון די רוצחיש־אומגעבראַכטע זיידעס און באָבעס.

כ'בין איבערראַשט געווען פון זייער ענטוזיאַזם פאַר ייִדיש, פאַר זייער הייסן אינטערעס און אפילו אַ געוויסע באַהאַוונטקייט אין דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור.

כ'בין נישט אַזוי נאַיִו, כ'זאָל עס באַצייכענען ווי אַ ייִדיש־רענעסאַנס, אָבער... עפּעס איז עס דאָך!...

אמת, זעלטן קומט די דאָזיקע חברה אויף די אַרטיקע קולטור־אונטערנעמונגען און דאָס איז דערפאַר — האָט מיר איינער פון זיי דערקלערט — ווײַל עניגים פון יידישער קולטור, שפּאַנען זיי אײַן, די עלטערן, אין פאַרשידענע פּאַרטייִשע קלײַזל־אינטערעסן...

ס׳ווילט זיך מיר ווידער ציטירן אַ ״פּסוק״־גאָלדשמידט: ״מיר דאַרפן שטרעבן צו צוויי־שפּראַכיקייט: די שפּראַך פונעם לאַנד און העברעאיש. צוויי־שפּראַכיקע יידן אַסימילירן זיך נישט אַזוי גיך, אפילו אין פאַלן פון געמישטע חתונות. אָבער ווי קומט דאָ יידיש אַרײַן?״

ווירקלעך: מיט דער שפּראַך פון לאַנד קען מען זיך קויפן עולם הזה מיט... אַ שיקסע אָדער אַ שייגעץ, מיט עברית — עולם הבא (זיך נישט אַזוי גיך אַסימילירן״) איז ווי קומט טאַקע אונדזער יידיש צו אָט דער מיאוסער גלות־מאַכינאַציע פון וועלן פאַרזאָרגן זיך מיטביידע וועלטן?

און אפשר האָט ער גאָר קיין שום בייזע כוונה, ר׳ שמואל גאָלדשמידט? פשוט אַ ייִד האָט ליב יידיש און, איבער הונדערט און צוואַנציק, וויל ער עס נישט לאָזן אויף אונדזער זינדיקער ערד, נאָר מיטנעמען מיט זיך — סע זאָל אים נישט זיין אַזוי סקיטשנע דאָרט... ער איז דאָך פאָרט אַ רעאַליסט!

# 10 יאָר "ירושלימער אַלמאַנאַך"

מיר פּראַוּוען נישט קיין יובילייען און האָבן בײַ קיינעם נישט באַשטעלט קיין פֿײַערלעכער באַגריסונגען, קיין "דזשינדזשען אין די טאַצן און קיין פּויקן, אַז די פּויק זאָל פּלאַצן". פּשוט מיר לעבן און אונדזער אַלמאַנאַך לעבט און איז איצט אַלט געוואָרן 10 יאָר. מיר לעבן און שאַפֿן און קלײַבן זיך נאָך נישט אָוועקצולייגן אונדזער קלאַפּערגעצײַג, כדי מע זאָל עס שיין מקבר זײַן אין די רײַכע אַרכיוון פֿון ניו־יאָרקער ייִוואָ אָדער פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

דער אמת איז, אַז פֿון סאַמע אָנהייב לעבן פֿון אונדזער אַלמאַנאַך איז דאָס אַ לעבן טראָץ און קעגן דעם אַלגעמיינעם שטראָם און, פֿאַרשטייט זיך, אַ שווער לעבן. מיר האָבן אפֿילו געפּרוּווט אין אָנהייב זיך אַ טוליע טאָן צום פֿאַראיין פֿון ייִדישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן אין ישראל, האָט מען אונדז, איידל גערעדט, אָפּגעשטויסן.

אויך דער קאָמיטעט (הײַנט וועלטראַט) פֿאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור האָט אונדזער דערשײַנען נישט אויפֿגענומען גערן. נאָך לאַנגע עקשנותדיקע אינטע־רווענצן האָט מען אונדז אויסגעטיילט אַ באַשיידענע איינמאָליקע סובסידיע. מיר האָבן זיך געפֿרייט נישט אַזוי מיט דער סימבאָלישער סומע, ווי מיט דער האָפֿענונג, אַז אויך מיר וועלן אײַנגעשלאָסן אין די פּלענער פֿון קאָמיטעט. ס'האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט אַ טײַך. דער קאָמיטעט דערמאָנט אונדז אין זײַנע באַריכטן נאָר, ווען סע קומט אויס אַרויסצושטעלן דערגרייכונגען אויפֿן געביט פֿון ייִדיש־שאַפֿונג. דאָך זענען מיר נישט אַזוי איינזאַם.

אונדז דערמוטיקן די פֿיל הונדערטער לייענער פֿון לאַנד און פֿון די תּפֿוצות. אונדז דערמוטיקט די ייִדישע פּרעסע אין דער וועלט, וועלכע האָט נישט דורכ־געלאָזט קיין איין נײַ דערשיינענעם נומער פֿון אונדזער אַלמאַנאַך אָן קיין אָפּ־האַנדלונג פֿול מיט ליבע און באַוווּנדערונג. אונדז שטיצן (אמת, ווײַט נישט סיס־טעמאַטיש) די ייִדישע אַגענץ פֿון ארץ ישראל, דער קולטור־אָפּטייל פֿון ירושלימער שטאָט־ראַט, דער ייִדישער וועלט־קאָנגרעס, דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס און די ירושלימער ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט. און וואָלט די דאָזיקע שטיצע געקומען צו דער צײַט און באַשטענדיק וואָלטן מיר בכלל פֿון קיין קאַפּווייטיק נישט געוווּסט.

מיר דערמאָנען אין יעדן נומער מיט אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט אַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, אויך די טרײַע לייענערס, וועלכע באַשטײַערן זיך און פֿאַרשפּרייטן אונדזער אויסגאַבע אויף גאָר דער וועלט.

די גאַנצע אַרבעט פֿון רעדאַגירן דעם אַלמאַנאַך, אַרויסגעבן און פֿאַרשפּרייטן ביז פּאַק־אַרבעט און עקספּעדיציע ליגט אויף די פּלייצעס פֿון צוויי־דרײַ משוגעים־עקשנים, וועלכע האָבן אויף זיך פּרײַוויליק, אָן אַ גראָשן באַצאָלטס, גענומען דעם שווערן יאָך. ווען ס'וואָלט זיך אַלץ געווענדעט אין אונדז, וואָלטן מיר מיטן

אַלמאַנאַך געהאַלטן אַ סך ווײַטער ווי דער נומער 15. טראָץ דער הילף און דער שטיצע פון אונדזערע פרײַנד זענען מיר דאָך נישט בכוח אַנצוויאָגן די שטײַגנדיקע פרײַזן פון די הוצאות צו דערשײַנען, ווי מיר וואָלטן דאָס געקענט, אָפטער.

פאַר די 10 יאָר האָבן אין די 15 נומערן (צו 15־16 דרוקבויגן) זיך צו עטלעכע מאָל געדרוקט (אַנדערע אין יעדן נומער) 157 דערציילער, דיכטער, קריטיקער, ליטעראַטור־פאָרשער און פובליציסטן, וועלכע לעבן און שאַפן בעיקר אין ישׂראל אָבער אויך נישט ווייניק אין אַמעריקע, אַרגענטינע, קאַנאַדע, בראַזיל און פראַנקרײַך. מיר האָבן אויך פאַרעפנטלעכט מער באַקאַנטע און ווייניקער באַקאַנטע ווערק פון 28 אומגעבראַכטע אָדער געררודפטע סאָוועטיש־ייִדישע שרײַבערס, ווי אויך איבערזעצונגען פון עברית, רוסיש, פויליש, ענגליש, פראַנצייזיש און דײַטש.

אונדזער ליבער פּראָפעסאָר דב סדן, דער אַלגעמיין אָנערקענטער מומחה אויף די געביטן פון שפּראַך און ליטעראַטור (אין עברית ווי אין ייִדיש) האָט באַצייכנט אונדזער אויסגאַבע גלײַך בײַ איר געבורט, אַלס "איינעם פון די חידושים פון ירושלים".

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט די אָפּרופן פון דער פּרעסע אין דער ייִדיש־וועלט, וועלכע האָט נישט איין מאָל אָפּגעמערקט אונדזער אַלמאַנאַך ווי אַ וויכטיקן און איינציק־אַרטיקן ליטעראַריש קינסטלערישן בײַטראָג צו דער הײַנטיקער ייִדישער קולטור.

וועגן אונדזער טעמאַטישן דיאַפּאַזאָן קען מען זיך אָנשטויסן לויט די נעמען פון די אָפּטיילן אין אַלמאַנאַך ווי, למשל: "קיום" (הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען פון פאָלק און מדינת ישׂראל); "מזמור שיר לירושלים" (וועגן אונדזער אַלט־יונגער ירושלים, עיר הקודש, אונדזער קרוינשטאָט); "לזיכרון" און "מע זאָל עס דערמאָנען אין פריידן" (מעמוארן וועגן געטאָס און לאַגערן), דאָקומענטן פאַקטאָס און אַרכיוו־מאַטעריאַלן. וועגן ווידערשטאַנד און חורבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום, בעת דער אינוואַזיע פון נאַצי־דײַטשלאַנד ווי אויך וועגן סטאַליניסטישן מאַסן־טעראָר בפרט קעגן ייִדישן פאָלק און זײַן קולטור. מיר זענען דער איינציקער ייִדישער זשורנאַל, וואָס באַהאַנדלט גרינטלעך און סיסטעמאַטיש די פּראָבלעמאַטיק פון סאָוועטישן ייִדנטום אין זײַן שווערן מסירת־נפשדיקן געראַנגל פאַרן עצם קיום ווי אַ פאָלק, ווי אויך פאַר אַ פרײַער עליה קיין מדינת ישׂראל.

מיר באַמיִען זיך אויך צו געבן לאַנד־און קולטור־כראָניק.

מיר ווייסן נישט צי סע קומט אונדז אַ קניפּ אין בעקל פאַר דעם אַלעמען, נאָר מיר זענען אַנטשלאָסן פאָרצוזעצן די אַרבעט אין וועלכער מיר האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט. טרײַ און פרײַ פון פּאַרשידענע ענג־פּאַרטייִשע באַגרענעצונגען. דעם טרײַסטן און סאַמע אַקטיווסטן ציוניסט איז אין אונדזער זשורנאַל נישט שווער צו זײַן.... אומפּאַרטייִיש.

צען יאָר און מיר האַלטן נאָך אַלץ פון פאָרנט. מיר זעצן פאָר אונדזער אַרבעט און ווענדן זיך צו אײַך, טײַערע לייענערס, קולטור־בויער, ייִדיש־צענטערס און ייִדיש־אָרגאַניזאַציעס: העלפט אונדז!

## אונדזערע יובילאַרן

אין משך פון יאָר 1983 האָבן מיר פאַרצייכנט פיר יובילייען פון פיר חשובע ישראלדיקע ייִדישע שרײַבערס:

דער דיכטער יאָסל לערנער אָדער יאָסל דער כעלעמער ווי מיר רופן ליב דעם באַסאַראַבער מחבר פון לידערבוך "פון כעלעמער פּינקס" און פון אַנדערע דרײַ ביכער מיט לידער און מעשהלעך אַרויסגעגעבענע אין ישראל, איז געוואָרן מיט מזל אַ בן שמונים עד מאה ועשרים.

דער פּראָזאַיִקער עלי שעכטמאַן, דער מחבר פון גרויסן ווערק "ערב" — די סאַגע פון שבט רוסישע ייִדן, די באַיאָרס, וואָס אַלע זעקס טיילן, אגב, זענען לעצטנס אַרויס אין איין באַנד, איז געוואָרן אַ פינף און זיבעציקער עד מאה ועשרים.

דער ליריקער שלמה רויטמאַן, מחבר פון עטלעכע בענדער פּאָעזיע האָט אונדז לעצטנס מזכה געווען מיט צוויי גרויסע סאָנעטן־בענדער, וואָס דער צווייטער באַנד, וועלכער איז טאַקע דאָ נישט לאַנג אַרויס, טראָגט דעם נאָמען "לירישער אָטעם" און קען דינען ווי דער נאָמען פון אַלע רויטמאַנס ווערק, איז געוואָרן אַ בן שבעים עד מאה ועשרים.

און דער דיכטער אברהם סוצקעווער, דער ייִנגסטער פון "יונג־ווילנע" איז אויך מיט מזל געוואָרן אַ בן שבעים עד מאה ועשרים און איז הײַנט דער ייִנגסטער פון אונדזערע יובילאַרן.

מיר ווינטשן זיי אַלע געזונט און נחת פון זייערע ווערק.

רעדאַקציע "ירושלימער אַלמאַנאַך"

מרדכי דוניץ
סעקרעטאַר פֿון דער יידישער קולטור-געזעלשאַפֿט —
צוותא ביידיש אין ירושלים

## דאָס יידישע קולטור-לעבן אין ירושלים
### (אַן אָפּשאַצונג)

"כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" (דברים ח' ג') איז אָמבעסטן און אָמבולטסטן דעמאָנסטרירט אין לעבן, צווישן דעם ייִדיש-רעדנדיקן און ייִדיש-דענקענדיקן עולם אין ירושלים.

יאָרן-לאַנג האָבן די היגע הונדערטער, אויב נישט טויזנטער ירושלימער ייִדן, שטאַרק באַדויערט וואָס דווקא דאָ, אין דער הויפּט-שטאָט פֿון דער ייִדישער מדינה, ווערט די ייִדישע קולטור און דאָס ייִדישע לשון באַוואולט און איגנאָרירט. זעלטן איז דאָס ייִדישע וואָרט אָפֿיציעל געהערט געוואָרן אין שטאַטישע אינסטיטוציעס און עפֿענטלעכע פּלעצער. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט מען זיך דאַרפֿן באַגנוגענען מיט אַ פֿאָרשטעלונג וואָס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פֿון תל-אביב. מען האָט זיך געמוזט זעטיקן מיט אַ צווייט-ראַנגיקער פּיעסע, זיך קוויקן מיט אַ ביליקן שלאַגער פֿון די "געזעגנגע און טענצע".

דער איינציקער קוואַל פֿון אַן ערנסטן ליטעראַריש-קולטורעלן כאַראַקטער, כאָטש אין אַ באַגרענעצטער מאָס, איז פֿאַר דעם ירושלימער ייִדיש-רעדנדיקן עולם, ווי אויך פֿאַרן גאַנצן לאַנד, די האַלבע ראַדיאָ-שעה אין ייִדיש אויף "קול ישראל" אין אָוונט.

אויך די איינציקע טעגלעכע ייִדישע צײַטונג, וואָס ווערט, לײַדער, געלייענט פֿון אַ קלענער צאָל לייענער, האָט זינט אַ לענגערער צײַט באַזײַטיקט די ליטעראַטור-זײַט.

ייִדיש און די ייִדישע קולטור אין לאַנד וואָלטן זיכער געהאַט אַ סך אַ בעסערע מערכה, ווען די וועלכע זענען נאָך בכוח עפּעס צו טאָן אויף דעם געביט, וואָלטן דעמאָנסטרירט פֿאַר דער עפֿענטלעכקייט אַ מער שטאַנדהאַפֿטיקן גלויבן אין גורל פֿון ייִדיש-לשון און ייִדיש-קולטור אין ישראל.

לײַדער מערקט זיך אָפּט מאָל אין אונדזערע אייגענע רייען אַ געוויסע אַפּאַטיע און געפֿיל פֿון צווייפֿל, צי עס איז דאָ בכלל פֿאַר וועמען צו אַרבעטן (דאָס באַוווּסטע "למי אני עמל?"), צי עס לוינט זיך די מי אָנצוהאַלטן די פּאָזיציע פֿון ייִדיש אין ישראל.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז לחלוטין אַ פֿאַלשער אײַנדרוק. די, וועמען דער גורל פֿון ייִדיש איז טײַער, טאָרן זיך נישט לאָזן פֿאַרפֿירן פֿון שעדלעכע און דעפּיטיסטישע, אַזוי גערופֿענע "טעזעס" און "פּראָגנאָזעס" פֿאַר דער צוקונפֿט.

דאָס, וואָס עס האָט זיך אַנטוויקלט בײַ אונדז אין ירושלים, פאַר די לעצטע 12 יאָר לגבי ייִדיש און ייִדישער קולטור, קען זיכער עדות זאָגן אויף אַן אינטענסיוון און וואַקסנדיקן אינטערעס פון הונדערטער ייִדן, פון פאַרשיידענעם עלטער, וואָס זוכן צו באַפרידיקן זייער דורשט און הונגער מיט אַ לעבעדיקן און ריין־קולטורעלן ייִדישן וואָרט.

עס איז, אָן צווייפל, אַ דערפרייענדיקע און דערמוטיקנדיקע דערשײַנונג צו זען, ווי הונדערטער ייִדן קומען צו די וועכנטלעכע אונטערנעמונגען פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט — צוותא בייִדיש, און דריקן אויס זייער טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר געבן זיי די זעלטענע געלעגנהייט, צו פאַרברענגען עטלעכע שעה בײַ אַ לעקציע אויף אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער טעמע, אָדער בײַ אַ מוזיקאַליש־קינסטלערישער פּראָגראַם.

ירושלים, ווי דאָס גאַנצע לאַנד ישראל, איז אַ מיקראָקאָזם פון דער גאָרער וועלט, עולים געקומענע פון פאַרשידענע לענדער און קאָנטינענטן. יעדער איינער פון זיי טראָגט מיט זיך זײַן ספּעציפישן, קולטורעלן און שפּראַכלעכן באַגאַזש פון די תפוצות.

ווי געמיטלעך און היימיש עס פילט זיך דער ייִד פון רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע, אַרגענטינע, אַמעריקע, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע און בראַזיל, ווען ער קומט אַרײַן אין זאַל ווו עס הערן זיך די קלאַנגען פון מאַמע־לשון, פון אַ ייִדיש־ליד, פון ייִדישן דערקוויקנדיק הומאָר פון שלום עליכם. דאָס פּנים שטראַלט פון פאַרגעניגן; די אויגן לויכטן אויף פון אַן אינערלעך־עכטן מחיה־זײַן־זיך, אַ מאָל טרויעריק־פאַרבענקט, אַ מאָל טרויעריק־פאַרטרערט . . .

אַ דאַנק דער גרופּע פון די אומדערמידלעכע און איבערגעגעבענע ייִדיש־ליב־האָבער, איז מיט 12 יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים. די גרינדער זענען געווען פון אַ פאַרשידנאַרטיקן אינטעלעקטועלן קאַליבער, פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פאַרגאַנגענהײַט, אַמאָליקער פאַרטייִיש־פּאָליטישער אָנגעהעריקייט, סײַ פון לינקס, סײַ פון רעכטס, רעליגיעזע און וועלט־לעכע, פאַרברענטע ציוניסטן, געוועזענע און נאָך־אַלץ־פאַרעקשנטע ייִדישיסטן. זיי אַלע, פון די פאַרשידענע עקסטרעמען, האָבן זיך "צוזאַמענגעבונדן" אין דעם געמיינזאַמען צוועק, צו שאַפן אין ירושלים, אַ ייִדיש־ווינקל, ווו ייִדיש־רעדנדיקע וועלן זיך קענען דערוואָרעמען מיט אַ ייִדיש וואָרט, אַ ייִדיש ליד, אויסהערן אַ ייִדישע לעקציע אויף אַ ליטעראַרישער טעמע, זיך טרעפן פּנים אל פּנים מיט אַ ייִדישן שרײַבער, דיכטער, שוישפּילער.

פון אַ קליינעם באַגרענעצטן חוג אין פּריוואַטע הײַזער, איז מען מיט דער צײַט אַריבער אין גרעסערע לאָקאַלן, הסתדרות, תל־אור און אין גרויסן זאַל פון היכל־שלמה. די עיריה (די שטאָט־פאַרוואַלטונג), האָט אײַנגעזען די וויכטיקייט פאַר דער גרויסער צאָל בירגער אין די ייִדישע קולטור־אונטערנעמונגען, עס איז געקומען אויך אַ פינאַנסיעלע שטיצע צו דעקן אַ טייל פון די הוצאות און מיט דעם אויך די אָנערקענונג.

אַ שוועסטער־אינסטיטוציע איז אויפגעקומען מיטן נאָמען "צוותא ביִדיש", וועלכע האָט אויך אַנטוויקלט יִדישע קולטור־פּראָגראַמען פאַר אַ קלענערער גרופּע "יִידישיסטן" אין ירושלים.

מיטן אָנקום פון אַ גרויסער צאָל נייַע עולים פון פּוילן און רוסלאַנד, צווישן זיי די שרײַבער און דיכטער ווי ד"ר דוד ספּאַרד, יוסף קערלער, מאיר חרץ, רחל בוימוואָל און זיאַמע טעלעסין, דער שוישפּילער מיכאל בן־אברהם (ווײַנאַפּל) און אַנדערע, האָט דאָס יִדישע קולטור־לעבן אין ירושלים באַקומען אַ פרישן צופלוס פון ליטעראַרישע כוחות און זייער בײַטראַג האָט באַדײַטונגספול באַווירקט די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון יִדיש־קולטורעלן לעבן אין ירושלים.

דער "ד"ר שמואל און רבקה הורוויץ־פאָנד" האָט דערמוטיקט און פינאַנסיעל אַרויסגעהאָלפן אַרויסצוגעבן אַ גרויסע צאָל ביכער פון היגע שרײַבער און דיכטער, אַ פאָנד וואָס איז אין מאַסשטאַב דער גרעסטער אין לאַנד צווישן די פילצאָליקע ליטעראַטור־פּרעמיעס.

דער "ירושלימער אַלמאַנאַך", אַרויסגעגעבן פון דער ירושלימער יִדישער שרײַבער־גרופּע מיט דער מיטהילף פון דער עיריה, יִדישן וועלט־קאָנגרעס, דער יִדישער־קולטור־געזעלשאַפט און אַנדערע וויכטיקע אינסטיטוציעס, האָט זיך אָן קיין שום ספק דערוואָרבן אַ פּראָמינענטן פּלאַץ, ווי אַ ליטעראַרישע טריבונע פאַר שרײַבער און דיכטער פון ירושלים בפרט, פון ישראל און אויסלאַנד בכלל.

אַדאַנק דער איניציאַטיוו און באַמיִונגען פון דער קולטור־געזעלשאַפט ווײַזט דער ירושלימער סינעמאַטעק פילמען אין יִדיש, הונדערטער יִדן קומען צו זען די זעלטענע פילמען, וועלכע מען האָט נאָך געמאַכט אין די פאַרמלחמה׳דיקע פּוילן, סאָוויעט־רוסלאַנד און אַמעריקע.

אַזוי האָט מען געזען אין ירושלים: "גרינע פעלדער" פון פּרץ הירשביין, "דער דיבוק" פון ש. אַנסקי, "יאַנקל דער שמיד" פון ד. פּינסקי, "לאַנג איז דער וועג" מיט ישראל בעקער און לעצטנס אויך "טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם. פאַר יעדן פילם באַקומט דער עולם אַ הקדמה וועגן דעם שרײַבער און דעם באַדײַט פון דעם פילם.

די לעצטע יאָרן, טרעט אויף אַ קליינע גרופּע, מיטגלידער פון דער קולטור־געזעלשאַפט, אין די מתנ"סים, קלובן פאַר פּענסיאָנערן און מרכזי־קליטה, מיט אַ פּראָגראַם פון יִדישע לידער און רעציטאַציעס, וואָס באַגײַסטערט הונדערטער יִדן און גיט זיי די געלעגנהייט צו געניסן פון דעם קוואַל פון די יִדישע אוצרות.

אין לויף פון לעצטן יאָר, זענען פאָרגעקומען צוויי גאָר וויכטיקע געשעענישן אין ירושלימער קולטור־לעבן:

א) די פאַראייניקונג פון דער "צוותא ביִדיש" מיט דער קולטור־געזעלשאַפט;

ב) דאָס באַקומען אַ סטאַבילע היים אין בנין פון נעמ"ת, רחוב שלום־עליכם 10, און דאָס דערעפענען פון דעם "מועדון ביִדיש", מיט וועכנטלעכע קולטור־אונטערנעמונגען.

די פאַראייניקונג פון די צוויי עקזיסטירנדיקע קולטור־אינסטיטוציעס אין שטאָט,

האָט דערמעגלעכט צו קאָנסאָלידירן די היגע כוחות פאַר אַ פאַרשטאַרקטער און אַנגייענדיקער טעטיקייט, וואָך־איַין, וואָך־אויס, מיט הונדערטער באַטייליקטע.

אויך איז ענדלעך געפונען געוואָרן אַ סטאַבילע, אַנשטענדיקע און וואַרעמע היים פאַר דער "צוותא־ביבליאָטעק" אין דער אַלגעמיינער שטאָטישער ביבליאָטעק, ווו די ייִדישע סעקציע פאַרנעמט איצט אַ חשובן פּלאַץ אין ביבליאָטעק־זאַל און די צאָל ייִדיש־לייענער וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

דער "מועדון ביִידיש" אין ירושלים איז אָפן יעדן מאָנטיק נאָכמיטאָג אין דעם פּיַינעם בנין פון נעמ"ת, ווו עס קומען וועכנטלעך הונדערטער ייִדיש־ליבהאָבערס צו הערן אַ ייִדישע לעקציע, אַ ליטעראַרישן סימפּאָזיום, אַ ייִדיש־ליד, אָפּמערקן אַ ייִדישן יום־טוב אויף אַ היימישן אופן, איַינקויפן אַ ייִדיש בוך און דערצו נאָך טרינקען אַ וואַרעם גלעזעלע טיי...

קען דען זיַין אַ ספק, אַז מיר זענען אויפן ריכטיקן וועג, אַז מיר האָבן אויפֿגעבויט אַ ייִדיש־פּאָזיציע אין ירושלים, מיט וועלכער מיר דאַרפן זיַין שטאָלץ און וועלכע מיר דאַרפן פלעגן, שיצן און באַשיצן?

מיר האָפן, אַז מיט נאָך מערער ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט, וועלן מיר בכוח זיַין צו פאַרטריַיבן די "בייזע ווינטן" און "בייזע צינגער" וואָס "זאָגן אונדז אָפּ דאָס לעבן" און פאַראורטיילן די ייִדישע קולטור־און שפּראַך אין ישראל צו טאָטאַלן אונטערגאַנג.

די ברייט־פאַרצוויַיגטע טעטיקייט פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט — צוותא ביִידיש אין ירושלים, פאַרזיכערט, אַז קיין שום ספק, דעם המשך פון דער ייִדישער פּאָזיציע פאַר נאָך מערער יאָרן אין דער צוקונפט.

## ירושלימער ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט

## קולטור־כראָניק

24.20.82 — געדענק־אַקאַדעמיע צו דער 30סטער יאָרצייט נאָך די אומגעבראַכטע ייִדישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד, מיט דער באַטייליקונג פון נשיא־המדינה יצחק נבון, אריה דולצין — סוכנות, יוסף גדיש — סגן ראש העיר פון ירושלים, אברהם האַרמאַן — העברעאישער אוניווערסיטעט, שמאי גולן — העברעאישע שרייבער, אַ. פּאַדריאַטשיק. די סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבער רחל בוימוואַל, זיאַמע טעלעסין, מאיר חרץ און חיים מאַלטינסקי האָבן פאַרגעלייענט לידער פון די אומגעבראַכטע שרייבער. פאַרזיצער פון דער אַקאַדעמיע: חיים פינקעלשטיין. איבער 1500 מענטשן האָבן פאַרפולט דעם גרויסן זאַל פון תיאטרון ירושלים.

22.11.82 אין היכל שלמה — דיסקוסיע אויף דער טעמע: אָפּקלאַנגען צווישן יידן אין די תפוצות צו די פּראָבלעמען אין ישראל. אָנטיילנעמער: פּראָפ' גרשון וויינער, חיים פינקעלשטיין, אריה פירסטענבערג. פאַרזיצער: אברהם בערניקער.

13.12.82 אין היכל שלמה — טראַדיציאָנעלער חנוכה־קאָנצערט מיטן אָנטייל פון ד"ר

יוסף בר־אל פון בר־אילן אוניווערסיטעט וועלכער האָט גערעדט "וועגן חנוכה־מאָטיוון אין אונדזער פאָלקלאָר". חזן מאַזאָוויעצקי האָט געבענטשט די חנוכה־ליכטלעך. דער באַרימטער זינגער און חזן לואיס דאנטא איז אויפגעטראָטן מיט אַ רייכער מוזיקאַלישער פּראָגראַם. פאַרזיצער: מרדכי דוניץ.

17.1.83 אין היכל שלמה — אָוונט מיט אברהם קאַרפּינאָוויטש וועלכער האָט רעפערירט אויף דער טעמע: "ווילנע — אירע קאַלירפולע טיפּן", זכרונות און דערינערונגען. פאַר־זיצער: סימע סקורקאָוויטש.

23.2.83 — יידישער פילם "גרינע פעלדער" פון פרץ הירשביין, אין סינעמאַטעק.

6.3.83 אין היכל שלמה — אָוונט געווידמעט דעם 20סטן יאָרצייט פון ה. לייוויק. אין פּראָגראַם: פּראָפ' דב נוי, פּראָפ' גרשון וויינער, עמאַ שייווער און מיכאל בן אברהם.

31.3.83 אין היכל שלמה — זיבעטע צוטיילונג פון דער סובווענץ פון הורוויץ־פאָנד צו די שרייבער: רחל בוימוואָל און אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן. פייערונג צום דערשיינען פון די צוויי ביכער פון דעם הורוויץ־פאָנד פאַרן יאָר 1982: חיים זיידמאַנס בוך "דער חוב פון זכרון" און פון מאיר חרץ "גרינער ווינטער — לידער, מאַרקולעשט — פּאָעמע".

10.4.83 אין היכל שלמה — יום הזכרון לשואה ולגבורה — 40־סטער יאָרטאָג פון אויפ־שטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד מיט דער באַטייליקונג פון בראָניע קלעבאַנסקי, געטאָ־קעמפערין, אַנקאַ שמיר, און אריה פירסטענבערג, לידער פון געטאָ. פאַרזיצער: מרדכי דוניץ.

16.5.83 אין היכל שלמה — קבלת פנים פאַר פּראָפ' שיקל פישמאַן און זיין פרוי געלע. רעפעראַט פון פּראָפ' פישמאַן א.ד.ט. "אהבת יידיש און שנאת יידיש אין מזרח אייראָפּע". פאַרזיצער פּראָפ' גרשון וויינער.

12.6.83 און זאַל פון "בית ההגנה" אין בית אגרון — באַריכט פון דער ישראל־דעלעגאַציע קיין פּוילן צום 40־סטן יאָרצייט נאָכן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. עס באַטייליקן זיך: ד"ר יצחק ארד, יושב־ראש פון יד־ושם; יצחק קאָרן, פאַרזיצער פון וועלט־ראַט פאַר יידישער קולטור און סיני לייכטער, מיטאַרבעטער פון העברעאישן אוניווערסיטעט. פאַרזיצער: יעקב גוטפריינד.

21.7.83 אין מועדון נעמ"ת רח' שלום עליכם 10 — אָוונט געווידמעט דעם 30־סטן יאָרצייט פון אברהם רייזן. עס באַטייליקן זיך: אברהם ביק, מאיר חרץ, אַנקאַ שמיר און מיכאל בן אברהם. לידער: סימע סורקאָוויץ, אריה פירסטענבערג. ביי דער פּיאַנאָ: ליליען וואַלערשטיין. פאַרזיצער: אברהם בערניקער.

אָנהייבנדיק פון דער דאָזיקע דאַטע דעם 21סטן יולי פירט די יידישע קולטור געזעלשאַפט דורך אַלע אירע אונטערנעמונגען אין איר סטאַבילן אָרט — מועדון נעמ"ת, רחוב שלום עליכם 10, חוץ די יידישע פילמען אין סינעמאַטעק.

18.8.83 — יידישער פילם "יאַנקל דער שמיד" פון דוד פינסקי, אין סינעמאַטעק.

11.10.83 — סימפּאָזיום איבער אַקטועלע פּראָבלעמען אין דער יידישער ליטעראַטור מיט דער באַטייליקונג פון פּרדפ' גרשון וויינער, נחמן ראַפּפּ, מיכאל בן אברהם.

26.10.83 — פאָרטראַג פון דיכטער יוסף קערלער אויף דער טעמע "די יידישע ליטעראַטור אין סאָוויעט־רוסלאַנד". פאָרזיצער: אפרים שעדלעצקי.

21.11.83 — סימפּאָזיום א.ד.ט. "עטישע מאָטיוון אין דער יידישער און העברעיִשער ליטעראַטור", מיטן אָנטייל פון אברהם ביק און פראָפ' גרשון וויינער. פאָרזיצער: יצחק הרכבי.

5.12.83 — חנוכה־מסיבה און פייערונג פון די געבורטסטעג פון דריי פאָרדינסטפולע גרינדער פון דער יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים: חיים זיידמאַן, צו זיין ווערן 85 יאָר אַלט; קלמן וויין, צו זיין ווערן אַ בן שמונים; הרב צבי תבורי, צו זיין ווערן אַ בן שמונים. אויך אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צו חיים ראָזענצווייג, צו זיין אויפגעבן זיין לאַנגיעריקן אַמט ווי דער קאַסירער פון דער געזעלשאַפט. עס באַגריסן, פראָפ' גרשון וויינער, מאיר חרץ און הרב מרדכי קירשבלום. פאָרזיצער: מרדכי דוניץ.

12.12.83 — חודשלעכער ליטעראַרישער סעמינאַר מיט אברהם בערניקער און אברהם ביק א.ד.ט. "שלום־עליכם — זיין לעבן און שאַפן". פאָרלעזונג, אָפּהאַנדלונג, דיסקוסיע.

19.12.83 — באַגעגעניש מיט דעם דיכטער מאיר חרץ. שמועס מיטן דיכטער וועגן זיין פּאָעזיע. אַריינפירוואָרט און פאָרזיץ: אפרים שעדלעצקי.

26.12.83 — "לאָמיר אַלע זינגען אַ זמר'ל" — יידיש־געזאַנג בציבור, אָנגעפירט פון אריה פירסטענבערג, סימע סקורקאָוויטש. ביי דער פּיאַנאָ ליליען וואַלערשטיין.

2.1.84 — "יידיש לעבן אין צענטראַל אַמעריקע" — רעפעראַט פון יצחק הרכבי. פאָר־זיצער: מרדכי דוניץ.

9.1.84 — "שלום עליכם זיין לעבן און שאַפן" — סעמינאַר אָנגעפירט פון אברהם ביק און אברהם בערניקער.

16.1.84 — "לאָמיר זינגען אַ זמר'ל" — יידיש געזאַנג בציבור מיט סימע סקורקאָוויטש, אריה פירסטענבערג און ליליען וואַלערשטיין ביי דער פּיאַנאָ.

23.1.84 — "דער משולח פון דער יידישער פאָלקלאָריסטיק" — לעקציע געווידמעט דעם 120־סטן געבוירן־טאָג פון ש. אַנסקי. לעקטאָר: פּראָפ' דב נוי. פאָרזיצער: אברהם בערניקער.

25.1.84 — יידישער פילם "דער דיבוק" פון ש. אַנסקי, אין סינעמאַטעק.

30.1.84 — באַגעגעניש מיט אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן צום דערשיינען פון איר בוך "ביראָבידזשאַן פון דער נאָענט". פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

6.2.84 — "שלום עליכם זיין לעבן און שאַפן" — חודשלעכער סעמינאַר אָנגעפירט פון אברהם ביק און אברהם בערניקער.

6.2.84 — "שלום עליכם זיין לעבן און שאַפן" — חודשלעכער סעמינאַר אָנגעפירט פון שפּאַנישן בירגערקריג" (דערינערונגען פון אַ פרייוויליקן). פאָרזיצער: יעקב גוטפריינד.

15.2.84 — טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם, יידישער פילם אין סינעמאַטעק.

# ידישער פען-קלוב קלייבט אויס אַ נײַע פֿאַרוואַלטונג

ביי אַ זיצונג, וואָס איז לעצטנס אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו יאָרק פון יידישען פען קלוב, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג. פאַר פרעזידענט איז דער־ווילט געוואָרן דער דיכטער שאול מאַליץ; פאַר וויצע־פרעזידענטן — די שרייבער יהודה עלבערג און משה עטינגער, און פאַר סעקרעטאַרין די נאָוועליסטין עלען לאַנדינסקי. אין דער פאַרוואַלטונג גייען אויך אַריין די שרייבער און דיכטער: א. מ. אַרזשיצער,ביילע גאָטעסמאַן, חיים פלאָט־קין און חנן קיעל.

אַ באַלדיקע אויפגאַבע פאַרן פען קלוב איז צוטיילן פרעמיעס פאַר ביכער, וואָס זענען לעצטנס דערשינען אין יידיש.

דער פען קלוב וועט דורכפירן אונטער־נעמונגען פאַר שרייבער, וועלכע האָבן דעם יאָר אַרויסגעגעבן ביכער. אַזעלכע פייע־רונגען ווערן פאַררעכנט ווי סיומס פאַר די מחברים און ווערן דורכגעפירט מיט גע־העריקע אָפּשאַצונגען פון קאָלעגן שרייבער.

עס איז אויך דאָ אַ טראַדיציע מקבל פנים זיין קאָלעגן שרייבער, וועלכע קומען אויף אַ באַזוך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער יידישער פען קלוב איז אַ מיטגליד פון אינטערנאַציאָנאַלן פען און באַטייליקט זיך אין די מערסטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, וועלכע דער אינטערנאַציאָנאַ־לער פען פאַררופט פון צייט־צו־צייט אין פאַרשידענע לענדער. איינער אַזאַ קאָנגרעס איז פאַרגעקומען אין ישראל טראָץ דער קעגנערשאַפט פון די אַראַבישע לענדער.

ביי אַזעלכע קאָנגרעסן קומט אַלע מאָל אויס דעם יידישן פען־קלוב צו נעמען אַ שטעלונג לטובת מענטשנרעכט אין די דיק־טאַטאָרישע לענדער; די רעכט פון שרייבער צו פובליקירן זייערע ווערק און בכלל פאַר־טיידיקן די אינטערעסן פון יידישער קולטור.

אין גיכן וועלן פאַרטיילט ווערן די פרעמיעס פאַר לעצט־דערשינענע ביכער. מחברים, וועלכע ווילן אָנטייל נעמען אין דעם קאָנקורס, דאַרפן גלייך צושיקן זייערע ווערק צום יידישן פען־קלוב:

YIDDISH PEN CLUB
C/o The Workmen's Circle
45 East 33th St., NYC 10016

## צו די מחברים:

כתב־ידן ווערן אָנגענומען נאָר געדרוקט אויף אַ שרײַב־מאַשינקע (דעם ערשטן עקזעמפּלאַר).

כתב־ידן שוין געדרוקטע אין וועלכער ס׳איז אויסגאַבע — טעגלעכע אָדער פּעריאָדישע — ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט.

נישט קיין אָנגענומענע כתב־ידן ווערן נישט צוריקגעשיקט.

ס׳ווערן אָפּגעמערקט אָדער רעצענזירט בלויז אַזעלכע ביכער, וואָס מע שיקט אַרײַן דירעקט אין רעדאַקציע — ירושלים, שד׳ אשכול 12/6.

# ספאַרד-ביבליאָגראַפיע *

## ״יידישע שריפטן״ — צייטשריפט פאַר ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט
(לויט די ביבליאָגראַפישע רשימות פון ליובאַ בורשטין)

**פּראָזע** (ליטעראַטור־קריטיק, רעצענזיעס און פובליציסטישע אַרבעטן)

1961. וועגן ״וווּנטש־קאָנצערט״ פון סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי. נומ׳ 1, ז׳ 9; 15 יאָר ״יידיש בוך״. נומ׳ 2, ז׳ 8; ״ברוך פון אַמסטערדאַם״ פון ה. סלאָוועס, אין יידישן מלוכה־טעאַטער. נומ׳ 4, ז׳ 19; 15 יאָר יידיש שאַפן אין פאָלקס־דעמאָקראַטישן פוילן. נומ׳ 5. ז׳ 1—2; יעקב ראַטבוים צו זיין 60־טן געבוירנטאָג און 35 יאָר קינסטלערישע אַרבעט, אייניקע שטריכן צו זיין פּאָרטרעט. נומ׳ 6־7, ז׳ 2—3; פערציק יאָר קינסטלערישע אַרבעט פון מאיר מעלמאַן. נומ׳ 6—7, ז׳ 12—13; נאָך דער קאָנפערענץ פון אונדזער בוך און פרעסע. נומ׳ 6—7, ז׳ 20; טעאַטער־נאָטיצן. ״וועגן דער געמיינזאַמער שיף״, וועגן דער באַנייונג פון גאָלדפאַדענס ״חלום״. נומ׳ 8, ז׳ 13; אייניקע באַמערקונגען צו דער דיסקוסיע וועגן דעם קריזיס אין דער דיכטונג. נומ׳ 9, ז׳ 8—9; וועגן אייניקע גרונטיקע פּראָבלעמען ערב דעם צוזאַמענפאָר פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. נומ׳ 10, ז׳ 1, 5; וועגן דעם ליד ״באַבי־יאַר״ פון יעווג. יעווטושענקאָ. נומ׳ 10, ז׳ 14; אייניקע פּראָבלעמען צו דער דיסקוסיע אויף דעם 4־טן צוזאַמענפאָר פון ק.ג.פ. נומ׳ 11—12, ז׳ 5—6;

1962. וועגן אייניקע קולטור־פּראָבלעמען. נומ׳ 1, ז׳ 5; באַזינגער און בונטאַרן. נומ׳ 2, ז׳ 4; אין שייכות מיט דריי נומערן ״סאָוועטיש היימלאַנד״, נומ׳ 3, ז׳ 12; די טעג פון בוך, פרעסע און דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט. נומ׳ 5, ז׳ 1. יאָשקע מוזיקאַנט פון אָסיפּ דימאָוו אין יידישן טעאַטער, רעזשי — חבל בוזגאַן. נומ׳ 7—8, ז׳ 22.

1963. דעם אָנדענק פון ה׳ לייוויק. נומ׳ 1, ז׳ 5; וועגן משה שקליאַרס לידער־זאַמלונג, ״פשוטע ווערטער״. נומ׳ 1, ז׳ 9; צום ערשטן יאָרצייט פון יעקב זאָנשיין (אַ פּאָר ווערטער צו זיין שרייבערישער כאַראַקטעריסטיק). נומ׳ 2, ז׳ 3; וויכטיקע פּראָבלעמען אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון די יידישע לייענער. נומ׳ 6, ז׳ 1—2; אַ פלענום פון וויכטיקער באַדייטונג. נומ׳ 7—8; אויפן ראַנד פון משה שולשטיינס לעצט דערשינען בוך ״גאָלד און פייער״. נומ׳ 9—10, ז׳ 8—9; וועגן דעם בוך ״אויסדרויער״, לידער און פּאָעמען פון פסח בינעצקי. נומ׳ 11, ז׳ 7.

1964. 25 יאָר ״יידישע קולטור״. נומ׳ 2, ז׳ 3; נוסח פוילן (צום 20־טן יאָרטאָג פון פוילנס באַפרייונג). נומ׳ 7—8, ז׳ 1—2; אונדזער זיידע מענדעלע. נומ׳ 12, ז׳ 1, 4; אַ מעלדונג מענדעלען. נומ׳ 12, ז׳ 10; סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ, נישט פאַרקעמטע געדאַנקען. נומ׳ 12, ז׳ 12.

* זע ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ נומ. 13, 14.

1965. וועגן אייניקע גרונטיקע פּראָבלעמען אויפן פּלענום פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד געווידמעט דער יוגנט. נומ׳ 2, ז׳ 1—2; אַ פּראָנט־זעלנער פון דער ערשטער ריי, אַ פּאָר ווערטער צום 60־סטן געבוירנטאָג פון הערשל סמאָליאַר. נומ׳ 5, ז׳ 5; אַ באַלערנדיקע דיסקוסיע, אין שייכות מיטן פילם פּאַפּיאָף (״אַשן״) פון אַנדזשעי וואַידאַ לויט סטעפאַן זשעראָמסקי. נומ׳ 11, ז׳ 2; אידאַ קאַמינסקאַ אין אַ טשעכישן פילם. נומ׳ 12, ז׳ 6. ״שוועסטער״, לויט די ווערק פון יצחק לייבוש פּרץ. דראַמאַטיזאַציע: ליפּע רעזניק, רעזשי: מאיר מעלמאַן. נומ׳ 12, ז׳ 14.

1966. וועגן דער דיכטונג פון דאָרע טייטלבוים אין שייכות מיטן דערשיינען פון איר בוך ״אויפן וועג צום מענטש״. נומ׳ 1, ז׳ 5; פּופּציק יאָר נאָכן טויט פון שלום־עליכם. נומ׳ 5, ז׳ 1.

1967. וועגן ״די פיר צייטן״ פון י. פינער. נומ׳ 2, ז׳ 6; ״ביים פּנקס פון לובלין״ פון משה שולשטיין. נומ׳ 4, ז׳ 7; אַ וואָרט צום 20־יאָריקן יובל פון ״יידיש־בוך״ און ״יידישע שריפטן״. נומ׳ 5, ז׳ 1, 12; צום 60־סטן געבוירנטאָג פון שלמה בעליס. נומ׳ 5, ז׳ 10; פאַר דער פאַרזעצונג און אַנטוויקלונג פון אונדזער שעפערישער אַרבעט. נומ׳ 6, ז׳ 1.

1968. צען ברידער זענען מיר געווען פון ה. סלאָוועס. נומ׳ 1, ז׳ 5; אין אָנדענק פון סילוויאַ סווען, צו איר ערשטער יאָרצייט. נומ׳ 2, ז׳ 13; נאָטיצן וועגן שעפער און ווערק, וועגן אליהו רייזמאַנס ״די שפּראַך פון דיינע אויגן״. נומ׳ 3, ז׳ 4; דער יום־טוב פון אַרבעט, פעלקער־פריינדשאַפט און אינטערנאַציאָנאַליזם. נומ׳ 5, ז׳ 1; נאָטיצן וועגן שרייבער און ווערק: וועגן ״אונדזער גאַס״ פון ז. וועגדראָף. נומ׳ 7—8, ז׳ 14; וועגן יחיאל מאַרס ״פון סאָן ביז סען״, נומ׳ 7—8, ז׳ 14; ר. זינרייק׳ס ערשטלינג ״אין לאָגל פון פיין״, נומ׳ 7—8, ז׳ 14.

(סוף)

---

**דוד ספּאַרד — ״וועגן זיך און אַנדערע״**

אַזאַ בוך דערשייַנט בקרוב בייַם ״ירושלימער אַלמאַנאַך״, אַרויסגעגעבן דורך אַ בוך־קאָמיטעט. ס׳וועט אַנטהאַלטן העכער 500 ז״ז. דאָס בוך באַשטייט פון דעם דיכטערס אייגענער לעבנס־באַשרייַבונג און ליטעראַרישע עסייען, געשריבן בעיקר פאַר די לעצטע 12 יאָר פון זיין שעפערישער טעטיקייַט. רעדאַקציע: אברהם ביק און אפרים שעדלעצקי. סעקרעטאַר: יעקב גוטפרייַנד.

---

## ד״ר לייב קורלאַנד ז״ל

דער פּריצײַטיקער טויט פון ליבן שרײַבער און מענטש ד״ר לייב קורלאַנד ז״ל האָט אונדז אַלעמען שווער געטראָפן און דערשיטערט.

ער איז געבוירן אין יאָר 1913, אין אַ דאָרף לעבן טשענסטאָכאָוו (פּוילן), באַקומען טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג, שפּעטער פאַרענדיקט אַ גימנאַזיע. אָנגעהויבן זײַן שעפערישע טעטיקייט נאָך זײַענדיק אין טשענסטאָכאָוו.

פון 1932 ביז 1937 — שטודירט מעדיצין אין פראַנקרײַך. געאַרבעט אין פּאַריז אַלס מעדיצין-דאָקטער.

בעת דער 2טער וועלט-מלחמה — אָפיציר אין דער פּוילישער שיקאָרסקי-אַרמיי. געדינט פריִער אין לאָנדאָן, שפּעטער אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר באַפרייען אייראָפּע, געווען פאַרוווּנדעט.

נאָך דער מלחמה אַרבעט ער ווידער בײַ זײַן פאַך און איז אַקטיוו אין ליטעראַריש-געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יידישן פּאַריז. אַ צײַט געווען פאָרזיצער פון דאָרטיקן ליטעראַטן-פאַראיין און רעדאַקטאָר פון זשורנאַל ״אונדזער קיום״.

פון 1943 ביז 1965 פאַרעפנטלעכט לייב קורלאַנד פינף ביכער דערציילונגען און ראָמאַנען, אין וועלכע ער שילדערט מיט גרויס צער דעם חורבן און העראָיִזם פון אייראָפּייאישן יידנטום. שפּעטער האָט



דער שרײַבער צוזאַמען מיט זײַן פרוי זיך באַזעצט אין ישראל, ווו ער אָרדנט זיך אײַן אַלס הויפּט-דאָקטער פון די קורבעדער אין טבריה. גאָר גיך ווערט ער באַליבט און פּאָפּולער בײַ טויזנטער זײַנע פּאַציענטן, בעיקר בײַ יידן פון דער שארית הפליטה און בײַ דער אָרומיקער באַפעלקערונג פון גליל.

ער פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אויסגאַבן און פּובליקאַציעס אויפן געביט פון פּראָפילאַקטיק און קוראָרטאָלאָגיע.

דאָך און בעיקר איז לייב קורלאַנד אַ טאַלאַנטפולער יידישער פּראָזע-שרײַבער. איינס נאָכס אַנדערן דערשײַנען זײַנע ביכער אין פרץ-פאַרלאַג: **בײַ די ברעגן פון כנרת**, דערציילונגען, 1973 (שפּעטער איבערזעצט אויך אין עברית); **צעקלונגענע שעהען** — דערציילונגען, 1975; **שרונה** — ראָמאַן, 1977 (אויך איבערזעצט אין עברית); **אויף דער גרענעץ** — דערציילונגען, מיניאַטורן, 1979, און זײַן ראָמאַן — **אַ שמאָלע בריק**, 1981.

דער מחבר אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין די אַלע ביכער אַ רײַכע, פילפאַרביקע געשטאַלטן-גאַלעריע, בעיקר אויפן ראָמאַנטיש-באַהויכטן פאָן פון דער גליל-לאַנדשאַפט — קיבוצניקעס און מענטשן פון מושב, שטאָט-לײַט פון פאַרשידענע יידישע עדות, עולים און ותיקים, מענטשן,

וועלכע שוועבן דורך פאַר אונדז ווי טרויעריקע שאָטנס פון דער שואה און געזונטע לעבנסדורשטיקע סאַברע־יוגנט, צה״ל־זעלנער, אויף וועלכע ס׳ליגט דער עול פון קיום העם... אַראַבער און בע־דויִנער. דאָס שאַרפע אויג פון שרײַבער מײַדט נישט אויס קיין ביטערע פּראָב־לעמען און קאָנפליקטן פון אונדזער דיי־נאַמישן לעבנס־שטייגער. און דאָס אַלץ ווערט געשילדערט מיט ליבשאַפט, טרײַ־שאַפט און מיט אומאויסשעפּלעכן גלוי־בן אין נצח ישראל.

מיר ווייטיקן באַזונדער איבערן פרי־שן אָרון פון ד״ר לייב קורלאַנד ז״ל — פון די ערשטע אַלמאַנאַך־נומערן איז ער געווען צווישן אונדזערע טרײַסטע מחברים און אַרויסהעלפער...

מיר טיילן דעם צער צוזאַמען מיט זײַנע פאַריתומטע פרוי און זון און דריקן זיי אויס אונדזער טיפסטן מיטלײַד.

**רעדאַקציע פון**
**״ירושלימער אַלמאַנאַך״**

## נײַע ביכער

**הלל שאַרגעל** — ״פון זיבעטן ליכט״. לידער און פּאָעמעס. מיט 5 זײַנע אייגענע צייכע־נונגען. פאַרלאַג ״ישראל־בוך״, תל־אביב. תשמ״ג — 1983. 208 זייטן.

**בינם העלער** — ״זיי וועלן אויפשטיין״, לידער. הילע — משה בערנשטיין. פּאָרזען מיטן בילד פון מחבר. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב. 1984. 160 זייטן.

**מאיר הרץ** — ״געקליבענע לידער און גע־צײלטע פּאָעמעס״. הילע און שער־בלאַט: אירית (אירקעלע) פעלמאַן. אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון קרן הזכרון לתרבות יהודית, ניו־יאָרק. פאַרלאַג, אייגנס״, ירוש־לים, תשמ״ד — 1983. 480 זייטן.

**חיים מאַלטינסקי** — ״אין זיבן זונען״. זכרו־נות. הילע פון קינסטלער מולה בן חיים. פאָרזען מיט פאָטאָ־פּאָרטרעט פון מחבר. פאַרלאַג ״גערעאַנגל״, תל אביב, 1983. 300 ז״ז.

**ש. בר עוזי** — ״מײַן יסורים־וועג״. (זכרונות פון די טורמע און־לאַגער־יאָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד). ערשטע טייל. פאָרוואָרט און רעדאַקציע פון יוסף קערלער. טאָוול גע־צייכנט פון מ. אורבאַך. פאַרלאַג ״ביי־לעבן״, תל אביב, 1983. 302 ז״ז.

**יצחק בורשטיין־פינער** — ״צוזאַמען״. לידער. אַריינפיר־וואָרט — משה יונגמאַן. פאַרלאַג ״ישראל־בוך״, תל־אביב, 1983. 96 זייטן.

**י. פינער** — ״צווײ משפחות״. ראָמאַן. דריי־טער באַנד. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1983. 360 זייטן.

## בירנבוים, מאַרטין (מרדכי עזריאל)

געבוירן אין יאָר 1904 (האָראָדענקאַ, מזרח־גאַליציע). געלערנט אין אַ העברעישער און אין אַ פּוילישער שול. בעת דעם ערשטן וועלט־קריג געוווינט אין די בוקאָווינער קאַרפּאַטן, שפּעטער אין אַ היים פאַר קינדער־פּליטים (ווין) און דערנאָך — אין ברין, מערן.

פון 1917 — ווידער אין זיין געבוירן־שטעטל. אין 1920 וווינט ער אין ווין ביזן 1923, ווען ער עמיגרירט קיין ניו־יאָרק, אַרבעט ביי פוטערוואַרג און ענדיקט אַן אָוונט־היי סקול.

די ערשטע לידער געשריבן אין דייטש און פאַרעפנטלעכע אין דער ניו־יאָרקער דייטשער פאָלקס־צייטונג. פון 1929 אָנגע־הויבן שרייבן אויף יידיש. דרוקט זיך אין „פרייהייט", „ניי לעבן", פונקען", „האַמער", „יידישע קולטור". געאַרבעט אַלס יידישער לערער אין די שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן. געווען מיטרעדאַקטאָר פון „סיגנאַלן".

לידער־זאַמלונגען: „ווייזערס", נ"י, 1934; „דער וועג אַרויף", נ"י, 1939; „לידער פון היינט און נעכטן", תל־אביב, 1978.

## סטראַזשאַס, א.

געבוירן אין 1914, אין ווילקאָווישק (ליטע). פאַרענדיקט די קאָוונער רעאַל־גימנאַזיע. אין די יאָרן 1933—1938 שטודירט אויף דעם פאַקולטעט פון הומאַניטאַרע וויסנשאַפטן ביים קאָוונער ליטווישן אוניווערסיטעט (אָפּטיילונג־געשיכטע).

פון 1933 — מיטגליד, שפּעטער — פאַר־זיצער פון דער יידישער סטודענטן־קאָרפּאָ־ראַציע „ביתריה".

אין 1939—1940 געדינט אין דער ליט־ווישער מיליטער־שול פאַר רעזערוו־אָפי־צירן. אין 1941 — עוואַקוירט אין רוסישן הינטערלאַנד און פון פעברואַר 1942 — אָפיציר אין דער ליטווישער דיוויזיע פון דער סאָוועטישער אַרמיי. נאָך אַ הפסקה פון אייניקע מאָנאַטן, (צוליב פּאָליטישן אומ־צוטרוי), ווידער אין דער אַרמיי. געדינט אין אַ רעזערוו־באַטאַליאָן, שפּעטער אין דער אָפּעראַטיווער אָפּטיילונג פון דער ליט־ווישער דיוויזיע. אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר מעמעל און לעטלאַנד. באַלוינט מיטן אָרדען „פאַטערלענדישער קריג — 2טע מדרגה" און מיט אַ מעדאַל.

פון אויגוסט 1947 — לעקטאָר אין ווילנער פעדאַגאָגישן אינסטיטוט, שפּעטער — אויבער־לעקטאָר און דאָצענט, פּראָפעסאָר און דעקאַן פון דער קאַטעדרע פאַר אַלג. געשיכטע. אין לעניגראַדער גערצען־אינ־סטיטוט באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן. פאַרעפנטלעכט העכער 50 וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויף ליטוויש, רוסיש, דייטש, ענגליש און העב־רעיש.

פון נאָוועמבער 1974 — אין ישראל. פּראָפעסאָר אין חיפער אוניווערסיטעט.

## קיעל, חנן

געבוירן אין יאָר 1910 אין טשענסטאָכאָוו (פּוילן). געלערנט אין אַ העברעיִשער גימ־נאַזיע שפּעטער שטודירט און געענדיקט אַ לערער־סעמינאַר.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — געלעבט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין 1947 — געקומען אין אַמעריקע. לערער אין די ניו־יאָרקער יידישע פאָלקס־שולן.

די ערשטע לידער געדרוקט אין ״צו־קונפט״. פאַרעפנטלעכט לידער און נאָוועלן אין פאַרשידענע קינדער־אויסגאַבעס, אין ״דער אַמעריקאַנער״, ״אונדזער וועג״ און אַנד. אייניקע לידער זענען אַריין אין כרעס־טאָמאַטיעס. ביכער: אין אַלע פאַרבן, פּי־טסבורג, 1971; אַ פּאַסטעך אין דער פרעמד. ב״י 1979. פאַרלאַג ״מתנות״.

## קעניגער, חיים

געבוירן אין יאָר 1917 אין וואַרשע. צו פיר יאָר פאַרבליבן אַ יתום. געלערנט אין חדר, שפּעטער — אין גערער שטיבל ; אַלגע־מיינע בילדונג באַקומען אין אַ העברעיִשער שול אין וואַרשע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט געווען פאַרשיקט אין אַ לאַגער נעבן אַרכאַנ־געלסק. סוף 1946 — רעפּאַטריאירט קיין פּוילן, פון דאָרט — אומלעגאַל מיט אַ קוילן־שיף פאַרפאָרן קיין שוועדן, שפּעטער זיך באַזעצט אין פּאַריז.

געדרוקט זיך פריער און ליטעראַרישע זשורנאַלן אויף פּויליש, אויך פון זיינע יידישע שאַפונגען (איבערזעצט פון לעאָ־פּאָלד לעווין). יידישע לידער געדרוקט אין ״אונדזער אייגן וואָרט״, ״חשבון״, ״צו־קונפט״.

## ראָגעל, יוסף

געבוירן אין יאָר 1911 (ציעשאַנאָוו, גאַ־ליציע), געלערנט אין ישיבות און פאַר־ענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע. בעת די מלחמה־יאָרן געווען צווישן די אסירים אין טויט־לאַגער אוישוויץ. פון דאָרט באַפרייט געוואָרן אין 1944. פון 1948 — אין קאַנאַדע. ביז 1955 געאַרבעט און גלייכצייטיק שטו־דירט אין ענגלישע קאָלעדזשעס.

אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1929 אין ״צושטייער״ (לעמבערג) פון דאַן פאַר־טראָטן מיט פּאָעזיע אין פאַרשידענע זשור־נאַלן און צייטונגען פון פּוילן, בעלגיע, אַמעריקע, קאַנאַדע, מעקסיקע א.אַנד. אין בוך־פאָרעם : אוישוויץ, לידער — מאָנטרעאָל 1951; אויסגעצייכנט מיט דער צבי קעסל־פּרעמיע.

זיינע לידער זענען אויך דערשינען אין ענגליש.

## שטערן, שלום

געבוירן אין טישעוויץ (פּוילן) אין יאָר 1907. טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג און זעלבסט־בילדונג. אין 1927 עמיגרירט קיין קאַנאַדע. געווען לערער אין די לינקע יידישע שולן פון מאָנטרעאָל. אין 1929 דעביוטירט מיט אַ ליד אין ״אויפקום״. פון דאַן דרוקט ער זיך פּעריאָדיש אין פיל יידישע צייט־שריפטן פון קאַנאַדע, צפון־אַמעריקע, אייראָפּע. שטענדיקער מיטאַרבעטער פון ״קאַ־נאַדער וואָכנבלאַט״, ״יידישע קולטור״, ״זאַמלונגען״, ״מאָרגן־פרייהייט״ (ניו־יאָרק).

פאַרעפנטלעכט אייניקע ווערק אין ענ־גליש. שרייבט אויך ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען, עסייען און מעמוארן.

אין בוך־פאָרם : נאָענטקייט (לידער),

טאראנטא, 1929, פ״ג ״אופגאנג״; עס ליכ־טיקט (לידער), מאנטרעאל, 1941; אינדער־פרי (לידער און פאעמען), מאנטרעאל, 1945 — ״קאנאדער וואכנבלאט״ ; אין קאנאדע (ראמאן אין פערזן), דארטן. ״בוך־קאמי־טעט״, 1960—1963 (צוויי בענדער); דאס ווייסע הויז (ראמאן אין פערזן), ב״י, ״איקוף״ 1967 ; די משפחה אין קאנאדע... (צוויי נאוועלן אין פערזן), דארטן, 1975; שרייבער וואס איך האב געקענט (מעמוארן און עסייען), מאנטרעאל 1982. סע זענען אויך דערשינען צוויי ביכער איבערזעצונגען פון שטערנס לידער אין ענגליש און אין פראנ־צויזיש.

---

## אונדזער הארציקן דאנק

אלע ארגאניזאציעס און פערזאנען, וועלכע האבן מיט זייערע ביי־שטייערונגען געהאלפן ארויסגעבן דעם 15טן נומער פון ״ירושלימער אלמאנאך״ :

| | |
|---|---|
| 1. דעם אמעריקאנער יידישן קאמיטעט אין ישראל (ד״ר בערנארד רעזניקאוו) | 300 דאל. |
| 3. דעם צענטראלן יידישן קולטור־קאמיטעט אין מעקסיקע (פסח ליסקער, יוסף ראטנבערג) | 100 דאל. |
| 4. הרב ד״ר פסח שינדלער (ירושלים) | 100 דאל. |
| 5. דעם זשורנאליסט נפתלי זילבערבערג (פאריז) | 100 דאל. |
| 6. פריינד צבי הערש זינגער (ניו־יארק) | 75 דאל. |
| 7. הרב בנימין פרידבערג (טאראנטא) | 50 דאל. |

ר ע ד א ק צ י ע

# קולטור-כראָניק

**די 18־טע פּאַריזער יערלעכע ליטעראַטור־פּרעמיע צוגעטיילט דער שרײַבערין אסתר ראָזענטאַל־שנײַדערמאַן און דעם שרײַבער יוסף הייבלום; אַן ערן־פּרײַז — דער דיכטערין לאה ביאַטוס.**

די זשורי פון דער פּאַריזער גאָנאָפּאָלסקי־פּרעמיע אין צוזאַמענשטעל פון די שרייבער שלום קלינגער, ל. מאַקאָווסקי און נתן זילבערבערג האָבן איינשטימיק באַשלאָסן דאָס צוטיילן די 18־טן יערלעכע ליטעראַטור־פּרעמיע פאַר ווערק דערשינענע אין יאָר 1982, צו די שרייבער: אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן (ישראל) פאַר איר בוך "אויף וועגן און אומוועגן" (דריטער באַנד, ערשטע טייל), און דעם שרייבער יוסף הייבלום (קאַנאַדע), פאַר זיין בוך "געלעכטער אַן אַ טרער" און אויך אַן ערן־פּרייז דער דיכטערין לאה ביאַטוס (ישראל), פאַר איר לידער־בוך "לייב און לעבן".

דאָס בוך פון אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן געהערט אָן ספק צו די וויכטיקסטע דאָקומענטן וואָס דערציילן אויף אַ הויך־אינטערעסאַנטן אופן, וועגן דער דראַמע פון יידישן קלוטור־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס זי גופא האָט מיטגעמאַכט אַ צאָל יאָרן.

דאָס בוך פון שרייבער און הומאָריסט יוסף הייבלום (קאַנאַדע), איז פול מיט אַ הויכן הומאָר און סאַטירע און געהערט צו די זעלטענע ווערק, וואָס באַווייזן זיך היינט צו טאָג אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס איז ממש פאַרבליבן אָן הומאָריסטן.

אַזוי האָט אויך די זשורי באַשלאָסן צוטיילן אַן ערן־פּרייז דער דיכטערין לאה ביאַטוס (ישראל), פאַר איר פּרעכטיק לידער־בוך "לייב און לעבן", וועמענס פּערזן פאַרמאָגן אַ גאָר הויכן דיכטערישן כוח.

**יחזקאל קאָרנהענדלער**

## צו אונדזערע לייענער

מיט אַלע פראַגן, וואָס שייך דעם "ירושלימער אַלמאַנאַך", בעטן מיר זיך ווענדן, אין דער ערשטער ריי, צו אונדזער פאַרשטייער אויפן אָרט:

**אין תל־אביב און אומגעגנט:**
**פרוי צפורה שרגאַי**
רח׳ מזא״ה 63, ת״א — 65789
טעלעפאָן: 624768 (קלינגען אין די נאָכמיטאָג־שעהן)

**אין חיפה און אומגעגנט:**
**מר שמואל שרגאי**
רח׳ דקר 9, דירה 16, קרית מוצקין — 26430
טעלעפאָן: 700315(04) (יעדער טאָג נאָך מיטאָג)

דערמיט דריקן מיר אויס אונדזער האַרציקן דאַנק דער משפחה שרגאי פאַר זייער פרײַוויליקער הילף בײַם פאַרשפרייטן אונדזער אויסגאַבע ווי אויך די ייִדישע ביכער, אַרויסגעגעבענע אין ירושלים.

ר ע ד אַ ק צ י ע